# אינהאַלט:

זייט

## טענה נומער 1.

### וואָס ווייס מען דאָ פון אַ לעבן?

— עס, אַמעריקע איז גאָר קיין מדינה נישט. אָט נעמט, למשל, צוקער, איז ווו האָט איר דאָ אמתן צוקער, ווי אינדערהיים?

אָט אַזוי האָט זיך צערעדט מיט מיר ביי אַ גלעזל טיי טאַקע מיינער אַ גרינער שוועסטערקינד, הערשל, אַ ייד, וואָס חוץ דעם ים, איז ער שוין אויך אַריבערגעפאָרן די פופציקער.

— דאָס האָט איר, גרינע, בלויז זיך אַזוי איינגערעדט, — פרווו איך זיך אָננעמען דעם כבוד פון קאָלאָמבוסן.

— איר וועט מיך נישט איינרעדן, אַז איך האָב זיך איינגערעדט, — מאַכט הערשל, — וואָס פאַרגלייכט איר צוקער צו צוקער? היימישער צוקער איז טאַקע געווען צוקער און היגער איז גאָרנישט!... אַ היימיש שטיקל צוקער איז, ערשטנס, געווען האַרט, און ווען מען פלעגט עס נעמען אין מויל, איז כאָטש האַלט עס אייביק, פונקט ווי אַן איידעם אויף קעסט, — האָט זיך צעלאַכט מיין שוועסטערקינד.

איך האָב אויך געלאַכט און הערשל האָט געטענהט ווייטער:

— אַי, וואו נעמט מען אַ היימיש שטיקל צוקער! דערפאַר האָט אינדערהיים אַ גלאָז טיי געהאַט אַ טעם גן-עדן, ווייל דער טיי איז אויך געווען נישט קאָלאָמבוסעס — נאָר וויסאָצקיס. די אמתע וויסאָצקיס.

יאָ, וועגן היגן צוקער: איר וועט מיר נישט איינרעדן, אַז עס איז

לגבעדיקער | באַנד. "

צוקער. גלייך ווי מען נעמט אים אין מויל — ווערט ער נישט. איז ער שוין צעגאַנגען, פּונקט ווי אַ וואָך שכירות.

דאָס איז, איר וועט מיך אַנטשולדיקן, לעמעשקע, נישט קיין צוקער. צעקראָכן, ווי דאָס גאַנצע לעבן דאָ, עס האָט קיין ממשות נישט, קיין האַפּט. אָט נעמט די היגע מענטשן, איז פון אויבן אויף, דוכט זיך, זענען די היגע מענטשן געזונט און שטאַרק — אָבער אין תוך אַריין האָט יעדערער וואָס צו טאָן מיטן מאָגן. ווו מען גייט, הערט מען נאָר מאָגן, מאָגן, מאָגן! אָדער גטן זיך מיט דער ווייב, אָדער מאָגן...

הערשל האָט אַ זופּ געטאָן פון גלאָז אַ ביסל טיי, זיך אַ קרים געטאָן און ווייטער גערעדט.

אַי, אינדערהיים איז גאָר געווען אַן אַנדער לעבן!

אָט, למשל, היטלעך צוקער, איז האָט איר עס דען בײַ אײַך?

בײַ אונז אינדערהיים, אַז אַ באַלעבאָס פלעגט אַרײַנגעמען אַ היטל צוקער אין הויז, איז דאָס געווען אַ יום־טוב. אַ היטל צוקער איז נישט קיין פּונטעלע צוקער, עס איז דאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן, אַ רחבות! עפּעס מעשה מענטש! עס איז געווען אַ סימן, אַז מען איז אַ באַלעבאָס און נישט קיין אפּרייטאָר!*)

און דאָ בײַ אײַך איז אָדער זאמד, אָדער שטיקלעך צוקער און נאָך צעקראָכנס דערצו...

בײַ אונז אינדערהיים האָט מען אויך געהאַט שטיקלעך צוקער. אָבער ס'איז אַ גרויסער חילוק ווי מען מאַכט עס: אַ באַלעבאָס, אַ ייִד פלעג נעמען אַ היטל צוקער, אָפּהאַקן אַ שטיק און פון דעם אַליין מאַכן שטיקלעך. און, חוץ די שטיקלעך, איז דאָס געווען אַ שטיקל אַרבעט אויך, מען האָט געוווּסט, אַז מען איז באַלעבאָס פון הויז און מען טוט עפּעס... און ווער רעדט נאָך, אַז מען האָט געהאַקט דעם צוקער אויף אַ מאַשינקע — איז דאָס שוין געווען אַ „חכמה" אויך, מען האָט געדאַפּט היטן די פינגער... אָבער דאָ בײַ אײַך איז דאָך אַלץ פון דאָס גרייטע, מען קריגט אַרײַן אין הויז אַלץ צעהאַקט און צעבראָכט, אַלץ גרייטע: וואַסער, פײַער, צוקער, מילך, דלות... פאַר אַ באַלעבאָס אַ ייִדן איז דאָ נישטאָ וואָס צו טאָן. און דערפאַר אַנטלויפט מען פון הויז. דערפאַר איז מען ווי אַ הונט אין הויז. די ווײַב האָט קיין רעספּעקט נישט...

דאָ, בײַ אײַך, אַז מען וויל טיי, איז אַ דריי דעם קראַן — און איר האָט טיי. און ווייסט איר, ווי איך פלעג אינדערהיים מאַכן טיי?

*) אַן אַרבעטער אויף אַ ניי־מאַשין.

דאשית: געגומען אַן עמער און אַוועק אַליין צום טייך נעמען וואַסער. געקומען צום טייך, האָב איך אויסגעזוכט דעם ריינסטן פּלאַץ, דאָס איז דאָך עפּעס אויף טיי! נאָכדעם געבראַכט דאָס וואַסער און אַריינגעגאָסן אין גרויסן סאַמאָוואַר און גענומען וואַרטן... ס׳איז נישט ווי ביי אייך, אַ שטעל אַוועק דעם בלעכענעם טשייניק, אַ זיד אויף און שוין פאַרטיק טיי! אַ סאַמאָוואַר איז נישט קיין בלעכענער טשייניק, מען דאַרף וויסן ווי מיט אים אַרומצוגיין: קוילן, קינעלעך, פאַנאַנדערבלאָזן. און דער סאַמאָוואַר נעמט זיך צייט, ביז ער הייבט אָן זידן, און וואָס איז דאָ דאָס איילעניש? ס׳איז דאָ גענוג צייט — ס׳איז דאָך נישט אמעריקע! און ווען דער סאַמאָוואַר הייבט אָן זידן, איז, הערט איר, עס גייט אַריבער אַ וואַרעמקייט איבער די ביינער... און ווען עס איז שוין פאַרטיק, איז דאַרף מען אויך צו אים האָבן אַ מאַנספּערשוין. אַ יידענע קען אים נישט נעמען צום טיש. עס איז נישט קיין בלעכענער טשייניק, נאָר אַ סאַמאָוואַר, און מען דאַרף האָבן כּוח אים אויפצוהייבן און וויסן ווי צו טראָגן, מען זאָל זיך נישט אָפּבריען... איר זאָגט, ס׳איז אָנגע־קומען שווער?... אמת! אָבער אַלץ, וואָס קומט אָן גרינג, טויג נישט. דערפאַר טויג עס דאָך ביי אייך נישט דאָס לעבן אין אַמעריקע, ווייל אַלץ קומט דאָ אָן גרינג. גרייטינקע, שמייטינקע, פּע!

אָט נעמט אַפילו כריין. איז אויך אינדערהיים געווען בעסער! אינדערהיים האָט מען געוווּסט וואָס איז לעבן. מען האָט זיך געשטעלט רייבן כריין — האָט מען זיך כאָטש גוט אויסגעוויינט, האָט מען גע־וווּסט, אַז כריין איז נישט קיין מערנצימעס — ס׳איז כריין!

איר הערט, פרייטיק פאַרנאַכט, אַז מען פלעגט זיך שטעלן רייבן כריין, האָט מען געוווּסט, אַז דאָס שמעקט מיט שבת, מיט פיש, אָבער דאָ, מ׳שטיינס געזאָגט, ווער שבת, וואָס שבת? מען ברענגט אַריין אַ פלעשעלע כריין פון גראָסערי*) און ס׳איז נישט זויער און נישט ביטער, עס האָט אַלע טעמים, אָבער נישט דעם טעם פון כריין. עס שמעקט מיט פאַרטיקע, ווי אַלץ דאָ ביי קאָלאָמבוסן. פוי!

מיין שוועסטערקינד האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז טיי, אָפּגערוקט פון זיך דאָס גלאָז מיט אַ ביטול און פאַרענדיקט:

אַי, ווי עס בענקט זיך נאָך די היימישע צוקער! האַרט און בלוי... ווייסט איר גאָר דאָ, אַז אמתער צוקער מוז שלאָגן אין בלויקייט? דאָ ווייסט איר בלויז פון מאַכן איינעם בלויע אויגן... האַ?

*) באַקאַליי־קראָם.

צי, ווי נעמט מען אַ היטל צוקער דאָ! און הערשל האָט דערביי אַ טיפּן קרעכץ געטאָן, אָבער מיט פּיל שטאָלץ און ווירדע, ווי איינער רעדט: וואָס ווייס מען דאָ אין אַמעריקע פון אַ לעבן?

## טענה נומר 2.

### אַמעריקע מיט אירע הייזער.

האָט זיך מיט מיר צערעדט דערזעלבער הערשל וועגן הייזער.

— ווען איך בין דער גרעסטער גביר פון אַמעריקע, קויף איך נישט קיין איין הויז דאָ.

— פאַרוואָס? — ווער איך נייגיריק.

— פאַרוואָס? פאַר גאָרנישט! — מאַכט הערשל. — ווייל אַ הויז אין אַמעריקע איז קיין הויז נישט. ס'איז גאָרנישט.

— וואָס הייסט גאָרנישט? — צעלאַך איך זיך.

— גאָרנישט שבגאָרנישט! — גיט נאָך צו מיין שוועסטערקינד מיט אַ ביטולדיקן מאַך מיטן האַנט. — ביי אייך אין אַמעריקע זענען נישטאָ קיין אמתע הייזער. ווייסן פון הייזער ווייסט מען ביי אונז אינדערהיים. ביי אונז, אַז אַ בעלעבאָס בויט אַ הויז — איז דאָס מיט אַ פונדאַמענט. ביי אייך, דוכט זיך, הייבט מען אָן פון דאַך, פון בוידעם, פון קיין פונדאָמענט האַלט מען נישט...

הערשל האָט זיך אויף אַ ווײַלע ווי פאַרקוקט ערגעץ אין דער ווייט, און נאָכדעם האָט ער ווידער גערעדט:

— צי ווייסט איר גאָר דאָ דעם טעם פון בויען אַ הויז? ווער בויט דאָ אַ הויז, ווי ביי אונז? ביי אייך בויט מען דאָך נישט אויף צו וווינען, נאָר אויף צו ווײַנען, אויף צו רייסן רענט...*) און דערפאַר ווײַנט אַלץ און קלאָגט ביי אייך. ביי אונז אינדערהיים, אַז אַ ייד האָט געוואָלט בויען אַ הויז, איז ער, ראשית, אַליין אַוועק קלייבן די געהילץ פאַר זיין הויז און די געהילץ האָט נישט געקענט זיין אַבי וועלכע. עס

*) דירה־געלט.

האָט געמוזט זיין געלע „סמאַלאָווע“, פעטע. די ריכטיקע. און נאָכדעם, אַז מען האָט שוין געהאַט די געהילץ, האָט מען גענומען קלייבן די בעלי-מלאכות, נישט יעדן פאַרטאַטש-בויער האָט מען גענומען. עס האָט געמוזט זיין אַ בעל-מלאכה, וואָס מען קען אים גוט, וואָס האָט ליב צו מאַכן אַ גוט שטיקל אַרבעט. און נאָכדעם ערשט האָט מען גענומען בויען לאַנגזאַם, נישט געאיילט זיך. ווייל וואָס איז דאָ צו איילן זיך? דאָס הויז איז נישט אויף אַ טאָג און נישט אויף אַ יאָר. אַ הויז מאַכט מען איינמאָל אין לעבן און מען לאָזט עס איבער די קינדער. און ווען מען האָט געהאַלטן ביים דאַך, האָט מען געקליבן די גאָנטע, עס האָט געמוזט זיין די בעסטע, פון די שענסטע, און אַזוי כסדר. און דערפאַר, ווען מען האָט מיט מזל געענדיקט דאָס הויז, איז געווען אַ גרויסע שמחה, אַ חנוכת הבית. עס איז געווען מיט וואָס צו פרייען זיך... אָבער דאָ ביי אייך, מ׳שטיינס געזאָגט, בויט מען דאָך הייזער נישט פאַר זיך, נאָר פאַר יענעם. און מען בויט עס אין דער גרעסטער איילעניש, מען פלעכט עס, ווי להבדיל, ציצית. און ווער קוקט אויפן מאַטעריאַל? און דערפאַר טאַקע טויג עס נישט... נישט מען ווייס פון וואָס עס איז געמאַכט, נישט ווער עס מאַכט עס...

— אָבער, — האָב איך געפרוווט איינוועגדן, — נאָך אַלעמען זענען דאָ אין אַמעריקע אַ פאָר גוטע הייזער אויך...

— ווייס איך וואָס? — ווערט מיין שוועסטערקינד צעקאָכט, — עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! אַט, זאָגט מיר, וואו האָט איר געהערט אין „יוראָפ“, אַז אַ סטעליע זאָל אַרונטערפאַלן? — קיינמאָל נישט! און ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל עס הייסט סטעליע און נישט „סילינג“ און פון סטעליע ביז „סילינג“ איז אַ גרויסע נפקא-מינה, פונקט ווי פון אַ ווייב און אַ מיסיס... פונקט ווי פון אַ רב ביז אַ רעווערענד. עס איז נאָר ביי קאָלומבוסן הערט מען פון סילינגס, וואָס פאַלן איין, און קיינער איז דאָ נישט זיכער מיטן לעבן... איך, ווען איך קום אַריין ערגעץ אין אַ ניי הויז און גיי אַרויס מיט אַ גאַנצן קאָפּ — בענטש איך גומל... גוט אָפּגעשפּילט!

— און די הימלקראַצערס? — פרעג איך ביי אים. — וואָס זאָגט איר וועגן דעם? און די „וואָלוואָירט בילדונג“, וואָס זאָגט איר אויף איר? האַלטן זיי זיך אויך אויף אויף נסים?

— לאַכט נישט, — מאַכט הערשל, — אויך זיי האַלטן זיך מן הסתם אויף נסים. קוקט נישט, וואָס זיי זענען הויך, נישט אַלץ, וואָס איז הויך

איז פּעסט. דאָ איז מען ברוּאות ביי אייך אויף צו פאַרבלענדן די אויגן, מאַכן טורעמס מיט שפּיצן אין הימל, אָבער איך זאָג אייך, אַז מען מעג זיך ריכטן, אַז פּלוצלונג אין אַ שיינעם מיטוואָך זאָלן זיי צעפאַלן ווערן. איך גלויב נישט אין זייער שטאַרקייט. ווייל אַזעלכע הייזער בויט מען נישט פאַר מענטשן, נאָר פאַרן טייוול, און וויבאַלד פאַרן טייוול, מעג מען זיך ריכטן אויף אַלץ. ווייל טאַקע באמת, ווער דאַרף אַזעלכע הייזער?... דאָס איז נישט קיין הייזער, נאָר חוצפּה און נישט מער... מען וויל זיך פאַרמעסטן מיטן רבונו של עולם און אַלע, וואָס פאַרמעסטן זיך מיטן רבונו של עולם, מוזן שלעכט אָפּשניידן.

— עט, רב, הערשל, זאָג איך, — דאָ לאָזט איר זיך שוין גאָר אַריין אין מגידות? —

— און אַז אַ מגיד, — מאַכט ער, — איז וואָס? עס שטייט אייך נישט אָן. און אַז איר רופט עס דאָ אין אַמעריקע „רעדנער", איז בעסער? יע, אָבער מיר זענען אַרונטער פון וועג. מיר האָבן דאָך גערעדט וועגן הייזער. יע, אָט נעמט, למשל, אַפילו אַזאַ זאַך, ווי פּאָדלאָגעס, ביי אייך רופט מען עס פלאָרס. איז פרעג איך אייך: פאַרוואָס סקריפּען אייערע פלאָרס און אונזערע היימישע פּאָדלאָגעס נישט?

— טאַקע פאַרוואָס? — פרעג איך.

— פאַר דאָס, וואָס אונזערע אַ פּאָדלאָגע איז אַן אמתע, אַ ריכטיקע, — האָט זי נישט וואָס צו סקריפּען, אָבער אייערע פלאָרס זענען שלעכט געמאַכט, ווער ווייס פון וואָס, און דערפאַר סקריפּען זיי... זיי דערציילן, פאַרשטייט איר מיך, ווי מען נאַרט אייך אָפּ, ווי אַלץ איז דאָ אַ פוסטער סקריפּ, נישט מער... ניין, איר וועט מיך נישט איינשמועסן, אַז אַמעריקע איז אַ מדינה. עס איז אַ יריד, אָט וואָס עס איז! אויף אַ יריד קומען זיך צוזאַמען פאַרשידענע מענטשן, מען שטעלט אויף באַלאַגענעס אויף שנעל, אויף קיי און שפּיי. מען קויפט, מען פאַרקויפט, מען טומלט זיך אָפּ און גאָרנישט. מען פאָרט אַהיים מיטן בייטשל! אָט וואָס עס איז אייער אַמעריקע!

## טענה נומער 3.

# אַמעריקאַנער פּיס.

איך האָב אַ לאַנדספרוי, איז זי אַ גאַנץ קלוגע יידענע. ביי אונז אין שטעטל איז זי פאַררעכנט פאַר אַ גאַנצע חכמה. איין קליי־ניקייט, וויכנע מנשה־מאָטלס! זי איז שוין אַ פרוי אין די יאָרן, אַ היפּש ביסלעך ברייט און פעטלעך.

דאָס איז פון איר זייט. איך, פון מיין זייט, האָב אַ טבע צו וויינען אויפן העכסטן גאָרן. איז ווען מיין לאַנדספרוי קומט צו מיר אַרויף, סאָפּעט זי ווי אַ צוג, ווען ער דאַרף אַרויף אויף אַ באַרג. און ווען זי רוט זיך אַ קאַפּיטשקע אָפּ, הייבט זי אָן צו רעדן:

— אַמעריקאַנער פּיס! דאָ זענען דען דאָ פּיס? די אמתע פּיס זענען אין יוראָפּ... אַמעריקאַנער פּיס טויגן נישט. אַמעריטשקע, אַז פאַרברענט זאָל זי ווערן!

פּרווו איך אַריינוואַרפן אַ וואָרט צו פאַרטיידיקן אַמעריקעס כבוד:

— וואָס איז דאָ שולדיק אַמעריקע? אין אַמעריקע, ווי אין „יוראָפּ", זענען דאָ גוטע פּיס און שלעכטע פּיס, יונגע פּיס און אַלטע פּיס. פּיס, וועלכע טראָגן אַ מענטשן, און פּיס, וועלכע מען מוז טראָגן!

— איר וועט מיר נישט איינשמועסן, — צערעדט זיך מיין לאַנדס־פרוי, — אַז אַמעריקאַנער פּיס זענען דיזעלבע, ווי די יוראָפּישע. איך פרעג אייך, ווער האָט אינדערהיים געוווּסט פון שוואַכע פּיס? ווער האָבן אינדערהיים געבראָכן די פּיס? און דאָ ברעכט אַלעמען! מילא, מיר ברעכן די פּיס, וועט איר זאָגן: נו, אַן אַלטע סקראַבע, מיט איין פוס שטייט זי שוין אויף אַהינצוצו, — „אָררייט"! אָבער פאַרוואָס ברעכן די פּיס מיין טאָכטער? זי איז דאָך נאָך קיין צוואָנציק יאָר נישט אַלט? אַלעמאָל, גלייך ווי זי קומט פון שאַפּ, באַקלאָגט זי זיך אויף די פּיס... און מיינט איר, זי גייט צו דער אַרבעט צופוס? — זי פאָרט אַלעמאָל! איז פרעג איך אייך: פאַר־וואָס ברעכן איר די פּיס? אָבער דער תירוץ איז: ס'איז אַמעריקע, קומען מעג אויף איר אַ בראָך!

— מן הסתם טראָגט זי ענגע שיך, — פּרווו איך ווייטער פאַר־טיידיקן קאָלומבוסן.

— שיך? — כאַפּט זיך אָן מיין לאַנדספרוי אָן דער טעמע שיך — אָט דאָס טאַקע האָב איך אייך געוואָלט פרעגן — פאַרוואָס האָבן דאָ אין אַמעריקע אַלע צו טאָן מיט שיך? ווער, פרעג איך אייך, האָט אינדערהיים געוווסט פון האָבן צרות פון שיך? מילא, צרות פון קינדער פאַרשטיי איך, צרות פון פּרנסה אויך — אָבער פון שיך!? אינדערהיים האָט מען אָנגעטאָן אַ פּאָר שיך, האָט מען זיי געטראָגן, אַבי נאָר געזונט און יאָרן. און דאָ איז שטענדיק אַן עסק מיט שיך. אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק שיך, שיך... און אַלע קוועטשן און אַלע זענען ענג... ס'איז אַמעריקע! די בעסטע שיך טויגן אויף כּפּרות. איך וועל נישט בייטן אַ היימישן פאַרלאַטעטן שוך אויף אַ היגן אַ נייעם. איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה:

איר ווייסט דאָך, אַז איך לייד אויף די פיס. זינט איך בין געקומען אַהער, לייד איך. באַקלאָג איך זיך פאַר מיינע קינדער. ס'איז מיר שווער אַ טראָט צו טאָן. זאָגט צו מיר מיין עלטערער זון: מאַמע, קום מיט מיר, איך וועל דיך אַריינפירן אין אַ סטאָר*), דאָרט וועט מען דיר צופּאַסן שיך פּונקט פאַר דיינע פיס. אמת, יענע שיך, זאָגט ער, קאָסטן געלט — אָבער זיי זענען ווערט געלט!... זאָג איך: זונעלע מיינער, איך גלויב נישט אין אַמעריקאַנער פיס און אַמעריקאַנער שיך. נאָר, מילא, אַז דו ווילסט, קום, לאָמיר גיין. זענען מיר אַוועק טאַקע אין אַ גרויסער סטאָר, און מען האָט מיר געמאָסטן און מען האָט מיר צוגעפּאַסט, און וואָס מיינט איר, וואָס? דאָסזעלבע! ס'איז שווער אַ טראָט צו טאָן, פּונקט ווי פריער... פּונקט ווי אין די אַלטע שיך. דער חילוק איז נאָר — יענע שיך האָבן געקאָסט זעקס דאָלאַר און די קאָסטן צוועלף דאָלאַר — ס'איז אַמעריקע!

און איך וועל אייך דערציילן אַ שענערע מעשה: מיין זון, אָט דער גאַנצער חכם, וואָס האָט געפּטרט די צוועלף דאָלאַר אויף מיינע שיך, איז ער אַליין האָט אויך וואָס צו טאָן מיט די פיס... ביי אים איז שוין אַן אַנדער צרה: נישט עס קוועטשט, נאָר עס ברענט. גלייך ווי ער קומט אַהיים פון גאַס, איז באַקלאָגט ער זיך: די פיס ברענען. קוק איך אים אָן ווי אַ ווילדן: אַז אויפן האַרצן ברענט, ווייס איך,

*) אַ קראָם.

אַז אַ טעפּל ברענט, ווייס איך — אָבער פּיס? איז דער תירוץ ס'איז אַמעריטשקע, אַז פאַרברענט זאָל זי ווערן!...

מיין לאַנדספרוי רוט זיך אַ ביסל אָפּ, גיט אַ קרעכץ און הייבט אָן זאָגן מוסר:

— שולדיק אין די אַמעריקאַנער פּיס איז ווייסט איר, וואָס? שולדיק איז אין דעם, וואָס מען גייט דאָ נישט אין דעם ריכטיקן וועג, וואָס מען איז דאָ אַרונטער פון דרך הישר. שבת איז דאָ קיין שבת נישט. עלטערן זענען דאָ קיין עלטערן נישט, גאָט קיין גאָט נישט, דאַוונען קיין דאַוונען נשט און דערפאַר זענען דאָ אויך פּיס קיין פּיס נישט. אין אַמעריקע האָט מען אַלץ צעבראָכן — דערפאַר ברעכן דאָ די פּיס. אין אַמעריקע ברענט דער גיהנם — דערפאַר ברענען דאָ די פּיס.

— אָבער איר זעגט דאָך אַ פרומע יידענע, טאָ פאַרוואָס ברעכן אייך די פּיס? — לאַך איך.

— פרום? מ'שטיינס געזאָגט, פרום! — מאַכט מיין לאַנדספרוי. — ווי קען מען אין אַמעריקע זיין פרום, אַז מיינע קינדער אַרבעטן שבת און איך לאָז? אַז פּסח נעם איך מילך ביי גוים און פאַרלאָז זיך אויפן צעטעלע, וואָס זיי קלעפּן אָן. און אַפילו אַז איך קויף פלייש — ווייס איך דען, אַז עס איז כשר? נישקשה, מען עסט זיך אָן מיט געננוג טריפה אין אַמעריקע און דערפאַר קומען דאָ אָפּ די פּיס.

— אָבער וואָס האָט דער רבונו של עולם צו די פּיס? — לאַך איך.

— ווייל פּיס זענען די איינציקע, וואָס מען האָט דאָ, — לאַכט צוריק מיין לאַנדספרוי. — איר האָט דען אין אַמעריקע קעפּ? אַלץ, וואָס מען האָט דאָ, איז פּיס. מען לויפט, מען האַוועט, מען יאָגט. די פּיס טראָגן, און איך פרעג אייך, וואָס טומלט מען זיך אַזוי? וואָס? האַ? — פרעגט זיי בחרם!

## טענה נומער 4.

### אַ לעבן אויפן זייגער.

מיין לאַנדסמאַן משה-בער איז אַ ייד אַ פילאָזאָף און אַ חקרן. מער פון אַלץ אין דער וועלט, אַפילו מער פון טרינקען טיי, האָט ער ליב צו פילאָזאָפירן און חקירהן. אינדערהיים זענען זיינע טעמעס

געווען: ניקאָלײַ, גלות, „נאַטשאַלסטווע”, כאַבאַר א. אַז. וו. אָבער זינט ער איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער זיך גענומען צו אַמעריקע. קאָלומבוסעס מדינה געפעלט אים נישט.

איינמאָל באַגעגן איך אים, און מיר צערעדן זיך וועגן פאַרשידענע זאַכן. ער האָט דאָך צײַט, אײַלט ער זיך נישט, איך אָבער אײַל זיך יאָ. כאַפּ אַלע ווײַלע אַרויס דעם זייגערל און וויל זיך זעגענען.

— די צרה מיט אַמעריקע איז, וואָס דאָ לעבט מען אויפן זייגער און מען האָט קיינמאָל קיין צײַט. נישט אַפילו איר האָט אויך קיין צײַט נישט, — מאַכט צו מיר מײַן לאַנדסמאַן מיט פאַרדראָס.

— איר פאַרשטייט, משה-בער? — ענטפער איך אים.—אַמעריקע איז אַ לאַנד, ווו מענטשן טוען אַרבעט, און אַז מען טוט עפּעס, איז די צײַט טײַער.

— ווייס איך וואָס, איר האָט זיך אײַנגעשמועסט, — מאַכט מײַן לאַנדסמאַן, — אַז איר טוט! אָבער די פראַגע איז, וואָס טוט איר און צו וואָס? פריער יאָגט איר, און נאָכדעם זאָגט איר, אַז די צײַט איז טײַער. ווער בעט אײַך יאָגן?

איך האָב זיך געריסן צוזאַמענגיין, אָבער משה-בער האָט מיך צוגעהאַלטן און האָט זיך צעזקירהט.

— ווען אַמעריקע פרעגט בײַ מיר, וואָלט איך איר געזאָגט: אײַלט זיך נישט! צײַט איז דאָ בײַם רבונו של עולם גענוג! ווער הייסט אײַך קוקן אַלע ווײַלע אויפן זייגערל, קוקט נישט, וועט איר לעבן מער! וואָס איז שייך מיך, הערט איר, האָב איך פײַנט אַמעריקאַנער זייגערס. בײַ מיר קוקט עס אויס, ווי מען לעבט דאָ נישט מיטן רבונו של עולמס רצון, נאָר מיט דעם זייגערס רצון. מען לייגט זיך מיטן זייגער, מען אַרבעט אויפן זייגער, מען שטייט אויף אויפן זייגער, מען קאָכט אויפן זייגער, אומעטום און פאַר אַלץ כסדר זייגער, זייגער, זייגער! מען פאַרקויפט זיך דאָ בײַ אײַך אויף דער שעה און די היגע מענטשן קוקן מיר אויס, ווי חולאים, וועלכע נעמען מעדיצין אויף דער שעה... ס'איז אַ קראַנק לאַנד, אָט וואָס. אָט נעמט די היגע שטרייקן. איז וואָס שטרייקט מען דאָ? נאָר כדי אַרונטערצונעמען בײַם באָס*) אַ שעה! אַ גליק האָט זיי געטראָפן, אַרונטערגענומען אַ שעה! און וואָס, מיינט איר, טוט מען מיט דער שעה? מען פאַריאָגט זי מיט גאָרנישט...

*) באַלעבאָס.

כ'בעט אייך, ווער האָט אינדערהיים געוווּסט פון שעהן? אַ טאָג איז געווען אַ טאָג. פון אַן אויפגאַנג ביז אַן אונטערגאַנג... ווער האָט געקוקט אויפן זייגער? אינדערהיים איז געווען אַ זייגער אויפן וואַנט, אַ גרויסער זייגער און אויך ער פלעגט שטיין מער, ווי גיין.

אָבער ביי קאָלומבוסן איז כסדר זייגערס! יעדעס הויז איז פול מיט זייגערס: איין זייגער אויפן בופעט, איינער אויפן „מענטיל-פיס"*), איינער אין קיך און איינער אין שלאָפצימער. און דערצו האָט יעדער איינער אין הויז אַ קליין זייגערל און, חוצדעם, עטלעכע וועקזייגערס. און ס'איז נאָך ווינציק זייגערלעך אין קעשענע, טאָ נאַ דיר נאָך זייגערלעך אויפן האַנט אויך. דאָס הייסט, מען איז שוין אַזוי פאַרנומען, אַז מען האָט קיין צייט נישט אַוועקצוקוקן, אַרייננשטעקן די האַנט אין קעשענע!

פע, ס'איז נישט קיין מדינה! זייגערלעך זענען דאָ ביליק, אָבער דערפאַר איז דאָ דאָס לעבן אויך ביליק. אינדערהיים אַ זייגער האָט געקאָסט געלט, און אַז עס קאָסט געלט, איז ווערט געלט, און דאָ פאַר אַ דאָלאַר קריגט מען אַ זייגער.

מיין לאַנדסמאַן האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער גערעדט:

— אַז איך דערמאָן זיך, ווילט זיך מיר לאַכן. דאָ קאָכט מען דאָך אַפילו אַ טעפל אויפן זייגער!

און דער סוף? אָדער דאָס פלייש ווערט פאַרבּרענט, אָדער עס איז האַרט. אינדערהיים האָט מען נישט געקוקט אויפן זייגער, ווען מען האָט געקאָכט. מען האָט געזען, אַז דאָס פלייש איז פאַרטיק, איז דאָס געווען דער בעסטער סימן...

איר הערט, און נאָכמער געלעכטער איז, וואָס אַפילו עופהלעך זויגט מען דאָ ביי אייך אויפן זייגער.

מילא, אַ גרויסער, פאַרפאַלן. זיך פאַרקויפט צום זייגער! אָבער צו וואָס איז אַ קינד מחויב צו ליידן פון זייגער?

איך האָב אַ שנור, איז זי אַן אַמעריקאַנערין, דאָס הייסט זי איז נישט קיין היגע געבוירענע, נאָר טאַקע פון אונזער שטעטל, אָבער זי האָט אָנגענומען די מנהגים פון לאַנד, נו, זויגט זי איר פיצעלע אויפן זייגער. קום איך אַריין אַהין, און איינמאָל האַלט איך זיך נישט איין. איך הער דאָס קינד וויאַקעט, וויינט, לייגט איין די

---

*) קאַמין=געזימס.

וועלט, זאָג איך צו איר: דאָס קינד מוז אַוודאי זיין הונגעריק. זאָגט זי: יאָ. זאָג איך: נו, פאַרוואָס זויגסטו עס נישט אָן? זאָגט זי: ס'איז נאָך נישט צייט. עס מוז נאָך וואַרטן צען מינוט. רוף איך זיך אָן צו איר: נאַריש ווייבל, וואָס דו ביזט, זויגט דאָס קינד ביי דיר, צי ביים זייגערל?

עס איז ווילד, משוגע! דאָס קינד וויל עסן — און זי קוקט אויפן זייגער! אַלע דריי שעה, זאָגט זי, גיט זי דעם קינד עסן. פֿי, דאָס קינד ווייס נישט פון זייגער און פון די דריי שעה און וויל עסן? — אַרט עס איר נישט.

אַ משוגענע מדינה אַמעריקע, איר הערט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די לעצטע ווערטער האָב איך שוין געהערט לויפנדיק, ווייל איך האָב זיך פון אים אַרויסגעריסן.

## טענה נומער 5.

### זאָל קאָלומבוס אַזוי האָבן זיין נאָז.

— סטעלניק! ווייסט איר, וואָס איז סטעלניק? — צערעדט זיך מיט מיר מיין שכנס שוויגער, אַ יידענע וואָס האָט נישט פיינט צו רעדן און באַזוכט מיך, ווייל איר איידעם איז קיינמאָל נישטאָ אינדערהיים. ער איז אַ רייזנדער, און איך, פאַרקערט, בין אַ הויזזיצער. און אַ שוויגער, ווי באַקאַנט, מוז האָבן אַן איידעם צו דערגיין אים די יאָרן, איז נישט קיין אייגענער, איז גוט אַ פרעמדער. אַמעריקע האָט דען סטעלניק? זאָל קאָלומבוס אַזוי האָבן זיין נאָז!...

— פאַרוואָס דענקט איר אַזוי? — וויל איך וויסן.

— פאַרוואָס? — ענטפערט מיין שכנס שוויגער מיט גוואַלדיקער ברייטקייט. — ווייל איך ווייס!... איך בין שוין קיין גרינע אין אַמעריקע און איך ווייס, אַז מען קויפט דאָ אַזאַ „פּראָשעק" אין

דראָג סטאָר*) מען צעמישט עס מיט צוקער און מען פֿאַרקויפֿט עס פֿאַר האָניק...

איך שמייכל און זי רעדט ווייטער:

— אַי, ווי נעמט מען אונזער היימישן האָניק! פֿון אים, אַז מען פֿלעגט מאַכן „מאַנדלעך" אויף פּורים, אָדער „פֿאַרפֿעלעך", פֿלעגט עס צוגיין אין מויל, און דער היגער האָניק קלעפּט זיך ווי פֿליגנפּאַפּיר, איר הערט? איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה וועגן די היגע בלאָפֿס: פֿאַראַיאָרן פֿאָרט מיין טאָכטער אין קאָנטרי**), זי פֿאָרט אַלע יאָר אין קאַנטרי, כאָטש איך גיב אייך נישט קיין אויסגעבלאָזן איי פֿאַר אַלע היגע קאָנטריס. די היגע קאָנטריס זענען געמאַכט געוואָרן פֿאַר „באָיעס"***) און מיידלעך. זיי קריגן דאָרט גאָרנישט צו, מען פֿאַרלירט דאָרט, מער ווי מען קריגט... מיין טאָכטער, למשל, קומט יעדן יאָר פֿון די קאָנטרי, אַן אויסגעדאַרטע, אַ פֿאַרחושכטע. פֿאַרוואָס? ווייל אַלעמאָל קריגט זי דאָרט אַ פֿאַרקילונג און דאָס עסן געפֿעלט איר נישט... איז הערט איר אַ מעשה. פֿאַראַיאָרן פֿאָרט זי אין קאָנטרי, איז דאָרט אָפּ אַ פּאָר מאָנאַטן און קומט צוריק, און גלייך ווי זי קומט אַרונטער פֿון מאַשין, רופֿט זי זיך אָן: מאַמע, דו ווייסט, וואָס איך האָב געבראַכט? — פֿרעג איך. — איך האָב געמיינט אַוודאי ווער ווייס וואָס? מאַמע, איך האָב געבראַכט האָניק, אמתן סטעלניק, ווי מען רופֿט עס אינדערהיים.

— פֿונוואַנען קומט אין אַמעריקע סטעלניק? — זאָג איך. — אַ פֿייַן האָט פֿאַרלוירן?

— וואָס הייסט פֿונוואַנען? — באַליידיקט זיך מיין טאָכטער. — איך האָב עס געקויפֿט ביי אַ פֿאַרמער****), אַן אמתער פֿאַרמער!

צעלאַך איך זיך: ערשטנס, טאָכטער, איז אין אַמעריקע נישטאָ קיין אמתע פֿאַרמער און, צווייטנס, קיין אמתערסטעלניק...

כאַפּט מיין טאָכטער און פּאַקט אויס די האָניג און דערלאַנגט עס מיר:

— נאַ, מאַמע, פּאַרזוך!

איך עפֿן אויף, גיב אַ לעק — איך בין אַ מבֿין אויף האָניג — ערשט עס הייבט זיך גאָרנישט אָן... אונזער סירופּ אינדערהיים איז געווען בעסער...

---

*) אַפּטייק. **) דאַטשע. ***) בחורים. ****) אייגנטימער פֿון אַ פֿערמע.

באַליידיקט זיך שוין מיין טאָכטער.

— ביי דיר, מאַמע, טויג דאָך גאָרנישט אין אַמעריקע. אַז איך שווער דיר, אַז עס איז סטעלניק, איך האָב אַליין געקויפט ביי אַ פאַרמער און דער פאַרמער איז נישט קיין יידישער, נאָר אַ גויישער און ער האָט מיר געשוואָרן, אַז דאָס איז אמתער האָניג...

— דאַרף מען דאָך גלויבן אין אַמעריקאַנער שבועות, — זאָג איך צו איר. — מאַלע, וואָס מען שווערט זיך דאָ?

— — אָבער איך האָב אַליין געזען דעם בינשטאָק. דער פאַרמער האָט מיך עס געפירט ווייזן! — זאָגט מיין טאָכטער.

זאָג איך צו איר:

— טאָכטערשי, קאָך זיך נישט. דו האָסט טאַקע געזען אַ בינשטאָק, אָבער האָסטו געזען בינען? אין אַמעריקע, טאָכטער, זענען נישטאָ קיין אמתע בינען, נישטאָ! דאָ בייסן זיך די מענטשן, ווי בינען, אָבער קיין בינען זענען נישטאָ... און אַז עס איז נישטאָ קיין בינען, איז נישטאָ קיין האָניג. אין אַמעריקע, זאָג איך, זענען אַפילו קיין אמתע הינט אויך נישטאָ. אינדערהיים אַ הונט, זעט מען זיין ביסק, און ער בילט, און ער בייסט. דאָ אַ הונט האָט ער אויפן מויל אַזאַ שלאָס און ער בילט נישט און ער בייסט נישט... דער מענטש איז דאָ קיין מענטש נישט און דער הונט איז קיין הונט נישט...

מילא, איז מיין טאָכטער ברוגז געוואָרן און האָט צוגעכאַפּט דעם האָניג און פאַרשטעלט ערגעץ... גלויבט איר, אַז איך האָב נישט רעכט? בין איך דען שולדיק, אַז אין אַמעריקע איז אַלץ בלאָף? אָט נעמט שוין נישט קיין האָניג, נאָר פעפער: איז האָט איר דאָ געזען אמתע פעפער? — ווייס איך וואָס! נישטאָ! אינדערהיים, אַז מען שיט אַריין אַ ביסל פעפער אין די פיש — ווערט עס גלייך ביטער און די פיש האָבן אַ טעם. אָבער קאָלומבוסעס פעפער איז וויפל דו שיסט אים נישט, איז אַלץ ווינציק... און אַז דער פעפער טויג נישט, טויגן שוין אויך די פיש נישט, ווייל פיש גייען נאָכן פעפער. ס'איז ווי מאַן און ווייב, אָבער נישט קיין היגע מאַן און ווייב, ווייל דאָ גייט אויך דער מאַן באַזונדער!...

ס'איז אַמעריקע!

## טענה נומער 6.

### וואָס מילך, ווער בהמה!

זיץ איך אויפֿן לאַנד אויף דער ווערענדע מיט אַן עלטערן יידן. איך און ער און מער קיינער נישט. די יוגנט איז „קאסינאָ״ טאַנצט און זינגט. אַרום איז שטיל, נאַכט. די בערג דרעמלען איינגעהילטע אין זיידענע טומאַנען-שאַלן. דער וואַסערפאַל פאַלט מאָנאָטאָנע, פֿייגעלעך זינגען, די לופֿט איז פֿול מיט ריחות און געווירצן.

איך קוק אויף מיין יידל, ער קרימט זיך. קרעכצט, דרייט זיך אין זיין וויגשטול — צערעד איך זיך מיט אים.

— פעטער, — זאָג איך, — וואָס איז אייך? עפעס נישט גוט?...

— ניין! מאַכט דער ייד זייער גערן. — וואָס איז דאָ שייך גוט אָדער שלעכט?... מיר געפֿעלן סתם נישט די היגע קאַנטריס. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאַנטרי?

— פֿאַרוואָס, — פֿרעג איך, — איז דאָס נישט קיין קאַנטרי?

— פֿאַר שבת! — מאַכט דער ייד זייער שטרענג. — ס'איז נישט! אָט נעמט די מילך פֿון אייער קאַנטרי? איז דאָס מילך? האָט עס דעם טעם? קאָן מען עס פֿאַרגלייכן מיט אמתער היימישער מילך?

— פֿאַרוואָס קאָן מען עס נישט פֿאַרגלייכן? — מאַך איך, — עס איז פונקט אַזוי גוט, ווי יענע. עס איז פֿרישע מילך ערשט פֿון דער קו, מוז עס האָבן אַ טעם!

— וואָס פֿריש, ווער בהמה? וואָס האָט איר זיך איינגערעדט אַ קינד אין בויך? — קוקט מיך דער ייד אָן ווי אַ ווילדן.

— וואָס הייסט, איינגערעדט? — לאַך איך. — גייט אַריין אין שטאַל, וועט איר זען קי.

— און אַז איך וועל זען, איז וואָס? — מאַכט דער ייד און גיט אַ מאַך מיט גרויס ביטול מיטן האַנט. — אַז איך גלויב אַלצאיינס נישט קאָלומבוסן! אַז ביי מיר איז רעכט, אַז דאָס איז אַלץ מאַשינאָווע. אַ מאַשין אַזאַ פֿאַרשטעלט פֿאַר בהמה און עס מעלקט זיך און עס מעקעט...

— אויב איר זענט אַזאַ קליינער מאמין, — לאַך איך, — טאָ קענט איר דאָך אָנטאַפּן... עס איז דאָך נאָך אַלעם אַ גרויסער חילוק צווישן אַ מאַשין און פלייש...

— וואָס אָנטאַפּן, ווער אָנטאַפּן? — קרימט זיך דער. ייד — ס'איז דאָך אַמעריקע. דאָ העלפט נישט קיין אָנטאַפּן. אָט, למשל, נעמט די היגע קישנס, נו איז וועט אייך העלפן טאַפּן? אַז איר גיט אַ טאַפּ, איז, דוכט זיך, אַ היגע קישן פונקט ווי אַ היימישע — אָבער אין אמתן, איז עס נישט קיין קישן, עס איז אָנגעשטאָפּט נישט מיט פעדערן, נאָר מיט שדים ווייסן וואָס...

און דאָסזעלבע איז מיט די היגע בהמות: מען קען אַ טאַפּ טאָן און מען קען מיינען, אַז עס איז פלייש, אָבער אין אמתן קאָן עס זיין אָנגעשטאָפּט מיט שמאַטעס... ווער קען וויסן, מיט וואָס מען שטאָפּט דאָ אָן אַ בהמה?

— און ווי איז מיט די הינער? גלויבט איר אויך נישט אין דעם? — וויל איך וויסן, — עסט איר היגע הינער?

— חס וחלילה! — האָט זיך דער ייד צעשאָקלט מיט די הענט, — איך עס נישט קיין טרפה! ערשטנס: ווער ווייסט, ווער עס האָט דאָ וואָס צו טון מיט דער שחיטה? און, צווייטנס, גלויב איך נישט, אַז עס זענען דאָ אמתע „טשיקן”...

— אָבער, — שמייכל איך, — האָט איר נישט געזען דאָ אויפן הויף אַרומגיין טשיקנס?

— געזען... יאָ, — מאַכט דער ייד, — אָבער איך גלויב נישט... ווער קען גלויבן קאָלומבוסן מיט זיינע קונצן? אַז אַ וואַנט קען דאָ געבן וואַסער און עלעקטריע, און אַז אַ טרייבל קען דאָ רעדן און אַ קעסטל קען דאָ זינגען — איז פאַרוואָס קען דאָ נישט אַ מאַשינקע אַרומגיין, ווי אַ הון?

— אָבער זיי לייגן דאָך אייער?

— זיי קאָנען לייגן אויך,— מאַכט דער ייד. — פאַרוואָס נישט? אויף אַמעריקע פרעגט מען נישט קיין קשיות... מען קאָן לייגן... הענער אַפילו קאָנען דאָ ביי אייך אויך לייגן אייער...

— אָבער, — פּרואוו איך דעבאַטירן, — אויב איר גלויבט, אַז די היגע טשיקנס זענען גאָר מאַשינקעס אַזעלכע, איז ווי אַזוי עסט מען זיי? מענטשן עסן דאָך דאָ טשיקנס?

— פאַרוואָס זאָלן זיי נישט עסן? — רעדט דער ייד גאַנץ

געלאָסן — היגע מענטשן רופט איר אויך זײַן מענטשן? און אַז נישט, ווייסט מען דאָ וואָס מען עסט? מען עסט דען דאָ? — מען שלינגט דאָך! בײַ מיר איז דאָ אַ זון, שוין אַ גרויסער בחור, איז ער קאָלומ-בוסעס אַ קינד. ער איז פֿאַרטאָן אין באַלשפּילן, איז ער ווייסט קיינמאָל נישט וואָס ער עסט.

ער עסט אָפּ זופּ און פֿרעגט דער מאַמען: האָב איך שוין געגעסן זופּ? און אַזוי איז מיט פֿלייש. אַזאַ בחור, ווען איר רוקט אים אונטער דעם טאַטן, עסט ער אים אויך אויף און ווייסט נישט, וואָס ער האָט געגעסן... און איך האָב אַ טאָכטער, איז זי אויך נישט בעסער: אויך זי איז שטענדיק צעטראָגן, פֿאַרשמאַיעט, און עסן עסט זי נאָר שטייענדיק, מיט אַ פּודער-קישעלע בײַ איין זײַט און אַ שפּיגעלע בײַ דער צווייטער... איר עסן איז נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק... איידער זי הייבט נאָך אָן עסן, איז זי שוין אײַנדרויסן און עס קוויטשעט שוין...

— אָבער, — זאָג איך, — פֿעטער, אָלרייט, איר גלויבט נישט אין היגע בהמות, טשיקנס און מענטשן, אָבער אין די בערג, אין די ביימער מוזט איר דאָך גלויבן?!

— פֿאַרוואָס מוז איך? — מאַכט דער ייד גאַנץ ערנסט. — איך בין פֿאַרקויפֿט בײַ קאָלומבוסן? — בערג און ביימער קען מען דאָ אויך מאַכן! אַז מען קען בײַ אייך אין טעאַטער מאַכן ביימער און בערג, טאָ פֿאַרוואָס זאָל אַ פֿאַרמער עס נישט קענען? האַ?

# טענה נומער 7.

## אַ מצרים — נישט קיין לאַנד!

איך האָב די ערע אייך פֿאָרצושטעלן מײַן קרוב פּסח-גדליהן: אַ ייד, אַ יחסן פֿון דערהיים. זײַן כּוח, אַלס יחסן, האָט ער באַוויזן מיט דעם, וואָס ער האָט געקריגן אַ יידן נישט קיין יחסן, וועלכער האָט אים געגעבן פֿאַר זײַן יחוס איינמאָל נדן, און ווען ער האָט דעם נדן געפּטרט, האָט ער אים געגעבן אַ צווייטן מאָל נדן

און נאָכדעם האָט ער געמוזט שוין געבן אַ דריטן מאָל נדן, ביז פּסח-גדליהס שווער האָט דערזען, אַז זיין יחסן איז אַ גרעסערער שלימזל, ווי אַ יחסן, האָט ער אויפגעהערט נדנען און דאַן האָט פּסח-גדליה גענומען זיין יחוס און איז אַוועק מיט אים קיין אַמעריקע.

אָבער אויך דאָ, אין אַמעריקע, האָט מיין פּסח-גדליה זיין יחוס נישט פאַרשוואַכט; און ער איז נאָך אַ גרעסערער שלימזל, ווי אין-דערהיים. ער וואַרפט זיך דאָ אין אַלע זייטן, טוט פאַרשידענע זאַכן: פאַרקויפט עפּעס אַזעלכע „וויגרישנע בילעטן", וועלכע מען ציט קיינמאָל נישט, רעדט שידוכים, וועלכע ער פירט קיינמאָל נישט אויס; איז אַ קאַסירער אין אַ רעסטאָראַן, וואו די קונדן זעצן בלויז די פליגן; איז אַ מסדר קדושין ביי קרובים, וועלכע באַצאָלן אים נישט, און איז אָנגעשטעלט צו זאַמלען געלט פאַר אַ תלמוד תורה, אָבער ער גייט נישט זאַמלען, און נאָך אַזעלכע גאָלדענע פּרנסות. אָבער די הויפּטבאַשעפטיקונג פון מיין קרוב, פּסח-גדליה, איז דאָס זיצן ביי פרעמדע טישן, טרינקען טיי, לייענען צייטונגען, שמועסן פון הויך-פּאָליטיק און קריטיקירן אַמעריקע.

איין זאַך אָבער מוז מען צוגעבן: קיין אַרבעטער איז אונזער פּסח גדליה אין אַמעריקע נישט געוואָרן. קיין שאַפּ נאָך נישט אָנגעקוקט אין די אויגן. דאָס האָט אַמעריקע ביי אים נישט געפּועלט.

און אַמאָל, ביי אַ גלעזל טיי, האָט פּסח-גדליה אַזוי זיך מיט מיר צושמועסט וועגן אַמעריקע:

— איר ווייסט, אַמעריקע, — זאָגט פּסח-גדליה, — וואָלט גאָר געווען נישט קיין שלעכטע מדינה. וואָס שייך עסן, איז דאָ פאַראַן גענוג, ווען נישט דאָס אַרבעטן. ווער האָט עס דאָ איינגעפירט דעם מנהג, אַז מען מוז אַרבעטן? פאַרוואָס מוז מען דאָס אינדערהיים נישט? אמת, אויך ביי אונז אַרבעט מען, אָבער ווער? קבצנים, האָלעדריגעס, אָבער וויבאַלד אַ מענטש איז נאָר אַ שטיקל מענטש — חס וחלילה! וואָס הייסט? ביי אונז אינדערהיים האָט אַ מענטש געקענט גאָרנישט טאָן און דאָך זיין אַ באַלעבאָס אַ ייד. אָבער טויג עס נישט.

— אַט אַרבעט איר דאָך אויך דאָ נישט? — זאָג איך.

— יאָ, איך אַרבעט נישט, — ענטפערט פּסח-גדליה, — אָבער וואָס האָב איך דערפון? דאָ קאָן מען פון ווינט נישט לעבן. ס'איז

אַ פֿאַסקודנע לאַנד. און ווייסט איר, ווער איז שולדיק? טאַקע אונ-זערע יידן, די יחסנים אַליין, וועלכע זענען געקומען אַהער און דאָ געוואָרן אָפּערייטאָרס. ווען זיי מאַכן נישט דעם אָנהייב און טיילן אָפּ דעם בעל-מלאכה פון זיך, וואָלט אויך אין אַמעריקע „אַ נאַש-בראַט" געקענט מאַכן אַ לעבן.

פסח-גדליה האָט אַ געשמאַקן זופּ געטאָן פון גלאָז טיי און גערעדט ווייטער:

— אָט האָב איך דאָ אין אַמעריקע אַ לאַנדסמאַן. פון דער-היים איז ער דווקא אַ פיינער יונגערמאַן, געקענט לערנען, אָבער דאָ איז ער אַן אפּערייטאָר. און די הויפּטזאַך, ער איז נאָך שטאָלץ, וואָס ער רייבט די מאַשינקע! דאָ רעדט ער שוין נישט פון תורה, נאָר פון „באָס", „פּיידע", „סלעק", „רעיז", „אווערטיים"*) — דער מענטש איז פאַרגרעבט געוואָרן. און הערסטו? — ווען איך בין אָנ-געקומען קיין אַמעריקע, בין איך פאַרפאָרן צו דעמדאָזיקן לאַנדסמאַן מיינעם. נו, איז וואָס מיינט איר? גלייך ווי ער האָט נאָר מיך דער-זען, איז אַהאַ! ער האָט זיך דערפרייט: קאָלומבוס וועט צוקריגן נאָך אַן אָפּערייטאָר... און ער האָט מיך גענומען צורעדן גיין אין שאָפּ אַריין. וואָס טויג דיר, פסח-גדליה, די קונצן, זאָגט ער צו מיר. וואַרף אַוועק דעם היימישן יחוס, די היימישע פוסטע גאווה און קום מיט מיר רייבן די מאַשינקע, און דו וועסט זיין אָל-רייט! דערביי האָט ער מיר אַ פאַטש געטאָן אין פּלייצע. איז דאָך דער גליק, וואָס ער האָט דאָ געהאַט צו טון מיט פסח-גדליהן. רוף איך זיך אָן צו אים אַזוי מיט אַ וויץ: רב לאַנדסמאַן, אַלץ יאָ, דאָס נישט! איר קענט מיר איינשמועסן אַרונטערצונעמען דאָס בערדל — אפשר וועל איך דאָס טאָן. איר מעגט מיר אַפילו איינרעדן, אַז אין אַמעריקע מעג מען נאָך אַמאָל חתונה האָבן — אויך דאָס וועט איר אפשר ביי מיר פועלן... אָבער גיין אין פאַבריק — דאָס ניין. ווערן אַן אַרבעטער — לא מיט אַן אַלף! איך האָב פיינט מאַשינעס...

— וואָסזשע וועט איר יאָ טאָן? — מאַכט צו מיר מיין לאַנדסמאַן — וואָס מיינט איר, אַמעריקע איז שניפּישאָק, וואָס מען קען מאַכן אַ לעבן פון ווינט און פון דרייען מיטן שטעקעלע און גיין אין שול דריי מאָל אַ טאָג דאַווענען? דאָ מוז מען אַרבעטן!

זאָג איך צו אים ווידער מיט אַ וויץ: פאַרוואָס קען מען דאָ נישט

*) באַלעבאָס, שכירות, מאנגל אין אַרבעט, הוספה, איבערשטונדן.

מאַכן קיין לעבן פון ווינט? בלאָזן דען קיין ווינטן נישט ביי אייך אין אַמעריקע?

— הכלל: איך וועל אייך, — זאָגט פּסח-גדליה צו מיר. — מאַכן קורץ: איך בין קיין אַרבעטער נישט געוואָרן. מיין לאַנדסמאַן האָט געפּרוּוט מיט מיר איינצוטענהן נאָכאַמאָל, אָבער איך האָב געזאָגט: ניין! און ווי איר זעט, האָב איך אויסגעפּירט. איך בין נישט קיין אָפּערייטאָר, אָבער מודה זיין מוז איך, אַז מיין לאַנדסמאַן איז געווען גערעכט: אַמעריקע טויג נישט! ס'איז נישט קיין מדינה! דאָ מוז מען אַרבעטן, אויב מען וויל מאַכן אַ לעבן!... און אַז איך אַרבעט נישט, מאַכט טאַקע ראָקפעלער אַ לעבן, נישט איך... הייסט, זאָגט אַליין, בין איך גערעכט, צי נישט? אַ לאַנד, וואו אַלע מוזן אַרבעטן, איז קיין לאַנד נישט, איז דאָס אַ מצרים, נישט קיין לאַנד. אַ לאַנד, וואו אַ פּסח-גדליה קען נישט מאַכן קיין לעבן אָן אַ מאַשינקע — טויג נישט! בין איך גערעכט, צי נישט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב געשוויגן, ווייל וואָס האָב איך געקענט ענטפערן, מיין יחסן, פּסח-גדליהן?

## טענה נומער 8.

### גאַסן, וואָס לויפן.

— אַמעריקאַנער גאַסן, אַז פאַרברענט זאָלן זיי ווערן! אָט אַזוי האָט זיך צעטענהט פאַר מיר מיין לאַנדסמאַן ברוך-משה, אַ ייד אַ הייִמישער מלמד, אַ חקרן, וועלכער איז שוין אין אַמעריקע אַ יאָר צען, נאָר ער בלאָנדזשעט נאָך אַלץ — ס'איז דען דאָ ביי דיר גאַסן ווי ביי לייטן, ווי עס באַדאַרף צו זיין? — עס איז אַ פאַרדרייעניש — און נישט מער!

— איר האָט נאָך אַלץ געבלאָנדזשעט, גייענדיק צו מיר? — פרעג איך.

— נאָך ווי געבלאָנדזשעט, — זאָגט ברוך-משה, — שיעור אָן פּים

געבליבן. דאַכט זיך, שוין ביי דיר געווען אַ היבש ביסל מאָל און אַלעמאָל דאַכט זיך מיר אויס, אַז דו וואוינסט אויף אַן אַנדער גאַס... צוויי שעה האָט מיר געדויערט ביז איך האָב זיך דערפרעגט צו דיר!

— אָבער ר׳ ברו־דמשה, — זאָג איך, — פאַרוואָס קוקט איר נישט אויף די „טאַבליצקעס" מיט די אויפשריפטן?

— נו, און אַז איך וועל קוקן וועט דען זיין בעסער? — מאַכט ברוך־משה אַוועק מיט דער האַנט. — וואָס מיינסטו, איך קוק נישט? — איך קוק, נאָר וואָס דען? אייערע אַמעריקאַנער שרייבערייען טויגן נישט! נישטאָ קיין סדר ביי אייך! אויף אַ „טאַבליצקע" איז אָנגעשריבן אי דער נאָמען פון איין גאַס אי דער נאָמען פון אַ צווייטער גאַס — און ווי מיר דאַכט זיך, רוקן זיך די ברעטלעך אויך אום ביי אייך — היינט גיי טרעף!

— איז קען מען דאָך פרעגן? — זאָג איך.

— ביי דיר אין אַמעריקע העלפט דען פרעגן? — לאַכט ברוך־משה. — מען פרעגט טאַקע, אָבער קיינער ווייס דאָך אַלצאיינס נישט. ס׳הייסט יענער מאַכט זיך ווי ער ווייס און ער שיקט אייך אַהין און אַהין — אָבער עס איז אַ נעכטיקער טאָג! און דו מיינסט וואָס? אַמאָל, ווען איך בין נאָך געווען אַ גרינער, האָב איך געגלויבט, וואָס מען זאָגט מיר, און אַז עמעצער פלעגט מיר זאָגן: צייל אָפּ אַזויפיל און אַזויפיל „בלאָק" און דו וועסט קומען צו דער גאַס, וואָס דו דאַרפסט— פלעג איך גלויבן און ציילן, אָבער איך פלעג אומזיסט זיך מטריח זיין... דאָס ציילן העלפט פונקט ווי ציילן „ספירה" צו פרנסה... אָבער איצט גלויב איך שוין נישט, און אַז מען זאָגט מיר: גיי אַהער — גיי איך דווקא אַהין... אמת, אויך דאָרטן טרעף איך נישט, איז כאָטש אויף מיין אייגענער אחריות.

דערווייל האָט מיין פרוי דערלאַנגט צום טיש טיי. ברוך־משה האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז טיי, זיך צעוואַרעמט, אָפּגעווישט דעם שווייס און זיך צורעדט אַסך היימלעכער:

— ערשט איצט ווייס איך, ווי גוט אונז איז געווען אין אונזערע היימישע שטעטלעך! — מאַכט ברוך־משה. — אינדערהיים, ווער האָט עס געוואוסט פון זוכן גאַסן און בלאָנדזשען? אמת, די גאַסן האָבן נישט געהאַט קיין „טאַבליטשקעלעך" — אָבער מען האָט זיי דערקענט אָן דעם אויך... די האָט געהייסן די „בלאָטע־גאַס," ווייל דאָרטן האָט קיינמאָל נישט אויסגעטריקנט די בלאָטע. די — דאָס „בית־עולם־געסל." די — „די

שול-הויף-גאַס". די — „די קלויסטער-גאַס". דער מאַרק. דעם פּריצס גאַס, ס'איז געווען אַ חיות, מען האָט נישט געקענט בלאָנדזשען... אָבער דאָ, ביי דיר אין אַמעריקע, איז צרות: אַלע גאַסן האָבן דאָ איין פּנים, פּונקט ווי אַלע מאָרדעס זענען דאָ גלייך געסקראָבעט. אַלע זענען פון זעלבן שטיין — היינט גיי זיי אַ חכם און דערקען זיי? די צרה מיט דיינע אַמעריקאַנער גאַסן, — מאַכט ברוך-משה, — איז וואָס זיי גייען נישט ווי גאַסן דאַרפן גיין — נאָר זיי „לויפן". ביי דיר לויפן זיי — און פון לויפן קומט קיין גוטס נישט אַרויס: אַז מען לויפט, מוז מען זיך פאַרדרייען. אויף די היגע גאַסן קען מען זאָגן: אל תקרא גאַסן, אלא גנבים — זיי האָבן זיך ליב פּלוצלונג אַרויסצוגנבענען און אַוועק אין אַ הינטער-געסל... זיי זענען געראָטן אין די היגע מאַנסבילן, וועלכע זענען גוט, גוט צו דער ווייב, און פּלוצלונג גנבענען זיי זיך אַרויס כאַפּן אַ קערטל מיט גוטע ברידער... און נישט נאָר, הערסטו, זענען די היגע גאַסן בבחינת מאַנסבילן, נאָר אויך בבחינת נקבה: זיי זענען גלייך צו די היגע ווייבער, וועלכע האָבן ליב צו פאַרדרייען דעם קאָפּ אי זיך, אי דעם מאַן. און אַפילו בבחינת קינדער זענען זיי אויך די היגע גאַסן: פון אויבן אויף, דוכט זיך, זענען די היגע קינדער אַלרייט, פיין, גוט. אָבער פּלוצלונג נעמט עס און עס פאַרקריכט דער טייוול ווייס וואוהין, לויפערס!

עט, עט! ס'טויג נישט! די היגע גאַסן, ווי דאָס גאַנצע היגע לעבן איז אַ כאַפּעניש און אַן אויסכאַפּעניש. נישטאָ קיין אָרנטלעכקייט דאָ, קיין געזעצטקייט, נאָר מען וויל זיך דאָ אַריינכאַפּן אין אַ פרעמדן גבול...

— און אַנטקעגן דעם, וואָס דו זאָגסט, פרעג! ווער דאַרף וויסן מער פון וואָס-ווער-וועמען, ווי אַ פּאָליסמאַן, וועלכער איז שטענדיק אויפן גאַס? — איז הייבט זיך נישט אָן? זאָלן זיי אַזוי וויסן, די פּאָליסלייט ווי צו גבמען אין יד, ווי זיי ווייסן נישט אויף וואָס פאַר אַ גאַס זיי שטייען... מען שטעלט זיי אַוועק, שטייען זיי און דרייען מיטן העלצל... ניין, דו וועסט מיר נישט איינשמועסן: אין דיין אַמעריקע פעלט פאַריאַדאָק, אָרדענונג פעלט דאָ... דיין אַמעריקע איז ווי אַ הויז אָן אַ באַלעבאָסטע...

— און וואָס פאַר אַן אָרדענונג וואָלט איר געמאַכט, ר' ברוך-משה? — פרעג איך.

— איך וואָלט שוין געמאַכט! — מאַכט ברוך-משה און די אויגן

צעגלאַנצן זיך בײַ אים. — ערשטנס, וואָלטן בײַ מיר די גאַסן געגאַנגען, נישט געלאָפֿן. איך האָב סתּם נישט ליב קיין „לויפֿערס“, און געגאַנגען וואָלטן זײַ גלײַך ווי אַ סטרונע. ווילסט זיך פֿאַרקירעווען? — אָבער נישט בײַ ברוך־משהן! און, צווייטנס, וואָלט איך די נעמען פֿון די גאַסן אָנגעשריבן מיט די גרעסטע בוכשטאַבן און טאַקע אין יי ד י ש, פּראָסט מאַמע לשון. ווײַל הערסטו, עס איז נישטאָ קיין בעסערע זאַך ווי מאַמע־לשון... ווײַל צו וואָס דאַרף מען דאָ ענגליש, שמענגליש, אַז בלאָנדזשען, בלאָנדזשען דאָך נאָר ייִדן?...

## טענה נומער 9.

### פֿריינטשאַפֿט אויפֿן טעלעפֿאָן.

איך האָב אײַך די ערע פֿאָרצושטעלן אַ שונא פֿון „האַלאָ“! ער איז אַ ייִד נאָך נישט קיין אַלטער, אַ ביסל אַ צעקנייטשטער, און רעדן רעדט ער, ווי ער וואָלט זיך שרעקלעך געאײַלט, ווי ער האָט זײַער קיין צײַט נישט, כאָטש אין אמתן, ווייס איך, אַז ער האָט גענוג צײַט...

ער האָט בכלל אויך נישט ליב אַמעריקע... פֿאַרוואָס, זאָגט ער, זאָל איך זי ליב האָבן? וואָס האָט פֿאַר אים אַמעריקע געטאָן? געקומען אַהער איז ער אַן אָרעמאַן און איז דאָ אויך אַן אָרעמאַן... נו, איז וואָס? פֿאַר אַנדערע, זאָגט ער, טוט אַמעריקע עפּעס, טאָ זאָלן זײַ איר ליב האָבן... אָבער דערהויפּט, זאָגט מײַן ייִד, האָט ער נישט ליב אַמעריקע פֿאַר דעם „האַלאָ“ מיטן טעלעפֿאָן.

אָט נעמט טאַקע דעם טעלעפֿאָן. אַזוי איז עס אַ קונציקע זאַך, אַ וואונדער — אָבער אין תּוך טויג עס נישט, עס טויג נישט!

אײַער טעלעפֿאָן איז שולדיק, הערט איר, וואָס דאָ איז קיין אמתע פֿריינטשאַפֿט נישטאָ. דער טעלעפֿאָן, וואָס פֿון אויבנאויף גיט זיך עס אויס, איז מקרב רחוקים, דערנענטערט ווײַטע, איז אין תּוך דערווײַטערט ער גאָר...

ווען נישט דער טעלעפאָן, וואָלט אַ פּריינט דאָ געהאַלטן פאַר זויכטיק און נויטיק צו קומען באַזוכן אַ צווייטן, זען וואָס מאַכט מען, אָנקוקן דעם פּנים — אָבער ווייבאַלד מען האָט אַ טעלעפאָן, איז צו וואָס? — באַנוגנט מען זיך מיט אָפּרופן און זאָגן „העלאָו", אין תוך אַרט אים נישט, וואָס דו טוסט און וואָס ביי דיר אין האַרצן טוט זיך. אים איז געגוג. אַז ער הערט דיך זאָגן: „העלאָו".

דער „העלאָו" — דאָס איז דער אַמעריקאַנער סימן פאַר פריינט-שאַפט, ווייטער פון דעם גייט עס נישט!

אָדער אָט נעמט אַזאַ זאַך: מען ווערט דאָ קראַנק. איז אינדערהיים, ווען מען ווערט קראַנק, חלילה, — קומט מען דיך מבקר חולה זיין. ס'איז חוץ אַלעמען אַ מצווה אויך. מען אינטערעסירט זיך מיט אַ פריינט, מען זיצט לעבען זיין בעט, מען העלפט אים אַמאָל מיט אַ קרעכץ און אמאָל טאַקע מיט געלט אויך... אָבער דאָ, אין אייער אַמעריקע, אין בחפזון-לאַנד, איז ווען אַ פריינט ווערט קראַנק, קומט מען נישט צו אים — נאָר מען טעלעפאָנירט. אַ ווייטער פריינט — איין מאָל אין צוויי טעג, אַ וואַרעמער — אַלע טעג, און גאָר, גאָר אַ וואַרעמער — דריי מאָל אַ טאָג.

און דער פּועל יוצא: ס'טויג נישט.

און די ערגסטע צרות האָט מען דווקא פון די, וואָס טעלעפאָנירן דריי מאָל אַ טאָג.

פונקט אין דער צייט, ווען דער חולה קרעכצט און איר דאַרפט לויפן אין אַפּטייק, גראָד דאַן — אַהאַ! ס'צעקלינגט זיך! אַ פריינט רופט אָפּ... העלאָו, ער וויל וויסן, וואָס מען מאַכט?... שטייט איר שוין ביים טעלעפאָן, אָבער פּלוצלונג — האַקט זיך עס איבער. דאָ, אין אַמעריקע, האַקט זיך אַלץ איבער פלוצלונג. לויפט איר שוין ווי-דער צום טיר, ערשט אַהאַ — עס קלינגט שוין ווידער... און איר איילט זיך און יענער „האַלאָקעט" — ס'איז נישט גוט...

הכלל: דער טעלעפאָן טויג נישט אין אַ סך פּרטים.

ביי מיר איז דאָ אַ שנור, איך וואוין טאַקע מיט איר. אין אַלץ איז זי אַ מענטש פאַר זיך, האָט נישט ליב קיין חברטעס, באַרעדט זיי פון קאָפּ ביז די פיס, ווי דער שטייגער איז פון די היגע ווייבלעך. אָבער צום טעלעפאָן איז דאָס נישט שייך. יעדן טאָג מוז זי, הערט איר, אָפּרופן עפּעס אַ געוועזענע שכנה אירע און אָפּ-שטיין שעהן-לאַנג און רעדן און „האַלאָקען". איך זאָג אייך, עס

קערט די גאַל דערפון, און איר ווייסט, ווען קלייבט זי אויס צום רעדן? — דוקא אַ פינף מינוט איידער דער מאַן דאַרף קומען פון שאַפּ... איז קומט ער אָן פון שאַפּ אַ הונגעריקער, ווי אַ וואָלף — אָבער זי טעלעפאָנירט. און נישט נאר טאָר ער ביי איר נישט בעטן עסן, נאָר ער מוז נאָך זיצן און קיין פּיפּס נישט טאָן, — ווייל זי טעלעפאָנירט... און אויך די קינדער מוז ער האַלטן שטום — ווייל די מאַמע טעלעפאָנירט. און זי איילט זיך דווקא נישט. אים גייט אויס דאָס חיות — און זי שטייט ביים טרייבל און בעבעט...

און טאָמער האָט ער, מיין איידעם, איינמאָל נישט אויסגע-האַלטן און איז צוגעגאַנגען צו איר און איר געזאָגט דווקא שטיל: אפשר שרה, וואָלסטו געמאַכט אַ סוף? נו, האָט זי דווקא נישט גע-מאכט קיין סוף, און נאָכדעם ווי זי האָט אָפּגעטעלעפאָנירט, האָט זי אים געמאַכט דעם ריכטיקן סקאַנדאַל: וואָס הייסט, ער שטערט איר צו רעדן? וואָס איז זי פאַרקויפט, צי וואָס?

דער טעלעפאָן, מיין פריינט, איז אַ פוסטער ענין, פונקט ווי אייער גאַנצע אַמעריקע. מען דאַרף עס נישט, ס'איז איבעריק... ווייל, ממה נפשך, זאָג איך, ווילסטו יענעם טאַקע אַזוי שטאַרק זען, ביזטו טאַקע זיינער אַן אמתער פריינט ניט נאָר אַ טעלעפאָן-פריינט, ביזטו נישט חולה צו קומען אים זען. נישקשה, מען קען, אַז מען וויל, שפּילט מען ווייניקער אין פּינאָקל... און ווילסטו אים נישט זען, נאָר וואָס דען, דו ווילסט יוצא זיין? — טאָ גיי זיך צו אַלדע שוואַרצע יאָר!...

האַלאָ און האַלאָ! וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט אַזאַ? ווער האָט עס אויסגעטראַכט?... „האַלאָ", אַז האָלע און פוסט זאָל יענעם ווערן... הויל און נאַקעט זאָל ער אומגיין...

— פע! מאַכט מיין ייד, עס טויג נישט... און איך פרעג אייך, מאַכט ער, וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט, אַז מען קען אים באַנוצן שטענדיק: אינדערפרי, ביי טאָג, אינאָוונט, און אפילו אין מיטן נאַכט? אינדערהיים האָט מען געוואוסט, אַז „גוט מאָרגן" דאַרף מען זאָגן, זאָגט ער, אינדערפרי „גאָט העלף" ביי טאָג און אינאָוונט „גוטן אָוונט"... אָבער דאָ איז שטענדיק און כסדר איין „האַלאָ"... כלעבן, עס קערט שוין די גאַל דערפון... און דערצו זאָגט מען נאָך דעם „האַלאָ" אַזוי שנעל... האַלאָ!-האַלאָ! דאָס מיינט, מיסטער, גייט אין דר'ערד אַריין, גייט! מיר האָבן קיין צייט נישט צו רעדן מיט אייך!... און, חוצדעם, איז דאָ איין האַלאָ פאַר

אַלעמען גלייך... „האַלאָ“ זאָגט מען דאָ צו אַ ייד, וואָס איז אַלט זעכציק יאָר און דעמזעלבן „האַלאָ“ צו אַ קינד, וואָס מען וויקלט נאָך...

אַי, ביזנעס? איר וועט זאָגן אַ טעלעפאָן מוז מען האָבן צו ביזנעס? — איז דאָס בלויז אַן איינגערעדטע זאַך, ווייל איך זאָג זיך מיינס, טוט מען ביזנעס, — קען מען עס טאָן אָן אַ טעלעפאָן... און טוט מען נישט, איז וואָס קען העלפן אַ טעלעפאָן? האָט מען די ריכטיקע סחורה, וועט מען צו דיר קומען קויפן אָן אַ „העלאָו“ און האָט מען נישט, — איז אומזיסט דער „האַלאָקען“...

אָט האָב איך אַ קרוב, איז ער אין די שמאַטע-ביזנעס, ליגט ערגעץ אין אַ קעלער. וואו טעלעפאָן, ווער טעלעפאָן? און דאָך טוט ער ביזנעס, הלוואי אויף אונזביידן געזאָגט געוואָרן — אַ ייד אַ נגיד!... און פאַרקערט, אָט האָב איך נאָך אַ קרוב, איז ער אַמאָל געווען רייך, אָבער איצט איז ער אויף צרות. פון דעם גאַנצן געשעפט איז אים געבליבן נאָר דער טעלעפאָן, — נו, איז וואָס העלפט עס אים? ווען איך קום, זיצט ער ביים טעלעפאָן און רעדט אין לעפל, שרייט, „האַלאָקעט“, — און איז אַלץ אַן אָרעמאַן...

אָט דאָס איז אייער אַמעריטשקע מיט אירע טעלעפאָנען!

## טענה נומער 10.

### געפויקטע היץ.

איך קום גאַנץ אָפט אַריין אין אַ הויז פון מיינעם אַ גוטן באַקאַנטן, מיסטער פידלער. צו זיי איז נישט לאַנג אָנגעקומען פון אַ קליין שטעטל אין רוסלאַנד מיסיס פידלערס טאַטע, אַ ייד אין די טיפע זעכציקער, אָבער נאָך אַ גאַנץ לעבעדיקער ייד. איז ווען איך קום צו מיין באַקאַנטן, האָב איך ליב צו פאַרברענגען מיטן אַלטן. ער רעדט קלוג, מיט אַסך הומאָר.

אונזער טעמע איז, ווי געוויינלעך, דאָ און דאָרטן: אייראָפּע און

אַמעריקע. דער אַלטער אויך, פאַרשטייט זיך, האַלט נישט פון אַמעריקע. דערהויפּט לאַכט ער פון די היגע באַקוועמלעכקייטן.

איינמאָל קומט צורייד אויף דער טעמע: „סטים“*). גיב איך אים אַ זאָג: נו, זיידע, וואָס דענקט איר עפּעס וועגן אונזער „סטים?“ איאַ, עס איז אַ גרויסער ענין?

— סטים? — מאַכט דער זיידע גאַנץ קאַלטבלוטיק. — סטים, זאָגט איר? איך האַלט זייער ווייניק פון אייער סטים, עט!...

— וואָס הייסט, איר האַלט זייער ווייניק? — פרעג איך. — איר וועט דאָך מיר, זיידע, מוזן צוגעבן, אז האָבן „סטים“ איז לייכטער און בעסער, ווי האָבן וואָס צו טאָן מיט האָלץ, מיט מאַכן אַליין דעם אויוון?...

האָט זיך אויף דעם זיידנס ליפּן באַוויזן אַ קלוגער שמייכל.

— נו, און אַז איך וועל אייך שוין צוגעבן, אַז סטים איז בעסער, וואָלט דאָך אָבער געווען גוט, ווען מען קריגט שוין די סטים. אָבער אייער סטים איז דאָך נישט מער ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך?

— וואָס הייסט, — לאַך איך, — אַן אויסגעטראַכטע זאַך?

— אַן אויסגעטראַכטע! יאָ, אַן אויסגעטראַכטע! — שאָקלט מיטן קאָפּ דער זיידע. — מען שרייט סטים-סטים, און קיינער האָט עס אין די אויגן נישט געזען... מען האָט דאָ גאָרנישט פון אייער סטים, אויסער איין פּעולה, מען לערנט זיך אויס פּויקן...

איך קוק אים אָן. ער גיט אַ קלוגן שמייכל און רעדט ווייטער:

— יאָ, פּויקן און קלאַפּן, — אָט דאָס האָט מען פון אייער סטים. אָט, נעמט אונזער פאַמיליע, איז אַלע פּויקן מיר, די סטים האָט אונז אויסגעלערנט גוט די מלאכה. יאָ, אַלע פּויקן מיר! אינ-דערפרי בין איך דער הויפּטפּויקער, ווייל איך שטיי אויף פריער פון אַלעמען... האָט מיר מיין טאָכטער אָנגעזאָגט, אַז גלייך ווי איך שטיי אויף, זאָל איך נעמען פּויקן, — אַנדערש, זאָגט זי, קען מען אין אַמעריקע נישט אַרויסקריגן קיין סטים... פריער מוז מען פּויקן, קלאַפּן אין די „פּייפּס“**). נו, פּויק איך... גלייך ווי איך שטיי אויף, נעם איך דעם האַמער און פּויק... איך טו מיין אַרבעט באמונה, און איך פּויק אָפּ מיין חלק... און נאָכדעם שטייט אויף מיין איידעם און ער נעמט איבער ביי מיר די אַרבעט פון פּויקן... איר, שווער, זאָגט ער,

*) ראַמף-באַהייצונג. **) רערן.

פּויקט מיט רחמנות, צו שטיל... נישט „פּאַ אַמעריקאַנסקי". ער איז אַ יונגערמאַן און האָט כּוח... אָבער נישט מיין פּויקן און נישט זיין פּויקן העלפּט... פון קיין סטים הערט מען אַלץ נישט... נישטאָ קיין סטים! מיין איידעם פּויקט אָפּ זיין חלק און אַנטלויפט אין שאַפּ, און גלייך שטייט שוין אויף די טאָכטער. זי איז שוין אין כּעס, ווייל איך הויז איז שרעקלעך קאַלט. איז נישט נאָר זי פּויקט, נאָר זי שרייט און שילט כּדרך הנשים... און דאַן יאָוועט זיך אַ סימן פון סטים, געבוג אויף אָנצעוואַרעמען אַ פינגער — און ווידער נישטאָ... מיין טאָכטער גייט אַרונטער איינקויפן און דאַן נעמען איבער די אַרבעט פון פּויקן די קינדער. דריי איינינקלעך האָב איך, אַלע דריי יינגעלעך, איז יעדער פּויקט אויף זיין אופן: דער עלטסטער מיטן האַמער, דער מיטלסטער מיטן פּרעס-אייזן און דער קלענסטער גלאַט מיט אַ שטיק אייזן. ביי זיי איז עס „פאן" *) און עס ווערט אַ קלאַפּעריי און אַ טומל — אַ שרעק, מען קען טויב ווערן — אָבער די סטים, אַפּנים, דערשרעקט זיך נישט פאַר אונז און זי קומט אַלץ נישט... אָט אַזוי, לאַכט דער עלטער, קריגן מיר דאָ אין אַמעריקע סטים—עט!..

איך לאַך אויך, עס געפעלט מיר דעם ייִדנס קלוגער בליק אויף אַמעריקאַנער באַקוועמלעכקייטן. און אים געפעלט, אַפּנים, אויך וואָס איך לאַך, ער דערוואַרעמט זיך און צערעדט זיך שוין ערנסטער:

—עך, נישטאָ דאָ די היימישע האָלץ מיט די היימישע הרובעס! איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? אינדערהיים איז בעסער: מען טראָגט טאַקע, במחילה, אַרויף אַליין האָלץ — ווייס מען, אַז עס איז דאָ. מען הייצט אַליין איין — ווייס מען, אַז עס וועט זיין וואַרעם. פון רבונו של עולם איז שווער עפּעס אַרויסצוקריגן, הייגט בפרט פון אַ מענטשן, און בפרט שבפרט, אַז דער מענטש איז גאָר קיין מענטש נישט, נאָר אַ „לענדלער"**). גיי וואַרט ביז ביים „לענדלער" וועט זיך דערוואַרעמען דאָס האַרץ און ער וועט אייך געבן „סטים!..." אייער אַמעריקע איז בכלל אַ מדינה פון וואַרטן — נאָר מען וואַרט. מען וואַרט אויף די סטים, אויפן מילכמאַן, אויף דער קאַר... און דערצו ווילן דאָ ביי אייך אַלע זיין פּריצים. יעדן איינעם גיב פון גריי-טינקע, טראָג אים אונטער אונטערן נאָז... נו, קריגט מען אַ פייג אונטערן נאָז... און סתּם ווייס איך נישט, וואָס האָט מען דאָ פון אייער סטים, ווען אפילו מען האָט עס שוין?... סטים איז דען אַ

*) קאַטאַוועס; **) הויזאייגנטימער.

לעבעדיקער I באַנד.

וואַרעמקייט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיט שכל, מיט אַ מאָס, מיט אַ טאַלק? אָדער עס צעזידט זיך און עס צוקאָכט זיך הייס, ווי אַ גזלן... אָדער עס שטומט ווי אַ רוצח... קאַלט ווי אייזן... יאָ, יאָ, מיין קינד, וואַרעמקייט מוז אַ מענטש זיך אַליין מאַכן, ווייל פרעמדע הענט וואַרעמען נישט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער זיידע האָט זיך פאַרטראַכט, איך אויך.

## טענה נומער 11.

### אַ מאַיאָנטעק פאַר אַ היימישער קישן.

זאָגט צו מיר מיינער אַ פריינט, אַ יונגערמאַן, וועלכער איז שוין גאַנץ לאַנג אין אַמעריקע:

— צי האָב איך טענות צו אַמעריקע, פרעגט איר? — אַוודאי האָב איך! אָבער מיין טענה צו אַמעריק איז נאָר צוליב איין זאַך, צוליב אייערע קישנס. אַנדערע זאַכן אַרן מיך שוין נישט, האָב זיך צוגעוויינט. אָבער צו די אַמעריקאַנער קישנס קען איך זיך נאָך עד היום נישט צוגעוויינען.

איך רעד שוין נישט פון די היימישע פערענעס, וועלכע וואָלטן דאָ אויך גאַנץ גוט צונוץ געקומען אין אונזערע „סטים־היטעד פלעטס“*). איך רעד נאָר פון אַ לייטישער היימישער קישן. אַך, ווי עס בענקט זיך מיר נאָך די אייראָפעישע קישנס! אַ היימישע קישן איז, ערשטנס, געווען גרויס, ברייט און, צווייטנס, ווייך. און אַ היגע קישן האָטביידע מעלות: אי זי איז קליין, אי זי איז האַרט.

ווען איך בין געווען אַ באָרדער**), נישט היינט געדאַכט, האָב איך געהאַט די גרעסטע יסורים פון די היגע קישעלעך. די ערשטע נאַכט, ווען איך בין אָנגעקומען אויף מיין דירה און זיך אַריינגעלייגט אין בעט, האָב איך אַ היבשע ווילע געזוכט די קישן. די בעט איז

*) צרות מיט דאַמף־באַהייצונג. **) אַ קוואַרטיראַנט.

דווקא געווען אַ ברייטע, האָט פאַרנומען דריי פערטל צימער, אָבער די קישן איז געווען אַזוי קליין און אַזוי נישטיק, אַז מען האָט זי נישט געקענט גלייך אויסגעפינען, כאָטש זי איז געלעגן אויבנאָן...

איר פאַרשטייט ? איך האָב געזוכט אַ קישן, ווי איך בין געוויינט אינדערהיים, און דאָס איז געווען אַ קישעלע, אַזאַ, וועלכע מ׳נוצט אינדערהיים בלויז פאַר עופּהלעך, און אַ היבשע צייט האָב איך אַלץ גערעכנט, אַז מיין מיסיס האָט מן הסתם געמאַכט אַ טעות: זי האָט פאַרגעסן צו געבן די ריכטיקע קישן און די קישעלע איז בלויז אַרויפצו־לייגן אויף דער ריכטיקער.

אָבער אין אַ צייט אַרום האָב איך דערזען, אַז דאָס איז די ריכ־טיקע קישן ביי קאָלומבוסן...

נאָר די קלייניקייט איז נאָך נישט דאָס ערגסטע. חוץ קליין, איז זי אויך שרעקלעך הארט. איך האָב געפילט, פונקט ווי איך וואָלט אָנגעשפאַרט מיין קאָפּ אויף אַ לענדלאָרד*) — הארט ווי אַ שטיין, זאָג איך אייך און דערצו האָט זי נאָך געריבן און גע־שטאָכן. ביי מיר איז געווען זיכער, אַז אויב זי איז נישט געווען אָנגעשטאָפּט מיט טשוועקעס, איז זי געוויס מיט חזיר־האָר.

און אָט אַזוי, ווי איר הערט, האָב איך זיך געמוטשעט די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין די „באָרדער־ביזנעס". מיין גאַנצע האָפענונג איז געווען, אַז איך וועל אַמאָל אויסגעלייזט ווערן פון „גלות קישעלעך". איך וועל חתונה האָבן, — און דאַן וועל איך שלאָפן אויף אַ ריכטיקער קישען, ווי ביי מיין מאַמען.

מיין כלה איז געווען אַ גרין מיידל און איך בין דאָך אַוודאי געווען זיכער, אַז זי האָט די אמתע קישנס.

און ווען איך פלעג אַמאָל קומען צו איר אויף אַ באַזוך, פלעג איך קוקן מיט גרויס ליבע אויף די צוויי גרויסע קישנס, וועלכע זענען געלעגן אויף איר בעט. אָט דאָס זענען די אמתע קישנס.

אָבער קאָלומבוס, הפנים, האָט אַ האַנט אומעטום.

אָט האָט גאָט געהאָלפן און איך האָב חתונה געהאַט, און מיר, איך מיט מיין יונג ווייבל, האָבן זיך איינגעקליבן אין אונזערע אייגענע צימערן.

---

*) אַ הויז־באַזיצער.

אי, גאָט! ענדלעך פטור געוואָרן פון „באָרדעריי”, און מיסעסן מיט זייערע קליינע האַרטע געבלאָפּטע קישעלעך!

אָבער מיין פרייד איז געווען אַן אומזיסטע. טאַקע אויף מאָרגן גיב איך זיך אַ כאַפּ, — נישטאָ די גרויסע קישנס!

וואו זענען זיי אַהינגעקומען? אויף דער פאַרבעטער בעט ליגן עפּעס עטלעכע קליינע קישעלעך, אַמעריקאַנער „ממזרימלעך”...

פרעג איך מיין ווייבל מיט גרויס פאַרוואונדערונג:

— פריידל! וואו זענען דאס צאַהינגעקומען דיינע צוויי גרויסע היימישע קישנס?

— וואָס הייסט, וואו? — ענטפערט מיין ווייבל גאַנץ געלאַסן — וואָס, דו זעסט נישט? זיי זענען דאָך אין בעט!

— אין בעט? — וואונדער איך זיך. — אָבער זיי זענען דאָך נישט י ע נ ע!

— נישט יענע? — דערקלערט מיר מיין ווייבל. — אַ וואָך פאַר אונזער התונה האָב איך זיי איבערגעשאָטן און געמאַכט פון זיי זעקס.

— צו וואָס האָסטו עס געטאָן, טייערע? — זאָג איך שוין מיט פאַרדרוס.

— כ'ווייס? — מאַכט מיין ווייבל גאַנץ אומשולדיק. — מיין מיסיס האָט מיר אַזוי געראַטן: צו וואָס זאָלסטו, האָט זי געזאָגט, זיך שלעפּן מיט אַזעלכע גרויסע קישנס? אין אַמעריקע איז אַ מאָ-דע קליינע קישעלעך!.. האָב איך געטראַכט: מיין מיסיס האָט רעכט. און זי האָט זיי מיר אַליין צעשאָטן און געמאַכט פון זיי זעקס קישעלעך.

— אָבער איך זע דאָך נאָך פיר? — זאָג איך.

— פאַרשטייסט? מיין מיסיס האָט מיך אָנגעהייבן בעטן, — מאַכט מיין ווייבל, — אַז איך זאָל איר אַוועקגעבן אַ פּאָר קישעלעך, ווייל איר פעלן קישנס. זי דאַרף באַלד אויסגעבן צוויי מיידלעך — נו, האָב איך איר אַוועקגעגעבן... האָב איך עס אפשר נישט באַדאַרפט?

— מילא, — זאָג איך, — אַז דו האָסט אַוועקגעגעבן איז פאַר-פאַלן. אָבער פאַרוואָס זענען זיי אַזוי האַרט?

— טאַקע האַרט... — מאַכט מיין ווייבל. — איך האָב אויך גע-קלערט וועגן דעם, אָבער איך ווייס נישט, וואָס דאָס קען זיין! מיינע קישנס זענען דאָך געווען פון הוילע פוך

הכלל, פאַרענדיקט מיין פריינט, אין אַ צייט אַרום האָט זיך מיין ווייבל געכאַפּט, אַז איר „טרייע מיסיס" האָט איר פיין אָפּגע־טאָן: זי האָט גאָרנישט איבערגעשאָטן, נאָר זי האָט פּשוט איבערגע־ביטן: אונזערע קישנס האָט זי צוגענומען פאַר זיך און אונז האָט זי אַריינגערוקט אירע אַמעריקאַנער „ממזרימלעך".

אַמעריקאַנער קישנס — אַמעריקאַנער מיסיסן!

און אָט אַזוי האָב איך ווידער אָנגעהייבן שלאָפן אויף די קליינע האַרטע קישעלעך, פּונקט ווי אין די „באָרדער"־טעג.

ניין! אין אַמעריקאַנער לעבן פעלט רחבות. דאָס לאַנד איז, דוכט זיך, גרויס, און די צימערן זענען אַזוי קליין! דאָס לאַנד פאַרמאָגט פּרייריס — און אויף קישעלעך שלאָפט מען אויף קליינע און האַרטע.

די גאַנצע ברייטקייט פון דער מדינה איז אַריין אין די היגע ווייבער.

## טענה נומער 12.

### מיטן אונטערשלאַק אַראָפּ.

יאָשע כאַשע־מאַשעס איז מיינער אַ לאַנדסמאַן, אַ ייד אַ קרוב צו פופציק. אַ יחסן פון דערהיים, אַ באַלעבאָס אַ ייד. אַ משכיל און אַ למדן פון דערהיים. דאָ, אין אַמעריקע, איז ער אַ יאָר דריי מיט ווייב און קינדער. די קינדער אַרבעטן און „מאַכן דאָס לעבן" און זענען בכלל צופרידן מיט אַמעריקע. דאָס ווייב איז פאַרנומען מיט קאָכן און געבן „מיט־זיך" די קינדער אין שאַפּ — און איז אויך טיילווייז צופרידן. נאָר ער, יאָשע כאַשע־מאַשעס איז נישט צופרידן. ער טוט גאָרנישט, ווייל וואָס קען ער טאָן? אמת, אין דערהיים האָט ער אויך גאָרנישט געטאָן. זיין עובדה איז געוועזן צו נעמען נדן: ער האָט געהאַט רייכע שווער און שוויגער, נו, האָט ער ביי זיי געמאָלקן נדן. שווער און שוויגער האָבן געזען, אַז זייער איידעם איז אַ שלימזל, אָבער זיי האָבן אים געגעבן, ערשטנס, ווייל ער איז געוועזן אַ יחסן און אַ משכיל און אַ למדן, און, צווייטנס: ווי קען מען נישט געבן? ווייל

צווישן איין נדן נעמען און צווייטן האָט דער איידעם „געטאַטעט“, און צווישן איין געשעפט און צווייטן – איז דערווייל די שטוב געוואָרן פול מיט קינדער.

און אַזוי האָט יאָשע כּאַשע-מאַשעס זיך דערשלאָגן ביז איבער די פערציקער. אָבער איינמאָל האָבן די רייכע שווער און שוויגער זיך איינגעשפּאַרט: מען וויל מער נישט געבן קיין נדן. גענוג! איז געבליבן, אַז יאָשע זאָל פאָרן קיין אַמעריקע, האָבן שווער און שוויגער ווידער געגעבן „נדן“, איצט שוין נישט אויף אַ געשעפט, נאָר אויף שיפסקאַרטן, און יאָשע כּאַשע-מאַשעס איז אַוועק קיין אַמעריקע. דאָ, ווי געזאָגט, האָבן די קינדער גענומען אַרבעטן און מאַכן אַ לעבן – און ער? וואָס זאָל ער דאָ טאָן? קיין „נדן“ אויף אַ געשעפט האָט ער נישט ביי וועמען צו נעמען. קיין יונגערמאַנטשיק איז ער שוין אויך נישט. נו, זיצט ער שוין אויף „קעסט“ ביי די קינדער און זיין אַרבעט איז: ער קריטיקירט אַמעריקע, לייענט צייטונגען און קריטיקירט.

אַמעריקע געפעלט נישט מיין לאַנדסמאַן יאָשע כּאַשע-מאַשעס.

ראשית, זאָגט ער, איז דאָ נישטאָ וואָס צו טאָן. געווען אַ-פּאָר גוטע געשעפטן, האָט עס ראָקפעלער אויסגעכאַפּט, נישטאָ צו וואָס צו נעמען זיך פאַר אַ לייטישן מענטשן. ווי איך...

שנית: איז ביי קאָלומבוסן נישטאָ קיין יחוס. אינדער-היים נאָך אַלעמען איז ער פאָרט געווען ער. טאַקע נישט קיין גביר, אָבער ער האָט פאָרט געטון געשעפטן... און דאָ גאָר נישט! אַלע טוען דאָ געשעפטן און ער נישט!

אָבער זיין באַליבטסטע טעמע „אונטערשלאַק און אויבערשלאַק“.

אַמעריקע, זאָגט ער, איז אַ לאַנד פון כּולו אונטערשלאַק, – אונטערשלאַק וועלכער איז געוואָרן אויבערשלאַק, אָבער סאיז נישט. אונטערשלאַק, זאָגט ער, בלייבט אונטערשלאַק.

אַמעריקע איז אַ פאַרקערטע מדינה: אין דער היים, זאָגט ער, ווייסט מען, אַז אַ מלבוש האָט צוויי זייטן: אַן אויבערשלאַק און אַן אונטערשלאַק. און יעדע זייט, זאָגט ער, ווייס איר פּלאַץ. דער אונטערשלאַק ווייס, אַז ער איז אונטערשלאַק און וועט קיינמאָל נישט וועלן שפּילן די ראָלע פון אויבערשלאַק. אַן אונטערשלאַק דאַרף זיין אונטן. ער דאַרף נישט וועלן, אַז מען זאָל אים זען...

און אַן אויבערשלאַק האָט געוואוסט, אַז ער איז אויבערשלאַק און האָט שטאָלצירט דערמיט...

אָבער דאָ, אין אַמעריקע, זאָגט ער, איז אַלץ תחתונים למעלה. מיטן אונטערשלאַק אַרויף...

אָט, זאָגט ער, וויל איך אייך געבן אַ משל: אָט נעמט דאָ ביי אייך אין אַמעריקע פּרעזידענטן פון שולן, גבאים, הייסט עס, אינדערהיים. אינדערהיים איז אַ גבאי געווען אַן אויבער־שלאַק, אַ גוט שטיקל סחורה, אַ ייד אַ בעלעבאָס! אָבער דאָ, ווער איז דאָ אַ פּרעזידענט? אַן אונטערשלאַק! איר קענט דאָך, זאָגט ער צו מיר, יאָסעל פּיישעס? פון דערהיים אַ פּויער, אַן עם־הארץ, אַ גאַרניסט... און דאַ איז ער דער פּרעזידענט און זאָגט דעות. און וועמען? — דעם אויבערשלאַק!

און אַזוי, מאַכט יאָשע כאַשע־מאַשעס, איז ביי אייך אין אַמע־ריקע כסדר נאָר אונטערשלאַק. ווייבער גייען דאָ מיטן פּוטער אַרויף... זאָגט! איז עס נישט ווילד? און אַ מאַנסביל, אַז ער טראָגט דעם רעקעל אין גאַס, איז אויך נאָר מיטן אונטערשלאַק אַרויף...

און דער עיקר, זאָגט מיין לאַנדסמאַן, ביי אייך אין אַמעריקע לייגט מען טאַקע אָפּט אַריין די בעסטע סחורה אין דעם אונ־טערשלאַק.

אויבן גיט מען אין אַ מלבוש אַ געמיינע סחורה און דעם אונטערשלאַק מאַכט מען פון זייד. אַ פאַרקערטע וועלט... ווער, מיינט איר, האַלט אין אונזער פאַריין דרשות וועגן רעליגיע? — אַ בעל עגלה׳ס אַ זון פון דערהיים! — אַן אונטערשלאַק! אַ חוצפּהניק!

און ווייסט איר, ווער איז דער שמש ביי אונז אין שול? דער גביר פון שטעטל — לייזער־מענדלס — אַן אויבערשלאַק! דער דער גבאי אַן אונטערשלאַק און דער שמש אַן אויבערשלאַק. שיין זיך דערלעבט! אַ פאַרקערטע וועלט אַמעריקע, אַ וועלט מיטן אונ־טערשלאַק אַרויף!

און יאָשע כאַשע־מאַשעס, מיין לאַנדסמאַן, פאַרענדיקט אַלעמאָל זיין לקציע וועגן אויבערשלאַק און אונטערשלאַק מיט אַ קרעכץ.

## אָן אַ השגחה.

מיין לאַנדסמאַן, ר׳ גדליה׳ האַלט אויך נישט פון אַמעריקע. נישט ווייל אין אַמעריקע גייט אים שלעכט. אדרבה, אים איז דאָ גאָר גאָר־נישט שלעכט; ער איז אַ ייד, וואָס ווינט ביי רייכע קינדער, גוטע קינדער, וועלכע זעען אים צו, און אים פעלט גאָרנישט; אַפילו אַ שול האָט ער צוויי טריט פון הויז. אָבער מיין לאַנדסמאַן האָט נישט ליב אַמעריקע צוליב דער השגחה. מיין לאַנדסמאַן איז אַ פרומער ייד, אָבער אויך אַ למדן און אַ קלוגער ייד.

איך האָב ליב צו פאַרברענגען מיט מיין לאַנדסמאַן גדליה. אַלעמאָל לערן איך עפּעס פון אים.

און מיין לאַנדסמאַן ר׳ גדליה זאָגט: אַמעריקע טויג נישט. די הויפּטזאַך, ווייל דאָ איז נישטאָ קיין השגחה פון אויבן, נאָר יעדער מענטש מוז אַליין זיין דער משגיח אויף זיך, און אַז אַ מענטש איז אַליין אויף זיך דער משגיח — טויג עס ערשט נישט.

ווייל ווי קען אַ מענטש זיך אַליין פאַרהיטן? אַמעריקע, זאָגט גדליה, שטייט אויף היטן זיך, שטענדיק דאַרף מען נאָר זיך היטן און היטן.

מען דאַרף היטן דאָס ווייב, היטן די קינדער, היטן דעם „באָרדער״, היטן אַפילו דעם „סינק״*), עס זאָל נישט „איבערגיין״, היטן דעם גאַז, צי עס איז פאַרדרייט — און אַזוי כסדר.

ווייל אויב דו היטסט זיך נישט, איז שמעקט עס ממש מיט סכנות נפשות.

אָבער דער עיקר: מען דאַרף זיך היטן אין גאַס. אין דער אַלטער היים האָט מען געקענט גיין אין גאַס און טראַכטן און דענקען וועגן בריאת העולם, וועגן דעם תכלית פון דער וועלט און פון נאָך העכערע ענינים, אָבער דאָ — אסור!

*) וואַש־באַסאַן אין קיך.



לעבעדיקער 1 באַנד.

דאָ מוז מען גיין און טראַכטן, ווי אײַנצוהיטן זיך, אַז מען זאָל דיך נישט איבערפאָרן פון לינקס אָדער פון רעכטס... אָדער זאָלסט וואָס נישט כאַפּן מיט עפּעס פון דערהויך...

אינדערהיים איז מען געווען אונטער דער השגחה פון אויבן, און אַז ער היט — איז גוט. אויף אים קען מען זיך פאַרלאָזן, ווײַל ער איז אַ שומר חנם...

אָבער אין אַמעריקע האָט גאָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפן די אחריות. ער זאָגט: אויב איר זענט שוין אַזעלכע חכמים — טאָ היט זיך אַליין.

און ס'איז טאַקע שווער זיך אײַנצוהיטן, זייער שווער.

אינדערהיים האָסטו געקענט גיין אין גאַס און טראַכטן וועגן אַ שטיקל גמרא, ביזט געווען זיכער, אַז קיין אומגליק וועט דיר נישט געשען.

און טאָמער פלעגט מען זיך אָנשטויסן אויף עמעצן מיטן נאָז אָדער מיטן שטערן -- איז עס אויך געווען אויף אַ באַקאַנטן, קיין סכנה !...

אָבער דאָ, ווען מען זאָל זיך פאַרטראַכטן, קען מען זיך אָנשטויסן אָן אַ סלופּ, אָן אַ פּאָליסמאַן און מען קען אַרויס בשן ועין...

אַמעריקע איז אַ לאַנד פון כסדרדיקן היטן זיך, פון שטענדיקער שמירה איבער זיך... און ווײַל מען היט זיך — איז ערשט שווער זיך אײַנצוהיטן.

אַפילו אין הויז איז מען נישט זיכער. ווײַל ווען עס פעלט די ריכטיקע שמירה פון אויבן, העלפן קיין ווענט אויך נישט...

אַמעריקע איז אַ הפקר-לאַנד. די גאַנצע שמירה איז איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ בשר ודם, און נאָך אַ געדונגענעם דערצו: אַ פּאָליסמאַן...

און וואָס קען מען דערוואַרטן פון אַ בשר ודם, פון אַ שומר, אַ שכר-יום ?

און וואָס קען, בכלל, אַ מענטש אײַנהיטן אַ מענטשן ?

נו, פאַרט מען טאַקע דאָ איבער געגנוג קינדער און אַלטע לײַט, נו, גנבעט מען טאַקע דאָ אינמיטן העלן טאָג, גזלט מען... אי, דער פּאָליסמאַן ? נו, איז ער נישט קיין שומר, נאָר אַ מבשר !... אַן אַנזאָגער הייסט עס. אַ שומר — קען ער נישט זײַן — איז ער אַ מבשר... ווען מען

באַגנבעט אייך, אייער קראָם ביינאַכט, קומט ער אינדערפֿרי אייך אָנ־זאָגן, אַז מען האָט אייך באַגנבעט...

אָדער ווען מען פֿאַרט איבער, חס־ושלום, אייער קינד,— הייבט ער עס אויף און טראָגט עס אין אַפּטייק אַריין...

און איר מיינט, אַז דער פּאָליסמאַן איז שולדיק? — חס וחלילה. ווייל אום איינצוהיטן עמעצן, דאַרף מען האָבן אַ גרויס אויג, נישט קיין מענטשלעך אויג. דאָ קען קיין שטיק האָלץ נישט העלפֿן... און וואָס איז אַ פּאָליסמאַן, אויב נישט אַ מענטש, וואָס פֿאַרלאָזט זיך אויף דעם שטיק האָלץ, וואָס ער טראָגט שטענדיק מיט זיך?

אַמעריקע טויג נישט, ווייל דאָ האָט דער מענטש איבערגענומען די גאַנצע השגחה אַליין איבער זיך...

און אַז אַ מענטש איז אַליין איבער זיך דער משגיח — איז ער הפקר! העלפֿן נישט קיין הונדערטער מענטשלעכע וואָרנונגען: היט זיך! העלפֿט נישט קיין פּייפֿן און קיין טרובען!...

אַ מענטש, ווי אַ קינד, דאַרף, אַז עמעצער זאָל אים פֿירן ביים האַנט, אויף אים אַכטונג געבן. דאַרף אַן אויג, וואָס זאָל איבער אים וואַכן. דאָס אויג פֿון דער השגחה עליונה — אָן דעם טויג עס נישט.

## טענה נומ׳ 14.

### רעדט צו דער וואַנט!

איך האָב די טעג ווידער פֿאַרבלאָנדזשעט צו מיין באַקאַנטן מיסטער פֿידלער, און איך האָב זיך ווידער צערעדט מיט מיסיס פֿידלערס פֿאָטער וועגן זיין ליבלינג־טעמע: „אַמעריקאַנער אימפּראָווי־מענטס“*), דער אַלטער האָט אַ שוואַכקייט אָפּצולאַכן פֿון קאָלומבוסן מיט זיינע „אימפּראָוומענטס“.

די מעשה מיטן וואַסער איז אַרויסגעקומען דערפֿון, ווייל דווקא

*) הויז=באַקוועמלעכקייטן.

ווען איך בין דאָרט געווען און מיסעס פידלער האָט געוואָלט מיך מכבד זיין מיט טיי — איז אויסגעגאַנגען דאָס וואַסער.

איר וועט מוזן צוזוואַרטן, — האָט זי זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר. — ביי אונז איז אַלעמאָל צרות מיטן וואַסער. אַ פאַרשאָלטן הויז, פונקט ווען מען דאַרף, איז גייט עס אויס!

— גאַנץ אַמעריקע איז דאָסזעלבע, — מישט זיך אַריין איר אַלטער טאַטע. — אומעטום האָט מען צו טאָן מיטן וואַסער! ס'איז דאָך אַמעריקע מיט אירע „אימפּרואוומענטס!"

— וואָס, — רוף איך זיך אָן, — ר' גדליה, איר לייקנט שוין אין די היגע וואַסער אויך?

— אוודאי לייקן איך, — זאָגט ער, — ווייל איך גיב אייך נישט קיין סענט פאַר אַלע היגע „אימפּרואוומענטס!" ס'איז נישט מער ווי אַ מיטל צו נעמען מער רענט — אַ פאַרבלענדעניש!

— וואָס הייסט איר לייקענט אינגאַנצן? — לאַך איך. — פונ-דעסטוועגן איז נאָך אַלץ בעסער צו האָבן צו טאָן מיט אונזער וואַסער פון וואַנט, ווי אינדערהיים מיט גיין שלעפּען וואַסער פון ברונעם!

— ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן! — זאָגט דער אַלטער. — אינ-דערהיים, אַז מיר האָט זיך נאָר נישט געפּוילט און זייט געגאַנ-גען מיטן עמער צום ברונעם אָדער צום טייך, האָט איר געוואוסט, אַז איר האָט וואַסער, אָבער דאָ האָט מען וואַסער — און מען האָט נישט... ס'איז פונקט ווי מיט די היגע ווייבער: מען האָט אַ ווייב, אָבער זי איז שטענדיק אָדער אין גאַס אָדער אין מואווינג פּיק-טשורס*), פונקט ווען מען דאַרף, גייט אויס דאָס וואַסער. איבערהויפּט, ווען מען דאַרף זיך וואַשן — איז נישטאָ! שפּעטער, פונקט ווען מען דאַרף מאַכן סאַפּער**) — איז נישטאָ! פונקט ווען מען דאַרף נעמען אַ וואַנע, איז נישטאָ!

— ס'איז, פאַרשטייט איר מיך,— האָט זיך שוין דער אַלטער צע-היצט, — אַן עסק מיט אַ וואַנט. און ס'איז גיי רעד צו דער וואַנט! — אַ טויטע זאַך!

— אָבער פונדעסטוועגן! — פּרוביר איך זיך אָננעמען די קריוודע פון די היגע ווענט.

---

*) קינאָ. **) אָוונטברויט.

— אָבער פונדעסטוועגן? — מאַכט דער אַלטער; — ס'איז נישט מער ווי געזאָגט: הייס און קאַלט וואַסער, אָבער אַז עס קומט שוין אַפילו צום וואַסער, איז דאָס הייסע קיין הייסע נישט און דאָס קאַלטע קיין קאַלטע נישט... פון קאָלומבוסעס קאַלט וואַסער שלאָגט צו חלשות... עס איז לעבלעך וואַסער, און פונם הייסן, איז אָדער ס'איז קאַלט אָדער ס'איז אַזוי הייס, אַז מען קען זיך צו דעם נישט צורירן... ביי אייך אין אַמעריקע גלויבט מען אין קראַנען. וויבאַלד אַ קראַן, איז שוין גוט. אָבער איך בין אַן אַלטמאָדישער ייד, איך גלויב, אַז אַ חוץ אַ קראַן, דאַרף אויך גיין פון קראַן... איר האָט געדאַרפט קומען צו אונז אין אַ פרימאָרגן, — האָט דער אַלטער געלאַכט, — וואָלט איר געזען! אַלע שטייען און מינטערן די קראַנען — און קיין וואַסער איז נישטאָ. אַט גיט, דוכט זיך, שוין אַ באַווייז אַ ביסל וואַסער, אָבער נאָר אויף אָפּצובאָדן אַ פליג... עס האַלט נאָר אין איין כאָרכלען, ווי אַ געקוילעטער אָקס, אָבער קיין תכלית זעט מען נישט. און וואָס, מיינט איר, איז דער סוף? מיין איידעם גייט שטענדיק צו דער אַרבעט נישט קיין געוואַשענער. מיינע אייניקלעך אין סקול*) נישט קיין געוואַשענע. און ווען מיין איידעם דאַרף זיך גאָלן, איז אויך נישטאָ קיין וואַסער און אַמאָל בלייבט ער שטיין מיט אָנגעשמירטע באַקן...

צערעד איך זיך אַמאָל מיטן לענדלאָרד וועגן וואַסער, איז ער זייער אַ כיטרער ייד, ער האָט אויף אַלץ אַ תירוץ.

— פאַרוואָס, — זאָג איך צו אים, — איז נישטאָ קיין וואַסער אינדערפרי? — ענטפערט ער: איר וואוינט אויפן פערטן פלאָר**), נעמט צייט ביז דאָס וואַסער קומט אַרויף צו אייך.

זאָג איך צו אים: און פאַרוואָס, ווען מיר האָבן געוואוינט ביי אייך אויפן ערשטן פלאָר, איז אויך נישט געווען קיין וואַסער? מאַכט ער: מן-הסתם פלעגט איר פונקט דאַן וועלן וואַסער, ווען דאָס וואַסער איז שוין אַרויף אויף די אויבערשטע פלאָרס... און פאַרוואָס, פרעג איך, איז זונטיק קיינמאָל נישטאָ קיין וואַסער? ווייל, — ענטפערט ער, — זונטיק נעמען אַלע אַ באָד, קען מען זיך קיין וואַסער נישט אָננעמען... און וואָס איז מיט מאָנטיק, פרעג איך? מאָנטיק איז דער דזשעניטאָר***) נאָך שכור פון זונטיק, און דינסטיק? — דינסטיק, זאָגט ער, וואַשט מען וועש, ציט מען אָפּ דאָס וואַסער...

*) שול. **) שטאָק. ***) דער הויז-אויפפאַסער.

אָבער אויף די וועש קריגט מען דאָך אויך קוים מיט צרות?—ווער איך שוין אין כּעס... ווערט ער אויך אין כּעס און צעשרייט זיך: ווער קען אייך זיך אָננעמען אויף אַלע זאַכן וואַסער? וואָס מיינט איר, וואַסער קאָסט מיר קיין געלט נישט? — מיין אַלטער האָט זיך אָפּ-געדרוט, מיך אָנגעקוקט מיט אַ זיגערישער מינע און פאַרענדיקט:

— איך האַלט נישט פון קאָלומבוסעס „אימפּראוומענטס": סטיעם, וואַסער, פייער... ווייל, וואָס מיינט „אימפּראוומענטס" — גרינג לעבן און גרינגע זאַכן, און דאָס, וואָס קומט אָן גרינג — טויג נישט. אין אַמעריקע קומט אַלץ אָן גרינג — און דערפאַר שטאַרבט מען גרינג.

## טענה נומער 15.

### ווען נישט דער אָלרייט —

איך האָב גאָרנישט צו קאָלומבוסן, — צערעדט זיך מיט מיר אַ יונגערמאַן, זיצנדיק ביים ראַזירער. — איך בין אַליין אַ קאָלומבוסניק, ווי מען רופט דאָ אַ מענטשן, וועלכער קומט דאָ אַהער אָן אַ מלאכה און ווערט אַ בעל-מלאכה. איך בין קאָלומבוסעס אַ שניידער, און זאָגן אייך דעם אמת, האָב איך צו אַמעריקע גאָרנישט: אָלרייט, מען מוטשעט זיך, מען מאַכט אַ לעבן! און איך האָב נישט ליב די גרינע, וואָס האָבן טענות צו אַמעריקע, דרייען מיט דער נאָז: דאָס געפעלט זיי נישט, דאָס שמעקט זיי נישט! אָבער איין טענה האָב איך דאָך צו אַמעריקע: צו וואָס האָט זי אויסגעטראַכט דאָס וואָרט „אָלרייט".

אָט דאָס וואָרט „אָלרייט" קען איך נישט פאַרליידן, כ'האָב עס נישט ליב.

אַ מיאוס וואָרט, הערט איר, אַ בלאָפעריש, כזב ושקר!

ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, אין יוני, איז שוין באַלד אַ יאָר, און בין אַרויס צווישן לאַנדסלייט זען, וואָס צו טאָן עפּעס

דאָ בײַ קאָלומבוסן, און טאַקע איבערגעבן גרוסן פון דערהיים... איז גלײַך ווי איך האָב מיט זיי גענומען רעדן וועגן דאָס און יענץ: פרנסה, ווײַב, קינדער, איז תיכּף האָבן זיי גענומען שיטן מיט אָלרײַט... אַלע אין איין קול, ווי זיך צוזאַמענגערעדט: אָלרײַט און אָלרײַט! און אַזוי ווי גרין בין איך געווען, האָב איך טאַקע געמיינט, אַז מײַנע לאַנדסלײַט איז אַלעמען גוט. אַ קלײניקייט — אָלרײַט! און מיך האָט געפרייט פאַר מײַנע לאַנדסלײַט, וואָס זיי גייט אַזוי גוט. און ווען זיי האָבן מיר צוגעווונטשן: דו וועסט נאָך זײַן אָלרײַט אין אַמעריקע — האָב איך זיי געגלויבט. אַז זיי זענען אָלרײַט, טאָ פאַרוואָס זאָל איך נישט זײַן? וואָס בין איך ערגער פון זיי?

אָבער נאָכדעם, ווען איך האָב זיך שוין געהאַט אַ ביסל אויסגעגרינט (מ׳שטײַנס געזאָגט, וויפיל מען גרינט זיך דאָ אויס!), האָב איך אויסגעפונען, אַז חברה האָט מיר געבלאָפט: ווער אָלרײַט, וואָס אָלרײַט?... אַלע זענען זיי קבצנים, קאָלומבוסעס שנײַדער, מוטשען זיך מיטן טויט „און מאַכן אַ לעבן״ פאַרן לענדלאָרד!...

און דאַן האָב איך אויסגעפונען דעם סוד פון אָלרײַט אין אַמעריקע. אָלרײַט מיינט דאָ גרויסע צרות...

און איך פרעג אײַך, צו וואָס דאַרף מען עס? וועמען נאַרט מען דאָ אָפּ?

אין דער אַלטער היים, אַז מען האָט זיך באַגעגנט מיט אַ פרײַנט און געפרעגט אים, וואָס ער מאַכט, האָט ער דיר אויסגעדערציילט פון סאַמע אָנהייב: ווי עס האַלט מיט פרנסה, מיטן ווײַב, מיט די קינדער, און מען האָט געוואוסט, וואו מען האַלט מיט אַ מענטשן. שלעכט איז שלעכט, און גוט איז גוט... אָבער דאָ מאַכט מען עס קורץ, זייער קורץ, אָ ל ר ײַ ט . . . פריער הייבט מען אָן מיט אַ ליגן: אָלרײַט! וואָס מאַכט איר? — אָלרײַט! ווי גייט עס ביזנעס? — אָלרײַט! וואָס מאַכט דײַן יידענע? — אָלרײַט! און ערשט נאָכדעם, אַז איר צערעדט זיך מיטן מענטשן, זעט איר גאָר, אַז דער מענטש איז אויף צרות, לײַדט אויפן מאָגן, האָט נישט קיין פרנסה, גייט אַרום שוין אַ האַלב יאָר אָן אַרבעט. אָדער דאָס ווײַב איז פון אים אַנטלאָפן, און נאָך אַזעלכע גליקן... איז פרעגט זיך, וואָס זשע איז דאָ אָלרײַט? אָבער אַזוי איז עס אין אַמעריקע... אָלרײַט, כּסדר און שטענדיק אָלרײַט.

— התונה געהאַט, אָלרייט!

— געגט זיך, אָלרייט!

אַ, גזלן אײנער, ס'איז דאָך נישט אָלרייט? נו, האָסטו אַ צוולה בּיי קאָלומבוסן!

— אָט וועל איך אײך דערציילן אַ מעשה, — מאַכט דער יונ־גערמאַן, — פֿון אײער אָלרייט... אַנומלט פֿאָר איך געוואָר ווערן מײנעם אַ לאַנדסמאַן, בּיי וועמען מען האָט צוגענומען דאָס ווייבּ און קינד אין האָספּיטאַל. פֿון אַ מאַשין, פֿאַרשטייט זיך, וואָס דען, נישט קיין מאַשין? קום איך צו אים צו פֿאָרן, קום אַריין, ווי אַן אבל, נאָך אַלעמען אַזאַ אומגליק... פֿרעג איך אים שוין גאָרנישט, קום אַריין, זעץ זיך אַוועק און שווייג, ווי בּיי אַן אבל... אָבּער מיינט איר, אַז דער לאַנדסמאַן מײנער פֿאָרט נישט אַרויס דאָס ערשטע מיטן אָלרייט?... איר ווילט דאָך וויסן, מאַכט ער, וואָס עס טוט זיך בּיי מיר? איז אָלרייט, זאָגט ער, מען איז שוין געוועזן פֿון דער קאָמפּאַניע און מען באָט שוין געלט, און עס וועט זיין אָלרייט... פֿרעג איך: און וואָס מאַכן זיי? — דאָס ווייבּ און דאָס קינד? — אָלרייט! — ענטפֿערט ער. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן נאָך מוזן ליגן אין האָספּיטאַל אַן ערך אַ צוויי, דריי חדשים! — אַ שיינער „אָלרייט”, איר הערט? — וועלן זיי כאָטש נישט בּלייבּן קיין קאַליקעס? פֿרעג איך. אָלרייט! — ענטפֿערט ער מיר ווידער. — דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז דאָס ווייבּ וועט מוזן קוליען אפשר אַ יאָר אָדער צוויי. און דאָס קינד, מעגלעך, אַז עס וועט נעמען נאָך לענגער!... איר הערט? און בּיי אים איז דאָס „אָלרייט”?! איז איר הערט, האָט עס מיך אַזוי פֿאַרדראָסן, אַז איך האָבּ געכאַפּט און בּין אַנטלאָפֿן פֿון הויז אָן אַ זיי געזונט... אַזאַ שוטה, אַ לאַנדסמאַן! און ווער איז אין דעם שולדיק? — אַמעריקע!

איך זאָג אײך, אַז ווען נישט דער אָלרייט, וואָלט דאָ געווען אַ סך בּעסער צו לעבּן. מען וואָלט געוואוסט, וואו מען האַלט מיט אַ מענטשן — אָבּער אַזוי, גאָרנישט — אָלרייט!...

און איר מיינט, אַז איך בּין בּעסער? ס'הייבּט זיך גאָרנישט אָן. איך קען דעם אָלרייט נישט אָנקוקן, ער איז בּיי מיר טריף, ווי מיין לעבּן־לאָרד, אָבּער דאָך — אָלרייטעווע איך אויך... ס'איז אַמעריקע, און אַזאַ כוח האָט שוין קאָלומבוס: אַ ווערטל זעצט דאָ זיך אַריין, ווי אַ דבּוק און וויל נישט אַרויס... עס ליגט אין די בּיינער און

כאַפּט זיך אַרויס צי דו ווילסט צי דו ווילסט נישט. און ווען מען פרעגט מיך, וואָס איך מאַך, ענטפער איך אויך: אָלרייט... פּונקט ווי אַלע. כאָטש באמת איז נישט אָלרייט, ווייל פון וואָס קען מען דאָ זיין אָלרייט? פון דרייען די קאַטערינקע? אָבער מען אָלרייטעוועט...

און דאָס איז מיין טענה צו אַמעריקע... ווען נישט דער אָלרייט, וואָלט איך קיין טענות נישט געהאַט. אַ מדינה ווי אַלע מדינות. ווען מען ס'איז גוט און ווען ס'איז שלעכט. אַ גביר איז אַ גביר אומעטום, און אַ קבצן איז אַ קבצן אומעטום, אָבער דער אָלרייט, ער שטייט מיר אָט א דא... אַ מיאוס וואָרט... „אָלרייט".

עס העלפט שוין ביי מיר, מיסטער בארבער? — אָלרייט!

## טענה נומער 16.

### מעבל איבער אַלץ!

איר קענט נישט מיין לאַנדסמאַן מר. לאמדען? — באַקאָנט זיך! איך זאָג אייך, עס איז כדאי. מר. לאמדען, מיין לאַנדסמאַן, איז אַ ייד אַן אָריגינעלער, מיט אַ גוטן למדנישן קאָפּ אויף זיך. מר. לאמדען איז אַ מיטל-יעריקער ייד, וועלכער איז דאָ נישט לאַנג. אינדערהיים איז ער געווען אַ שטאָט-באַלעבאָס, געהאַט דאָס שענסטע הויז אין שטעטל, אָבער צוליב די פּאָגראָמען איז ער רואינירט געוואָרן. דאָ, אין אַמעריקע, לעבט ער פונדעסטוועגן אויך אין אַ שיין הויז פון זעקס צימערן, שיין מעבלירטע, און דאָס איז נישט פון זיינע פאַרדינסטן, פאַרשטייט זיך. ווייל מיין לאַנדסמאַן טוט דאָ גאָרנישט. ער קוקט ערשט אָן געשעפטן און גרייט זיך אויס. פאַרדינען, פאַרדינען די קינדער. פיר דערוואַקסענע קינדער, וועלכע זענען שוין דאָ לאַנג און האָבן זיך אויסגעלערנט דאָ גוטע מלאכות און מען פאַרדינט גוט.

איז מר. לאמדען צופרידן פון אַמעריקע? ווי קען עס זיין? קיין גרינער איז נישט צופרידן, און בפרט אַ גרינער, וועלכער לעבט

אויף די קינדערס פאַרדינסטן — און אויך מר. לאַמדען האָט טענות צו אַמעריקע. אָבער זיינע טענות זענען טיפערע, ווי געוויינלעכע טענות.

אַנומלט בין איך געווען ביי מיין לאַנדסמאַן צוגאַסט. געווען איז עס ביי טאָג. אין הויז האָבן זיך געפונען בלויז טאַטע-מאַמע, מר. לאַמדען און מרס. לאַמדען. די קינדער זענען געווען ביי דער דער אַרבעט. מר. לאַמדען איז מיט מיר אַריין אין צימער, און מיר האָבן גענומען שמועסן וועגן לאַנדסלייט, ביז מיר זענען אַרויפ-געקומען אויף דער אונפאַרמיידלעכער טעמע: אַמעריקע.

— אַמעריקע, — רופט זיך אָן מיין לאַנדסמאַן, — וואָלט געווען אַ גוטע מדינה, נאָר מען האָט זי איבערגעפירט.

— מיט וואָס? — פרעג איך.

— מיט דעם פאַרקויפן זיך, — זאָגט מיין לאַנדסמאַן. — דאָ איז מען פאַרקויפט. פאַרקויפט צום שאַפ, צום באָס, צום ווייב, און אפילו צו דעם מעבל. אָט זיצן מיר איצט, אָבער מיינט איר, וויפל מאָל בין איך שוין דאָ געזעסן? — דאָס איז אפשר דאָס דריטע מאָל... די קינדער לאָזן נישט. אַ זאָל, זאָגן זיי, מוז שטיין פאַרשפאַרט. און עסן מיר אויך נאָר אין קיך... ווייל די קינדער לאָזן נישט עסן אין עסצימער. איך האָב די ערשטע צייט פּראָטעסטירט, אָבער זיי האָבן אַזוי לאַנג איינגעטענהט מיט דער מאַמען, ביז זיי האָבן אויסגעפירט. און ווען איך פרעג זיי: סטייטש, צו וואָס דאַרף איך דאָ האָבן אַזויפיל מיט אַזויפיל מעבל, וויבאַלד מען נוצט זיי נישט? — האָבן זיי נישט קיין ענטפער.

— ס'איז טאַקע נאַריש, — טרייסט איך אים, — אָבער אייערע קינדער זענען נישט די איינציקע, אַלע זענען דאָ אַזוי...

—איך ווייס, איך ווייס, — ענטפערט מר. לאַמדען, — עס איז אַזאַ מנהג המקום. אין אַמעריקע נעמט מען צימערן נישט צוליב זיך, נאָר צוליב דעם מעבל. מען איז דאָ פאַרקויפט צום מעבל. אין סאַליע קומט מען נישט אַריין, ווייל עס קען שאַדן דעם מעבל. אין עסצימער עסט מען נישט, ווייל עס קען שאַדן דעם עס-טיש... איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, אין אייער אַמעריקע דינען אַלע צו הילצערנע געטשקעס, מען נעמט אַ שטיק האָלץ און מען מאַכט אים פאַר אַ גאָט. אַלע זענען דאָ געצנדינער. אין דער אַלטער היים עסט מען אין בעסטן צימער, ווייל עסן איז דאָרט אַן

עבודת אלקים, מען דינט גאָט מיטן עסן. און ווײַבאַלד מען דינט צו גאָט, דאַרף מען עס אין שענסטן צימער און אויפן שענסטן טיש... אָבער דאָ דינט מען נאָר דער אייגענער קישקע — נישט מען עסט, נאָר מען פרעסט. ווי די בהמות פרעסט מען דאָ, און פאַר אַ בהמה איז קיין נפקא מינה נישט, וואו זי גיסט איר די פּאמוניצע... נו, עסט מען דאָ אין קיך, ביים וואַסער־קראַן, ביי דעם טאָפּ מיט מיסט, פע!

אינדערהיים האַלט מען צימערן צוליב פאַרגעניגן, צוליב רחבות — און דאָ צוליב מעבל. מען דינט דאָ צו די הילצערנע געטשקעס, און מען לאָזט אויף זיי קיין שטויבעלע נישט פאַלן און מען באַהאַלט זיי פון דער ליכט פון דער זון... ווען געסט קומען, פירט מען זיי אַריין אַהין ווייזן די געטשקעס: אָט איז דער בו־פעט — אַ גרויסער גאָט. קאָסט עטלעכע הונדערט דאָלאַר. און אָט איז די גלעזערנע שאַפע, דער געטש איבער אַלע געטשקעס. אים דינט מען מיט גלאָז, מען פילט אים אָן מיט גלעזערנע כלים און מען צאַצקעט זיך מיט אים.

און אָט איז די ביבליאָטעק, דער „לייברערי סעט", ווי מען רופט עס דאָ. דאָס איז אַ פרעמדער גאָט, וועלכן מען דינט נישט אויס ליבע, נאָר צוליב מאָדע א. אז. וו.

ווי דענקט איר, האָב איך נישט רעכט?

## טענה נומער 17.

### ג אָ ט, ג י ב כ ו ח.

קלאָגט זיך פאַר מיר אַן עלטערע פרוי: אַמעריקע מיט אירע „שטיגן"! ווער ווייס אינדערהיים פון „שטיגן"? יעדערער וואוינט נידעריק, און דערפאַר טאַקע קריכט מען נישט צו הויך... דאָ, ביי אייך, האַלט מען אין איין קלעטערן אויף די טרעפּ, און פון קלעטערן פאַרלירט מען די כוחות.

לעבעדיקער | באַנד.

איר הערט, ביי מיר איז דאָ אַ שנור, דווקא אַ וואָוילע שנור, לעבט גוט מיט דער שוויגער און איך וואָלט צו איר געגאַנגען אָפט, נעמט זי אָבער און פאַרקלייבט זיך אונטערן הימל, און ווי קען איך, ביי מיינע יאָרן, קלעטערן אַזוי הויך? — גיי איך טאַקע נישט! אָבער עס ווילט זיך דאָך פאָרט זען דעם אייניקל, אַ טייער קינד, זאָל עס מיר געזונט זיין. נו, קריך איך, איז הערט איר, דער קריכן איז נאָך ווי דער קריכן. אַ סך ערגער איז דאָס אָפּכאַפּן דעם אָטעם. איך קען נאָכדעם אַ לאַנגע צייט נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם... אָבער מיינט איר, אַז זי, מיין שנור, קען יאָ? ס'הייבט זיך נישט אָן! הייניטיק יונגוואַרג טויג דען צו עפּעס? עס האָט אַ שוואַך האַרץ און גאָר קיין פּיס נישט, ס'איז דאָך אַמעריקע — אָבער פונדעסטוועגן קריכט עס...

טענה איך צו איר: טאָכטער מיינע, ווער הייסט דיך וואוינען אַזוי אַזוי הויך, נעם זיך ערגעץ אַ דירה נידעריקער!

זאָגט זי: נידעריקער! קאָסט צופיל און זי קאָן עס נישט באַהויפּטן...

זאָג איך צו איר: טאָכטערשי, דו בעסער שפּאָר אָפּ פון אַ מלבוש, פון אַ שמאַטע, און פאַרהיט דעם געזונט, ווייל אָן אַ שמאַטע קען מען אויסקומען — איז ווינציקער מיט אַ שמאַטע, אָבער אָן געזונט קען מען נישט.

ענטפערט זי: ס'איז נישטאָ פון וואָס צו שפּאָרן. ווייזן זיך צווישן לייטן, מוז מען זיין ריכטיק אָנגעטאָן. זי גייט אַזוי אויך ווי אַ שלעפּערקע.

וואָס עס מיינט ביי איר שלעפּערקע, ווייס איך נישט. מיר דוכט: זי גייט אָנגעטאָן, ווי אַ בת מלכה, הלוואי אויף אַלע יידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן, אָבער גיי רעד מיט אייערע אַמעריקאַנערקעס!

אָבער איך וואָלט אייך גלאַט געוואָלט פרעגן: צו וואָס דאַרף מען בויען אַזעלכע „שיבעלניצעס", אַזעלכע הויכע הייזער און מיט אַזויפיל שטיגן? וואָס, עס פעלט דען פּלאַץ ביי גאָט אויף דער ערד, אַז מען זאָל דאַרפן קריכן צו אים אין הימל אַריין? איך בין אַנומלט געפאָרן צו מיינעם אַ לאַנדסמאַן הינטערן שטאָט, איז דאָרטן דאָ אַזויפיל ליידיקער פּלאַץ, אַז מען קען אויפבויען אַ וועלט מיט הייזער...

אָבער, הפנים, אַז אייער קאָלומבוס וויל נאָר קריכן אינדער-

הויך. און דערפון, הערט איר, נעמט זיך די היגע צעמישעניש אין לשון, וואָס איינער פאַרשטייט דאָ נישט דעם צווייטן, ווי אַמאָל אין דעם דור הפלגה. אויך אַמאָל האָבן יענע מענטשן געמאַכט אַ הויכן טורעם און געוואָלט דערקריכן ביז צום הימל. וואָס זשע האָט גאָט געטאָן? האָט ער גענומען און צעמישט זייער לשון...

איר הערט, אויך אין אייער אַמעריקע האָט גאָט צעמישט דעם לשון. דוכט זיך, מען רעדט דאָ יידיש, אָבער וואָס פאַר אַ יידיש איז דאָס?

איך האָב אַן אייניקל, אַ וואויל יינגעלע, געזונט זאָל ער מיר זיין, רעדט ער נאָך דערווייל יידיש, אָבער די באָבע פאַרשטייט נישט וואָס ער רעדט...

אַנומלט איז מיין שנור געלעגן געוואָרן אין אַ האָספּיטאָל מיט אַ צווייט קינד, זאָל עס געזונט זיין. אַזוי ווי מיין זון האָט דאָך געמוזט אַוועקגיין אין אפיס*), אין אַמעריקע איז מען דאָך פאַרקויפט, בין איך געבליבן מיט מיין אייניקל, זאָל געזונט זיין, אין הויז. נו, שפּילט ער זיך, און איך פּאָרע זיך אין קיך. ערשט נאָכדעם הער איך, ער וויינט.

זאָג איך צו אים: וואָס וויינסטו, טייערער?

זאָגט ער: ער וויל „פאַ"!

דערהערט פאַ, מיין איך, ער וויל שלאָפן. פונוואַנען זאָל איך וויסן, אַז עס מיינט עפּעס אַנדערש אויך ביי אייך אין אַמעריקע?

זאָג איך צו אים: ווילסט שלאָפן? גוט, מיין קינד, קום און איך וועל דיך לייגן שלאָפן... וואו ווילסטו שלאָפן, אין בעט, צי אויף דער קאַנאַפּע?

איר פאַרשטייט, איך האָב געמיינט, אַז „פאַ" מיינט, ווי ביי אונז אינדערהיים — שלאָפן.

קוקט מיך מיין אייניקל אָן ווי אַ ווילדן מענטשן און צעשרייט זיך נאָך העכער:

— כ'וויל פאַ! פאַ! פאַ!

מיין איך, אַז דאָס קינד איז קאַפּריזנע, ווייל ס'וויל שלאָפן, נעם איך אים אָן ביים הענטל און וויל אים נעמען אין בעט

לאָזט ער זיך נישט, נאָר ער שרייט: „פאַ"!

*) קאַנטאָר.

הכלל, ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז מיט „פּאַ״ מיינט ער דאָ דעם טאַטן... נאַ דיר גאָר „פּאַ״ — אַ טאַטע!

און איר הערט? נאָכדעם האָט גאָר מיין אייניקל, אַ קלוג קינד, זאָל ער מיר געזונט זיין, מיך פאַרמסרט פאַר מיין זון.

— די באָבע איז אַזאַ גרויסע און ווייס נישט, וואָס „פּאַ״ מיינט!

אָט דאָס קומט פון דער צומישעניש פון לשון, דוכט זיך, דער-זעלבער לשון, און דאָך נישט דערזעלבער.

אָט נעמט אַזעלכע ווערטער, ווי „קיטשען״ און „טשיקען״. גיי ווייס דעם חילוק? „קיטשען״ איז — אַ קיך, און „טשיקען״ איז — אַ הון. ביי מיר האָט עס גענומען זייער לאַנג, ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט דעם חילוק. און נאָך היינט פאַרטומל איך זיך אָפּט און פאַרבייט „קיטשען״ אויף „טשיקען״.

און איך פרעג אייך: צו וואָס דאַרף מען עס? מען קען דאָך זאָגן: קיך און הון — קורץ און גוט! און איך פרעג אייך: און דער „האַלאָ״ איז דען נישט קיין נאַריש וואָרט? אין טעלעפאָן „האַלאָ״, צו דער באָבען „האלא״, צום הונט „האַלאָ״!

און וואָס איז מיט „באָי״? — אויך אַ צעטומלעניש! אינדער-היים ווייסט מען: אַ בחור איז אַ בחור און אַ יינגל איז אַ יינגל, און דאָ איז פאַר אַלץ — „באָי״. אַ גרויסער יאָלאָפּ, אַ „סאַראַק גאָד כלאָפּטשיק״ — איז באָי און אַ קליין יינגעלע פון דריי יאָר — איז אויך „באָי״...

אויך געפעלט מיר נישט דאָס וואָרט „ברום״. איך פרעג אייך: וואָס איז עס שענער פון דעם „בעזים״? מיר האָבן אינדערהיים אויס-געהאָדעוועט קינדער, געפירט „כאַזאַיסטווע״ אַלץ מיטן בעזים און דאָ נאַדיר גאָר פלוצלונג — ברום!

— מאַמע! — שרייט מיין טאָכטער. — דערלאַנג מיר דעם ברום!

זאָג איך צו איר: קינד מיינס, גענוג דיר ברומען, קענסט נישט זאָגן בעסער — בעזים. ס׳ברומט און ס׳טומלט דאָ שוין אַזוי אויך גענוג, אָן דעם ברום.

אַמעריקע! אַ צעמישט לשון, אַ דור הפלגה. איך ווייס גאָרנישט, וויאַזוי לעבט מען דאָ מיט אַזאַ לשון.

# טענה נומער 18.

## אַ בזיון — נישט קיין שיף!

דער איצטיקער „בעל-טענה“, וואָס איך שטעל פֿאַר אייך פּאָר, איז אַ שוסטער.

אַ פעסט-געבויטער, קליין-געוויקסיקער ייד, וואוינט אין אַ קעלער, זיבן אָדער אַכט טרעפּלעך אַרונטער, און לאַטעט שיך, אַ באַרעדעוודיקער און אַ שטיקל לץ.

— איר זענט שוין לאַנג אין אַמעריקע? — פרעג איך.

— אַזוי לאַנג, ווי איך בין דאָ אין קעלער, — לאַכט ער, — און אין קעלער בין איך שוין אַזוי לאַנג, וויפל איך בין אין אַמעריקע.

— מאַכט מען אַ לעבן? — פרעג איך ווייטער.

— מען מאַכט, אָבער ס׳וועגדט זיך ווער, — לצעוועט דער שוסטער מייגער. — דער „לענדלער“ פון אָט דעם הויז, אַן אַלטער בחור, מאַכט זיכער אַ לעבן... אָבער מען דאַרף נישט זינדיקן, — ווערט ער ערנסטער, — איך מאַך אויך אַ לעבן, אַז מען אַרבעט, מאַכט מען...

— געפעלט אייך אַמעריקע?

— און אַז ס׳איז מיר נישט געפעלן, האָב איך דען אַ דעה? אַמעריקע איז דאָך נישט געקומען צו מיר — נאָר איך צו איר... און גלאַט, וואָס איז דאָ צו געפעלן אַזאַ מענטשן, ווי איך? אינדערהיים געלעגן אין דער ערד און פאַרריכט שיך — און דאָ ליגט מען נאָך טיפער און מען „פּיקסט“ שיך. אָבער בכלל, — ווערט ער ערנסט, — טויג נישט אייער אַמעריקע!

— פאַרוואָס? — ווער איך נייגעריק.

— פאַרוואָס? — גיט ער מיך אַ קוק אָן מיט איראָניע. — ווייל די מענטשן זענען דאָ קיין מענטשן נישט, די פיס קיין פיס נישט, און די שיך קיין שיך נישט.

— מילא, — זאָג איך, — פאַר די מענטשן און די פיס וועל איך זיך מיט אייך נישט קריגן, אָבער פאַרוואָס געפעלן אייך נישט די שיך?

— וואָס איז דען דאָ צו געפעלן? — מאַכט ער. — ס׳איז דען שיך? — ס׳איז דאָך פּאַפּיר!

— וואָס מיינט איר פּאַפּיר?

— פּאַפּיר, פּייפּער! — רופט אויס דער שוסטער און גיט אַ קלאַפּ אַריין מיט האַסט אַ שטיפטל. — ס׳קאָן געמאָלט זיין, אַז פאַר אייך זענען עס שיך, אָבער פאַר מיר נישט. נישט ביי מאָטיען... ס׳איז שוואַרצע פּאַפּיר, געלע פּאַפּיר און די לעצטע צייט אַפילו אויך רויטע און גרינע פּאַפּיר, אָבער נישט קיין שיך...

— וואָס? איר לייקנט אין דעם היגן לעדער? — לאַך איך.

— און אַז איך וועל נישט לייקענען, וועט עס ווערן לעדער? קוקט ער מיך אָן מיט חוזק. — אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין לעדער!

— נישטאָ קיין לעדער? — זאָג איך. — מיינט איר, אַז ס׳איז נישטאָ קיין בהמות?

— בהמות, — שמייכלט מיין שוסטער, — פעלן דאָ נישט, מענטשן־בהמות זענען דאָ, ווען נישט קיין בהמות, וואָלטן זיי דאָך קיין פּאַפּירענע שיך נישט געטראָגן, נאָר וואָס דען, די אמתע בהמות, פון וועלכע מען דאַרף נעמען די פעל, האָבן דאָ משמעות קיין פעל נישט.

— וואו קומט אַהין, דענקט איר, די פעל? — פרעג איך.

— מען מאַכט דערפון סטייקס, — זאָגט ער, — לעדערנע סטייקס... און פאַר די שיך בלייבט גאָרנישט!..

— מילא, — זאָג איך, — איז אָן לעדער. אָבער אַ לעבן מאַכט איר דאָך?

— יאָ, — מאַכט מיין שוסטער, — מען מאַכט, אָבער דאָך גייט נישט איין די פּרנסה. ס׳איז איינפאַך אַ חרפּה צו נעמען אַ שוך אין האַנט! גיי קלאַפּ פלעקלעך אין פּאַפּיר! אינדערהיים, — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן, — האָב איך געוואוסט, אַז אַ שוך מאַכט מען פון לעדער, און ס׳איז געווען אַ חיות צו אַרבעטן. אָבער דאָ — פע!...

— האָט איר טאַקע דאָ גאָר קיינמאָל נישט געזען קיין אמתע לעדערנע שיך? — וויל איך וויסן.

— יאָ, געזען. אַמאָל פאַלט אַריין אַ גרינער מיט אַ פּאָר שיך. היימישע, אַ חיות אין האַנט צו האַלטן, אָבער אַפילו די היינטיקע גרינע טויגן שוין אויך נישט. זיי קויפן שוין די אַמעריקאַנער

פּאַפּירענע שיך אויפן וועג... שלעכט! — גיט מיין שוסטער ווידער אַ קרעכץ — איר הערט? אַמאָל הייב איך אָן גלויבן, אַז איך בין גאָר קיין שוסטער נישט... איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה: אַנט-קעגן מיר איז דאָ אַ ייד, וואָס פאַרקויפט צייטונגען, צעקריגט ער זיך איינמאָל מיט מיר. וואָס איז די מעשה? — דער ווינט האָט אַמאָל אַריינגעבלאָזן צו מיר פון זיין סטענד מיט עטלעכע צייטונגען, וואָס זאָל איך טאָן? איך זע פּאַפּיר, נעם איך און צינד אונטער מיין אייוועלע. קומט ער אַריין צו מיר און צעשרייט זיך און רופט מיך: שוסטער! זאָג איך צו אים: שאַט, שאַט! שרייט נישט אַזוי, איך בין פּונקט אין דיזעלבע ביזנעס, וואָס איר. איר גיט אייערע פּאַפּיר— און איך אויך! — און איך אויך! דיזעלבע פּאַפּיר, זאָג איך, נאָר אייערע זענען פאַר די אויגן צו קוקן און מיינע זענען פאַר די פיס צו טראָגן...

— איר פאַרשטייט? וואָס בין איך פאַר אַ שוסטער, אַז איך אַרבעט אָן לעדער? איר הערט, — ווערט ער לירישער, — אָט זיץ איך אין קעלער, שלאָף דאָ, עס דאָ, פּרנסה איז דאָ, ס'איז אָלרייט... און וויפל דאַרף איך אינגאַנצן? קיין ווייב האָב איך נישט. מיין ווייב ליגט נאָך אין אַ טיפערן קעלער, ווי איך... און מיין איינ-ציקער זון, מער האָב איך נישט, איז אויך אין די פּאַפּירענע ביזנעס— ער האָט אַ שוך-געשעפט. ער פאַרקויפט פּאַפּירענע שיך, כדי דער טאַטע זאָל האָבן וואָס צו לאַטען... און איר הערט? מען טאָר דאָך נישט זינדיקן. אָבער ווען ס'קומט אַ קונד און טענהט, אַז די שיך, וועלכע איך האָב אים פאַרריכט, רינען אַלצאיינס — הייבט מיר אָן ווי טאָן דאָס האַרץ, אָבער וואָס קען איך העלפן. וואו זאָל איך נעמען לעדער, וואו? און מיט די היגע פּאַפּיר קען מען אַ ליטיש שטיקל אַרבעט נישט מאַכן, מען קען נישט... אָט דאָס איז אייער אַמעריקע!

## טענה נומער 19.

### געכאַפּטע יידן.

אַנומלט בין איך אַריין צו אַ שניידער איינצונייען אַ פּאָר קנעפּלעך אין מיין ראָק, ווייל איך מוז אייך לאָזן וויסן, אַז מיין ווייב נייט מיר נישט איין קיין קנעפּלעך. אורזאַך? אַ סך אורזאַכן: ערשטנס, האָט זי קיין צייט נישט; צווייטנס, האָב איך קיין צייט נישט, דריטנס, האָבן מיר נישט קיין קנעפּלעך אין הויז. פערטנס, פעלט שטענדיק אין הויז מיט וואָס איינצונייען. פינפטנס, ווען אַ נאָדל איז שוין אפילו יאָ דאָ אין הויז, ווייס מיין ווייב קיינמאָל נישט וואו זי איז... און זעקסטנס, דאַרף מען צו אַ נאָדל אויך האָבן פאָדעם, און ביי מיר אין הויז איז שטענדיק דאָ די פאָדעם, וועלכע מען דאַרף נישט. למשל, דאַרף מען שוואַרצע פאָדעם — איז דאָ בלויז ווייסע, דאַרף מען ווייסע, איז דאָ בלויז שוואַרצע...

הכלל, איך לאָז זיך איינניי‌ען מיינע קנעפּלעך ביי אַ שניידער.

זיץ איך ביים שניידער, אַ היימישער יונגערמאַן, און וואַרט ביז ער וועט מיר מאַכן די אַרבעט. און מיין שניידעל איילט זיך נישט. ער האָט ליב צו רעדן און הערן מעשיות. און אַלעמאָל, ווען איר קומט צו אים אַריין, געפינט איר עמעצן, וואָס זיצט מיט אים און שמועסט.

דאָסמאָל האָב איך דאָרט געטראָפן אַן עלטערן ייד, מיט אַ שיין פאַרקעמטער באָרד, זיצנדיק היימיש אויף אַ שטול און שמועסנדיק.

ווער איז דער ייד? — דער ייד איז מיין שניידערס אַ לאַנדס-מאַן. ער איז שוין אַ פּאָר יאָר אין לאַנד. אַרבעט אַלס בעל-קריאה ביי די לאַנדסלייט אין שול, אַ קלוגער ייד. מאַכט ער דערפון אַ לעבן? — נישט! גאָר גאָרנישט!...

צעשמועס איך זיך מיט אים וועגן דאָס און יענס. ביז איך קום אַרויף אויף דער טעמע „אַמעריקע“. האָט איר עפּעס טענות צו אַמעריקע? — פרעג איך אים.

און מיין ייד האָט זיך צערעדט:

— טענות צו אַמעריקע? — פרעגט איר. — ס'איז דאָ געווג! — פאַר מיר, —מאַכט דער ייד, — איז אַמעריקע אַ לאַנד פון נ י ש ט. דאָ איז אַלץ נישט. יחוס? — נישט! ווייבער? — נישט! חתונות? — נישט! בריתן אויך נישט!

איר הערט אַ מעשה? אַנומלט בין איך געגאַנגען צו אַ היגער חתונה, דאָס ערשטע מאָל געווען אויף זייערער אַמעריקאַנסקער חתונה. נו, זאָג איך אייך, ס'איז אַ בזיון, אַ שאַנדע. פע, מיאוס! חוצדעס, וואָס די צערעמאָניעס זענען נישט קיין יידישע, איז אַפילו דאָס טאַנצן דאָ קיין טאַנצן נישט...

אינדערהיים טאַנצט מען אויך — אָבער ווי מענטשן. דאָ איז דאָס גאָר אַן אמתע עבודה זרה, נישט קיין טאַנצן. איר הערט? אַ נקבה מיט אַ בחור שטייען צוגעקלעפּט איינער צום צווייטן נישט אָפּצורייסן, מען קוקט איינער דעם צווייטן אין די אויגן און מען האָפּעט אויף איין פלאַץ.

דאָס איז אמתע עבודה זרה...

און היינט אַ ברית? דעם ערשטן מאָל, ווען איך בין געווען דאָ אויף אַ ברית, האָב איך געמיינט, אַז איך וועל זיך באַגראָבן פון שאַנדע. ס'האָט אַ פּנים פון חוזק. אָבער איצט האָב איך זיך שוין צוגעוויינט...

אַנומלט, הערט אַ מעשה, רופט מיך מיינער אַ שוועסטערקינד צו אַ ברית אין אַ האָספּיטאָל. גיי איך. איך קום צוגיין, — ערשט קיינער איז נישטאָ. איך טרעף דאָרט בלויז מיין שוועסטערקינדס שוויגער.

— וואו איז דער שווער? — פרעג איך ביי דער שוויגער.

— ער קען נישט קומען, — ענטפערט זי, — ער האָט אַ געוועלבל, קען ער עס נישט צושליסן.

— און וואו איז דער טאַטע, ס'איז דאָך שוין שפּעט?

— דער טאַטע אַרבעט ביז האַלבן טאָג. ער זשאַלעוועט צו פאַרלירן אַ גאַנצן טאָג, — וועט ער מן הסתם באַלד קומען.

— און וואו איז דער מוהל?

— וואָס האָט ער קיין צייט נישט?

מילא, וואַרטן מיר. עס ווערט שוין נאָך איינס. דער טאַטע

איז נאָך נישטאָ. ערשט דער מוהל קומט אַריין אַן איילנדיקער, אַ פאַרבייזנעוועטער, און גלייך רופט ער אויס:

— וואו איז דער טאַטע? איך האָב קיין צייט נישט!

הכלל, ענדלעך, איז דער טאַטע געקומען און מען האָט צוזאַמענגערופן נאָך דריי פרעמדע מענטשן, צווישן זיי צוויי ווייבער, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַן אַנדער ברית, און מען האָט זיך גענומען צום ברית.

ס'האָט געהאַט אַ פנים פון חוזק, מען האָט אָפגעכאַפט אַ ברית. איך מיט דער שוויגער האָבן צוגענומען אַלע כבודים... מען האָט אָפגעכאַפט... אפשר אינגאַנצן האָט עס געדויערט אַ צען מינוט.

און דערפאַר טאַקע זענען פאַראַן דאָ אין אַמעריקע אַזעלכע געכאַפטע יידן, וואָס האָבן קיין צייט נישט...

איר פאָלגט מיך, — מאַכט דער ייד, נאָכדעם, ווי ער האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל. — אַמעריקע איז קיין מדינה נישט. ס'איז אַ לאַנד פאַר שערער און ווייבער.

די שערער גלעטן דאָ איבער די פנימער און ליידיקן אויס די קעשענעס. און די ווייבער קריכן דאָ אויפן קאָפ און ליידיקן אויך אויס די קעשענעס.

איך וויל אייך פרעגן, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר, — פאַרוואָס גיט מען דאָ אַזוי נאָך די ווייבער? פאַרוואָס קומט עס זיי? אויך אינדערהיים האָט מען ליב ווייבער, אָבער פונדעסטוועגן ווייסן זיי, אַז אַ מאַנסביל איז אַ מאַנסביל און אַ יידענע איז אַ יידענע. אָבער דאָ, אין אַמעריקע, דאָ איז דאָך די ווייב דער גאַנצער בעל דעה.

זי זאָגט די דעה, ווי צו דערציען די קינדער, וואו צו וואוינען, וואוהין צו גיין, אַלץ זי!

די היגע מאַנסביל זענען, במחילה, פערד, אַרבעטן, ווי פערד, און גייען אין שפאַן ביי דער ווייב, ווי פערד.

איר האָט געהערט, אַ מאַן זאָל גאָר קיין דעה נישט האָבן? און טאַקע דערפאַר, גלויב איך, האָבן דאָ אַלע מאַנסביל פליכעס. ווייל, אַז מען גיט נאָך דער ווייב — טאַנצט זי אויפן קאָפ. און אַט דאָס איז אַלץ אין אייער אַמעריקע!

## טענה נומער 20.

### מיט איין וואָרט, ברילן!

באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַ יידענע:

— עך, עך! ווער האָט אינדערהיים געוואוסט פון ברילן? עלטערע מענטשן זענען זיך אויך באַגאַנגען אָן זיי. און איר הערט, אינגאַנצן שטעטל ביי אונז האָט מען געקענט אויסציילן צוויי, דריי מענטשן אין ברילן. איז דאָס אויך איינער פון זיי געווען דער אַפּטייקער, און דער צווייטער טאַקע אַן אמתער בלינדער.

אָבער איך פרעג אייך, וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק, וואָס ביי אייך אין אַמעריקע גייען אַלע אין ברילן?

איר הערט, איך האָב דאָ אַ גרויסע משפחה, קיין עין הרע נישט, קינדער, אייניקלעך, שוועסטערקינדער און גליד-שוועסטערקינדער. איז, הערט איר, כמעט אַלע גייען דאָ אין ברילן.

מיין עלטערער זון איז אַוועק פון דערהיים אַ געזונטער בחור; ווער ברילן, וואָס ברילן? ער איז אַוועק קיין אַמעריקע פריער פאַר אונז. איז, הערט איר, איך קום קיין אַמעריקע — אַהאַ! ער איז גאָר אין ברילן! איך האָב אים קוים דערקענט.

פרעג איך אים: וואָס עפּעס ברילן, וואָס, ח״ו, די אויגן שלעכטע? דערציילט ער מיר, אַז ער איז אַ צייט אַרומגעגאַנגען ליידיק, נישט דערעסן, נישט דערטרונקען, נישט דערשלאָפן. נו, האָט אים אָנגעהייבן שווינדלען אין די אויגן, איז ער אַוועק אין אַ שפּיטאָל און דאָרט האָט מען אים פאַרשריבן ברילן.

אַמעריקאַנער דאָקטוירים, אַז אויף קיין גוטן אָרט זאָלן זיי נישט שטיין. און איצט, זאָגט ער, וואָלט ער זיי שוין אַרונטערגענומען, ווייל עס שווינדלט שוין אים נישט, האָט ער זיך אָבער צוגעוויינט צו די ברילן און עס איז אים שוין שווער אָן זיי...

נו, וואָס זאָגט איר דערצו?

האָב איך נאָך אַ יינגל, נאָך גאָר אַ גאָרנישט, אינגאַנצן עלף

לעבעדיקער 1 באַנד.

יאָר אַלט, האָט ער אַנומלט זיך גענומען באַקלאָגן: מאַמע, דער קאָפּ טוט מיר וויי!

פרעג איך אים, אפשר איז דאָס פון מאָגן? זאָגט ער ניין! אין „סקול" האָט מען אים געזאָגט, אַז ער דאַרף ברילן! — הכלל, ער וויל ברילן! וואָס טוט מען? נעם איך דאָס קינד און גיי מיט אים אַוועק צו מיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַ דאָקטאָר. באַקוקט ער אים און זאָגט: יאָ, דאָס קינד דאַרף ברילן!

נו, דאַרף מען לעבן אויף דער וועלט? עלף יאָר אַ קינד און שוין ברילן! זאָג איך צום דאָקטאָר: דאָקטאָר, ווי קומט דער קאָפּ צו די אויגן? אים טוט דאָך נאָר וויי דער קאָפּ! לאַכט דער אַמעריקאַנער חכם און זאָגט, אַז קאָפּ און אויגן זענען איינס און דאָסזעלבע. אַמאָל טוען די אויגן וויי צוליבן קאָפּ און אַמאָל דער קאָפּ צוליב די אויגן.

נו, האָב איך קיין ברירה נישט געהאַט, בין איך אַוועק און געמאַכט מיין יינגל ברילן!

אָבער איר זייט נאָך נישט פאַרטיק. איך האָב אַ יינגסטע טאָכטער, אַ מיידל—אַ ברען. אויגן האָט זי ליכטיקע, גרויסע. איז הערט אַ מעשה: אַנומלט קומט זי פון דער אַרבעט. איך גיב אַ קוק, אַ קלאָג צו דער מאַמען! זי גייט דאָך שוין אויך אין ברילן! איך בין אַ פאַרציטערטע געוואָרן. שרה, וואָס איז דאָס? פרעג איך. זאָגט זי: דאָס זענען ברילן! זאָג איך, וואָס עפּעס פּלוצלונג ברילן? זאָגט זי: אַלע אירע חברטעס טראָגן ברילן, נו, האָט זי אויך אָנגעטאָן.

זאָג איך צו איר: דו קוקסט דאָך אָבער אין זיי אויס מיאוס!

זאָגט זי: מאַמע, וואָס ווילסטו פון מיר האָבן? אַלע גייען אין ברילן, גיי איך אויך.

היינט גיי רעד מיט איר, עס איז דאָך אַמעריקע!

אָבער וואָס דאַרפט איר מער? איך האָב אַן אייניקל, דריי יאָר אַלט, לאַנג לעבן זאָל ער. אַ חיותל, אַ שיין קינד. נעמט נישט דער טאַטע זיינער און טוט אים אָן ברילן?...

איך בין אַ פאַרציטערטע געבליבן. אַזאַ טייער קינד און שוין אין ברילן! וואָס זשע איז די מעשה? דער דאָקטאָר הייסט. אי, די היגע דאָקטוירים זענען קאַנאַוואַלעס און נישט קיין דאָקטוירים? — טאָ גיי טענה צו דער וואַנט.

און עס איז אַזוי: די מאַמע אין ברילן, דער טאַטע אין ברילן און דאָס אייניקל אויך אין ברילן!

און איר הערט. ווען די משפּחה קומט זיך צוזאַמען אויף אַ שמחה, זיצן אַלע ביים טיש אין בערלין... און ווייסט איר ווער עס איז אַן ברילן? — אַ י ד! איך איינע. איך, די אַלטע יידינע, בין אַן ברילן. נו, מעג נישט פֿאַרגיין אַ קלאַג צו אייער קאָלומבוסן!

## טענה נומער 21.

### אַהאַ, די קנעפּלעך הענגען שוין!

צעשמועס איך זיך מיט אַן אַלטן בחור וועגן אַמעריקע, און דער בחור האָט ליב אַ סך צו רעדן.

— אַמעריקע, — מאַכט מיין בחור, — טויג אויף ניין און ניינציק כּפּרות. אַט נעמט די היגע קנעפּלעך.

— וואָס איז מיט די היגע קנעפּלעך? — קוק איך אים אָן.

— וואָס? — פֿאַרקרימט זיך דער בחור, ווי עס וואָלט אים בענאַנגען אין לעבן. — נישטאָ דאָ קיין רעכטע קנעפּלעך, אָט וואָס!

— אָט דאָס איז גאָר אַלץ, וואָס איר האָט צו אַמעריקע? — פֿאַך איך.

— לאַכט נישט! — איז מיין בחור פֿאַרביטערט. — איר זעט, אַפּנים, אַ פֿאַרהייראַטער, איז אייך גוט, אָבער פֿאַר אַ בחור זענען קנעפּלעך נישט קיין געלעכטער.

מיין עלטערער בחור האָט זיך פֿאַרטראַכט, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און גענומען רעדן. אַפּנים, אַז די קנעפּלעך-פֿראַגע איז ביי אים געווען זייער אַן אָנגעווייטיקטע.

— אַז איך זאָג אייך, די היגע קנעפּלעך טויגן נישט, ווייס איך וואָס איך זאָג. איר פֿאַרשטייט, אָט נייט מען זיי איין און אָט הענגען זיי שוין... זיי האַלטן זיך דאָ נישט. קענט איר מיר נישט געבן צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי?

— איך ווייס נישט, — מאַך איך, — איך האָב די פֿראַגע נישט שטודירט.

— אַן עבֿרה, — זיפֿצט דער אַלטער בחור. — די פֿראַגע, זאָג איך אייך, איז אַ וויכטיקע, זייער אַ וויכטיקע, פֿאַר אונז, בחורים. איר הערט, אַט קויף איך אַן אַנצוג, און ווען איך קויף, בין איך שוין אַ מדקדק, און רעד אויס בפֿירוש, אַז די קנעפּלעך מוזן זיין שטאַרק איינגענייט. מיך אַרט נישט, זאָג איך צום שניידער, עס זאָל אַ ביסל דריקן אין פּאַכווע, דאָס קען איך איבערטראָגן. אַ ביסל צו ברייט — אַרט עס מיך אויך נישט; אָבער דער עיקר, די קנעפּלעך זאָלן זיין פֿעסט!... איך קען נישט פֿאַרליידן, אַז איך זאָל גיין אין גאַס און ביי מיר זאָלן זיך באָמבלען קנעפּלעך, אָדער אַ מיידל זאָל צו מיר צוקומען און אָנגעמען ביי מיר אַ קנעפּל און מיר עס דערלאַנגען מיט נצחון... איר פֿאַרשטייט? זיי, די מיידלעך, נוצן עס דאָך אויס אַלס אַ באַווייז פֿאַר חתונה האָבן!... אָבער עס העלפֿט דען, מיינט איר, מיין רעדן און בעטן? איך רעד, און דער שניידער לאַכט און גלייך ווי איך טו אָן אַן אַנצוג — אַהאַ, די קנעפּלעך הענגען שוין! ס'איז אַן אומגליק, זאָג איך אייך!...

— ווי איר קוקט אויף דעם, איז דאָס זיכער אַן אומגליק, — לאַך איך.

— ווי איך קוק? — ווערט דער אַלטער בחור אָנגעצונדן. — ווי איך קוק! גוט איז אייך, אַז איר קענט קוקן אַנדערש!... איך וויל פֿון אייך וויסן בלויז איין זאַך, פֿאַרוואָס ס'איז אַזוי. טויגן דען דאָ די קנעפּלעך נישט? די פֿאָדעם, צי די נאָדל? איך פֿרעג אייך, פֿאַרוואָס אינדערהיים, ווען מיין מאַמע פֿלעגט מיר איינניייען אַ קנעפּל, האָט עס זיך געהאַלטן פֿון פּסח ביז פּסח? און פֿלעגט עס זיך שוין אַמאָל אָפּרייסן, איז דאָס מיטן „פֿלייש", איר פֿאַרשטייט?

— אָבער, — זאָג איך, — איך פֿאַרשטיי נאָך אַלץ נישט, וואָס איז דאָ צו קאָכן זיך. רייסט זיך אָפּ אַ קנעפּל, נו, נעמט מען און מען נייט אים איין — און פֿאַרטיק!

— אַהאַ! איר פֿאַרשטייט נישט? —ערגערט זיך דער אַלטער בחור. — אַז עס רייסט זיך אָפּ אַ קנעפּל, נייט מען אים איין? איז אייך גוט, אַז איר קענט נייען, אַז איר האָט זיך געלערנט שניידעריי. אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך קען נישט? און אַפֿילו, ווען איך וואָלט געקענט, טו איך עס אויך נישט... ס'איז נישט מיין אַרבעט צו נייען קנעפּלעך אין אַמעריקע!

נו, גייט מען צו אַ שניידער! — לאַך איך.

— צו אַ שניידער! — מאַכט מיין בחור. — אַ דאַנק אייך פאַר אייער עצה. אַוודאי גייט מען צו אַ שניידער. אָבער דאָס איז דאָך אַ הוצאה! איר ווייסט, וויפל דער שניידער רעכנט פאַר איינגייען אַ קנעפל? צען סענט! דאָס איז אַ רציחה! איך וועל אייך מאַכן אַ חשבון: ביי מיר רייסן זיך יעדע וואָך אָפּ אָן אַ גוזמא פינף, זעקס קנעפלעך, נו, מאַכט עס אַ הוצאה פון 60 סענט אַ וואָך, צוויי דאָלאַר און פערציק סענט אַ חודש... מיט אַזאַ סומע קען מען שוין עפּעס טאָן!

— איר ווייסט וואָס, — מאַך איך, — נעמט און האָט גאָר חתונה!

— אַ דאַנק אייך פאַר דער צווייטער עצה, — מאַכט ער. — אָבער וועמען ווילט איר איינשמועסן, אַז מען האָט חתונה, ווערט מען פּטור פון די קנעפלעך? איך בין שוין קיין גרינער, און מיר וועט איר נישט איינרעדן, אַז חתונה האָבן קען לייזן די קנעפל-פראַגע. אַמאָל האָב איך אויך געמיינט, אַז עס איז אַזוי, ביז איך האָב גענומען באַגעגענען ביים שניידער יונגעלייט, וואָס קומען, פּונקט ווי איך, איינגייען קנעפלעך... איך האָב אַ חבר, אַ פאַרהייראַטער, נישט לאַנג געהייראַט. קום איך אַמאָלט צום שניידער, ערשט מיין בעני איז אויך דאָרט און איר מיינט, צוליב וואָס? אויך צוליב איינגייען קנעפלעך. איינעם אין מאַנטל, איינעם אין זשילעטקע און איינעם, אַנטשולדיקט — אין די תחתונים...

צעלאַך איך זיך און רוף אויס: אַהאַ, מזל טוב! אויך דו ביזט דאָ מיט די קנעפלעך! זאָגט ער: יאָ, איך אויך!

פרעג איך אים: און וואָס טוט דיין ווייבעלע?

לאַכט ער: מיין ווייבל דאַרף דאָך אַ פריער וועלן, און ערשט נאָכדעם קענען?

רוף איך זיך אָן צו מיין חבר: נו, האָב איך דיר דען נישט געזאָגט: האָב נישט חתונה! היינט זעסטו שוין, אַז איך האָב רעכט? דאָס רעדט מען אונז, בחורים, בלויז איין, אַז חתונה האָבן וועט אונז העלפן צו די קנעפלעך! פאַרשפּאָרן געלד!...

לאַכט מיין פריינט: יאָ, עס איז פון יענע ליגנס!... איך זאָג דיר, אַז פאַר דאָס געלט, וואָס מיר קאָסט מיין ווייבל, האָב איך געקענט אויסהאַלטן פאַר זיך אַליין אַ גאַנצן שניידער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט אַזוי איז עס, — ענדיקט דער אַלטער בחור, — אָט דאָס איז אַמעריקע־גנב !... אָבער איין זאַך פאַרשטיי איך נישט, פאַרוואָס האַלטן זיך פאָרט דאָ נישט די קנעפּלעך ? פאַרוואָס ?

## טענה נומער 22.

### די זופּ טויג נישט.

— וואָס, איר ווילט מיך טאַקע איינשמועסן, אַז אין אַמעריקע האָט עפּעס אַ ריכטיקן טעם ? — איר וועט עס נישט קענען ! — אָט אַזוי האָט זיך מיט מיר צעשמועסט מיינער אַ באַקאַנטער, אַ ייד נישט קיין יונגער און נישט קיין אַלטער, פון יענע יידן, וואָס קוקנדיק אויף זיי, ווייסט איר נישט וויפל יאָרן איר זאָלט זיי געבן.

— אָט נעמט, — מאַכט צו מיר דער ייד, — כאָטש דאָס היגע וואַסער. איז נו, האָט עס דען אַ טעם ?

— ווי מיר דוכט, האָט עס דעמזעלבן טעם, ווי דאָס היימישע וואַסער, — מאַך איך ?

— איר זענט שוין לאַנג אין אַמעריקע, האָט איר שוין פאַר־געסן, — מאַכט צו מיר דער ייד, — אָבער איך בין דאָ נישט לאַנג. מיין שיף, ווי זאָגט מען, פייפט נאָך, און איך געדענק זייער גוט דעם טעם פון אונזער היימישן וואַסער.

— און ס'איז טאַקע אַ גרויסער חילוק ? — פרעג איך.

— פ—ש ! נאָך וואָס פאַר אַ חילוק ! — פאַלט דער ייד אַריין אין גרויס התפעלות. — אונזער וואַסער האָט דעם אמתן טעם פון וואַסער און אייער אַמעריקאַנער וואַסער האָט אַלערליי טעמים, נאָר נישט דעם טעם פון וואַסער.

— מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס ? — וויל איך אַרויסשלעפּן אַ קאַפּיטשקע „וויסנשאַפט" ביי מיין יידן.

— מיט וואָס ? — געפעלט עס דעם יידן, וואָס איך לאָז זיך לערנען. — מיט אַלץ ! ערשטנס, איז עס אַמעריקע, און דאָ האָט

גאָרנישט נישט קיין טעם... און קאַקאַאָ האָט דאָ אַ טעם? און אַ גלאָז טיי האָט דאָ דעם טעם פֿון אונזערער אַ גלאָז טיי? און אַפֿילו אַ ביסל זופּ. איר ווייסט, מיר ליגט נאָך איצט דער טעם פֿון דער זופּ, וואָס איך האָב געגעסן אויף מיין חופּה-וועטשערע. ווי קען מען אין אַמעריקע געבן אַזאַ זופּ? איך בין שוין דאָ געווען אויף אַ סך חתונות, און מען גיט זופּ. איז עס, דוכט זיך, ווי זופּ דאַרף זיין: פֿעט, אַפֿילו מיט „אייגעלעך“, און דאָך, ווען מען נעמט עס אין מויל, האָט עס גאָרנישט קיין טעם! און איך פֿאַרטייטש עס פּראָסט: אַז די צוּפֿ טויג נישט, איז ווי קען טויגן די זופּ? איז האָט איר אייך אײן זאַך אַוועק. צווייטנס: דענק איך, אַז דאָס נעמט זיך פֿון דעם, וואָס דאָס היגע וואַסער קומט פֿון „פּייפּס“ *)...

— ניין, — פּרוביר איך פֿאַרטיידיקן דאָס אַמעריקאַנער וואַסער, — דאָס היגע וואַסער קומט פֿון די בערג, פֿון די קעטסקיל-בערג.

— איך ווייס, איך ווייס, — מאַכט דער ייִד אַ ביסל פֿאַרדריס-לעך, וואָס איך וויל אים לערנען. — איך ווייס, אַז דאָס וואַסער קומט פֿון די בערג. אָבער וואָס איז דערפֿון? אָט קומען די היגע מענטשן אויך פֿון „יוראָפּ“ און דאָך טויגן זיי נישט... עס איז נישט דער עיקר, פֿאַרשטייט איר מיך, פֿונוואַנען מען שטאַמט אָפּ, נאָר ווי מען גייט דורך, וואָס פֿאַר אַ חדר... אַלע אַמעריקאַנער קומען טאַקע פֿון „יוראָפּ“, אָבער זיי גייען דורך דעם היגן סדר החיים, איר פֿאַרשטייט? דאָס וואַסער קומט טאַקע פֿון די בערג, אָבער גיין גייט עס דורך די „פּייפּס“, און קומען קומט עס אָן צו אונז דורך דער וואַנט און פֿון אַ קראַן..

— וואָס, איר דענקט, — מאַך איך, — אַז די היגע „פּייפּס“ זענען נישט ריין?

— איך דענק? — מאַכט דער ייִד, שוין כמעט אין כעס. — און איר דענקט דען אַנדערש? נישט ריין! און פֿונוואַנען זאָלן זיי זיין ריין? וואָס, דענקט איר, מען קען ליגן אין דער ערד און זיין ריין און פֿריש?

— אָבער, — וויל איך דיסקוטירן מיט מיין ייִדן, — דאָס וואַסער אין די „פּייפּס“ לויפֿט דאָך שטענדיק, און ווייבאַלד עס לויפֿט, קען עס שוין נישט ראָסטן. און דאַן מוז עס זיין פֿריש!...

לויפֿט, שמויפֿט! — איז מיך דער ייִד מבטל. — וואָס לויפֿט?

*) וואַסער-רערן.

ווער לויעט? אַלץ לויפט דאָ אין אַמעריקע. נו, איז וואָס? דערפֿאַר ווערט עס דאָ בעסער? אַלע קינדער זענען דאָ „לויפֿערס״*), נו, איז וואָס, זענען זיי דען בעסערע קינדער?! וואָס טויגן אונז די הקירות?— מען דאַרף זען דעם אונטערשטן סף-הכּל, און דער אונטערשטער סף-הכּל איז: עס האָט נישט קיין טעם! יאָ, לויפֿן, נישט לויפֿן, — עס שמעקט נישט! עס פֿעלט דער טעם פֿון אמתן וואַסער. אײַ, אַ היימיש ביסל וואַסער פֿון דניעפּער, אָדער פֿון פּריפּיעט! צד, עס האָט דאָך אַלע טעמים פֿון גן-עדן! בעסער ווי די היגע קאַקאָ! און וואָס איז דער וואונדער? — מאַכט דער ייד. — יענס וואַסער האָט מען געקענט זעען פֿונוואַנען מען נעמט, האָט עס געמוזט זײַן פֿריש, אָבער דאָ זעט מען נישט... עס קומט וואַסער... פֿונוואַנען? איר זאָגט, פֿון די בערג?... אָדער ווער איז עס אײַך מחויב צו גלויבן... אפשר קומט עס פֿון אַ רינשטאָק, איך ווייס... ווײַל ווער גלויבט עס דען אַמעריקע? דאָ איז דאָך אַלץ נאַרערײַ, בלאָפֿס!...

— די שטאָט האָט אַ „וואַסער-קאָמיסיע״, וואָס גיט אַכטונג אויפֿן וואַסער, עס זאָל זײַן פֿריש און גוט, — מאַך איך.

— איר וועט עס דערציילן אַן אַנדערן! — מאַכט דער ייד. — אַ קאָמיסיע?... מאַלע, וואָס עס איז דאָ אַ קאָמיסיע. און אַז עס איז דאָ אַ קאָמיסיע אויף דירה-געלט, נו, ווערט ביליקער דירה-געלט? גאָרנישט! די קאָמיסיע איז זיך אַ קאָמיסיע, זי נעמט זיך געהאַלט און זיצט, און דאָס וואַסער איז זיך אַ באַזונדער זאַך... מיך וועט איר נישט אײַנשמועסן: אַ זאַך, וואָס קומט פֿון וואַנט, קען נישט טויגן. וואַסער איז גוט, אַז מען גייט אַליין און מען שעפּט עס אָן, דאַן זעט מען, וואָס מען נעמט...

— אָט קומט דאָך עלעקטריע, — זאָג איך, — אויך פֿון וואַנט, און פֿונדעסטוועגן איז עס נישט שלעכט...

— וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגלייך? — מאַכט דער ייד. — עלעקטריע דאַרף מען דאָך נישט טרינקען און נישט עסן, דאָס מעג קומען אַפֿילו פֿון בוידעם, וועמען אַרט עס!... און זעט איר, וואָס שייך עלעקטריע, אויף דעם טויג זיך אַמעריקע... דאָס איינציקע, וואָס אַמעריקע האָט, איז עדיסאָן.

---

*) פֿאַרשייטע יינגלעך.

# טענה נומער 23.

## הפקר א וועלט.

ווען ס'מאכט זיך אמאל דורכגיין העסטער פארק, האב איך ליב דארט זיך צוצוזעצן. אלעמאל געפינט מען דארט א יידן, מיט וועמען מ'קען כאפן א שמועס.

לעצטע וואך בין איך אויך פארבייגעגאנגען דעם פארק און זיך צוגעזעצט אויף א באנק. דער טאג איז געווען א ווארעמער, א שיינער. ווענדליק סוף אקטאבער, איז עס געווען כמעט א זומער-טאג. אין פארק איז געווען ליידיקלעך, וואו נישט וואו אויף א באנק איז געזעסן עמעצער און געדרעמלט אדער געקנייטשט א צייטונג.

נישט ווייט פון מיר, אויף דער באנק, וואו איך האב זיך צוגעזעצט, איז געזעסן אן אלטער ייד, מיט א שיינער פארקעמטער באָרד, האט געליינט א צייטונג און געקרעכצט.

איך האב ליב, אז א ייד קרעכצט, דאן דערפיל איך אין אים אן אייגענעם מענטשן. רוק איך זיך צו נענטער און גיב זיך א זאג אן צערעמאניעס (אין העסטער פארק צערעמאניעט מען זיך נישט):

— וואס קרעכצט א ייד?

— עך! — מאכט דער ייד און רוקט זיך צו נענטער צו מיר. — ס'איז דא אויף וואס צו קרעכצן אין אמעריקע. נישטא דא קיין יושר ביי אייער אמעריקע, איר האט שוין געליינט?

ער ווייזט מיר אן מיטן פינגער אין צייטונג.

איך כאפ זיך גלייך, אז ער מיינט די מעשה מיט דעם גע-גנבעטן ייִנגעלע אויף גרענד סטריט, און איך ענטפער:

— געליינט.

— נו, איז וואס זאגט איר אויף דער רציחה? — ווערט דער ייד מיט מיר שוין גאר היימיש. — וואו איז דאס געהערט געוואָרן אין דער וועלט, מען זאל כאפן קינדער אינמיטן העלן טאג און גארנישט? הפקר א וועלט! ניין, אמעריקע טויג נישט. ס'איז נישט קיין מדינה!

לעבעדיקער I באנד.

— וואָס איז די מדינה שולדיק? — וואַרף איך אַריין אַ פראַגע.

— שוין גאָר שולדיק! — מאַכט דער ייד מיט אַ זיכערן טאָן — אַ לאַנד, וואָס דערלאָזט צו אַזעלכע זאַכן, איז קיין לאַנד נישט, איז אַ הפקר! אפילו פאַר ניקאָלאַיען, ימח שמו, וואָלט אַזאַ זאַך נישט געקענט טרעפן.

— וואָס קען מען דערצו טאָן? — זאָג איך.

— מען קען שוין גאָר טאָן! — ווערט דער ייד כמעט אין כעס. — אָט דאָס איז די מעשה, וואָס מען טוט דאָ גאָרנישט! ערשטנס, האָט מען געדאַרפט כאַפּן דעם מאַן, וואָס האָט געכאַפּט דאָס קינד, און אים הענגען! וואָס, זאָג איך, הענגען? הענגען איז גאָרנישט, פערטלען, צעשניידן אויף שטיקלעך, אויף פּאַסן! פאַר אַזאַ רציחה מעג מען געבן די גרעסטע שטראָף. וואָס הייסט לאָזן גנבענען אַ קינד ביי אַ מאַמען? איר ווייסט, וואָס דאָס מיינט?

— אָבער, — מאַך איך, — איר האָט אפשר רעכט, אָבער ווי כאַפּט מען דעם כאַפּער? — די צרה איז, אַז מען קען אים נישט כאַפּן...

— אָט דאָס טענה איך דאָך, — מאַכט דער ייד כמעט גליקלעך, — אַז ס'איז קיין מדינה נישט. וואָס הייסט, מען קען נישט כאַפּן? פאַר־וואָס זאָל מען נישט קענען? — מען מוז קענען! ביי אַזאַ זאַך איז נישט פאַראַן קיין נישט קענען...

— אָבער איר זעט דאָך, אַז דערווייל קען מען נישט, — זאָג איך.

— אַוודאי קען מען נישט, — ווערט דער ייד אויפגעבראַכט, — ווייל מען וויל נישט. ווען מען וואָלט געוואָלט, וואָלט מען שוין געקאָנט! און דאָס טענה איך דאָך, אַז די מדינה איז קיין מדינה נישט...

— אָבער וואָס איז די מדינה שולדיק? — פאַרשטיי איך נאָך אַלץ נישט.

— דאָס איז די מעשה, וואָס איר פאַרשטייט נישט! — ווערט דער ייד שוין גאָר הייטמיש. — מיין טענה איז אַן איינפאַכע: ערשטנס און פריער פון אַלץ טאָר מען נישט דערלאָזן גנבענען קינדער. ווי אַזוי? מען דאַרף נישט דערלאָזן בויען דאָ אַזעלכע הייזער, „שיבל־ניצעס"... איר פאַרשטייט? ווען יעדע מוטער וואָלט דאָ געוואוינט אויף דעם ערשטן גאָרן, וואָלט זי געקענט אַכטונג געבן אויפן קינד דורכן פענסטער... איז שוין יאָ אַמעריקע שולדיק, האַ? ווער, כ'בעט אייך,

בעט אַמעריקע בויען אַזעלכע שפּיטעלן? ווער האָט דערפֿון עפּעס אויסער די לענדלאָרדס? און נאָכדעם איז אַמעריקע שולדיק, וואָס זי לאָזט „אָנפֿליאָדען” דאָ אַזויפֿיל אויטאָמאָבילן. אָט די אויטאָמאָבילן זענען דאָס אומגליק פֿון די קינדער. אָדער זיי פֿאָרן איבער קינדער, אָדער מען גנבֿעט מיט זיי קינדער. איר פֿאַרשטייט, מען פֿאָרט צו מיט אַן אויטאָמאָביל צום הויז — אַ כאַפּ אַ קינד, אַרײַנגעוואָרפֿן אין מאַשין און נישטאָ מיך... אָבער אָן אַ מאַשין קען מען עס נישט טאָן. אינמיטן גאַס, אינמיטן העלן טאָג, מענטשן וואָלטן דערזען, אַז מען שלעפּט אַ קינד, וואָלט מען נישט געלאָזט... נו, איז דאָס נישט די שולד פֿון אַמעריקע, האַ?

— אָבער, — מאַך איך, — איר זענט אפשר גערעכט, אָבער מען קען דאָך דערפֿאַר נישט אָפּשאַפֿן קיין אויטאָמאָבילן!

— פֿאַרוואָס קען מען נישט? — קוקט מיך אָן דער ייד בייז.— איר דאַרפֿט זיי נויטיק, האַ? מיר, אָרעמעלייט, פֿאָרן דאָך אַלצאיינס ביים לעבן נישט אין אויטאָמאָבילן און נאָכן טויט דאַרף אונז נישט אַרן, אַז מען וועט אונז פֿירן אויף אַ פּראָסטן וואָגן... אַלאַ וואָס, די נגידים, די רייכע? איז ווער איז מחויבֿ פֿאַר זיי צו זאָרגן? זיי זאָרגן עפּעס אַ סך פֿאַר אונז? וואו איז דער יושר, אַז צוליבֿ זייערע פֿאַרגעניגנס זאָל מען אומגליקלעך מאַכן עלטערן?

— אָבער, — זאָג איך, — אָט איז אינדערהיים אַמאָל נישט געווען קיין אויטאָמאָבילן, און פֿונדעססטוועגן פֿלעגט אויך טרעפֿן, אַז מען פֿלעגט צוגנבֿענען אַ קינד.

— אינדערהיים, — מאַכט דער ייד, — דאָרט איז עפּעס אַנדערש. ערשטנס, פֿלעגט עס זייער ווייניק טרעפֿן. אין מײַנע יאָרן האָט עס נישט געטראָפֿן, און אויבֿ ס'האָט יאָ געטראָפֿן, האָט מען כאָטש געוואוסט, אַז דאָס קינד לעבט. עס איז ביי אַ ציגײַנער, אָבער עס לעבט... אָבער דאָ אין אַמעריקע? שרייבט נאָך די צײַטונג אַליין, אַז מען קען נישט וויסן, וואו דאָס קינד איז, און מען זוכט עס אין די רינשטאָקן... דאָ קען מען גנבֿענען אַ קינד פּשוט צוליבֿ רציחה...

איך האָב מער נישט געהאַט קיין חשק צו דיסקוסירן מיטן יידן און איך האָב געשוויגן. דער ייד האָט זיך דערפֿילט מעשה זיגער און גערעדט ווייטער:

— און נאָך אַ רציחה איז, הערט איר, וואָס ביי אייך אין אַמעריקע ווערן אַלע גוטינקע לאחר המעשה, ווען מען קען שוין

גישט העלפן... מען לויפט צו די עלטערן... וואָס לויפט מען? מען באַט אָן הילף, שרייבט די צייטונג, אָבער וואו זענען זיי געווען פריער? איר פאַרשטייט מיך, מיסטער, ווען דער טאַטע קריגט הילף פריער, און איז נישט קיין אָרעמאַן, קומט עס דאָך נישט דערצו... אַ רייכער נעמט צום קינד אַ דינסט און זי גיט אַכטונג! — נישט אַזוי?

— אָבער אויך ביי רייכע גנבעט מען קינדער, — מאַך איך אַ באַמערקונג.

— מען גנבעט? — מאַכט דער ייד. — אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ משל? די רייכע ווייסן כאָטש פאַרוואָס מען גנבעט ביי זיי, ס'איז צוליב געלט, מען וויל אויסלייז-געלט — נו, באַצאָלט מען און מען קריגט דאָס קינד, אָבער וואָס וויל מען פון אַן אָרעמאַן?

— אָבער, — מאַך איך, — וואָס קען מען פאָרט דערצו טאָן, איר האָט אַן עצה?

— איך האָב! — הייבט זיך דער ייד אויף. — אַוודאי, ווען מען פרעגט מיך, האָב איך! אָרעמעלייט קענען נישט אָנשטעלן מענטשן צו היטן זייערע קינדער, נו, טאָ זאָל עס כאָטש טאָן די שטאָט... זאָלן די פּאָליסלייט אַכטונג געבן אויף די קינדער... איך פרעג, פאַר וואָס נעמען די פּאָליסלייט געלט? זיי טוען דען עפּעס? זיי היטן גנבים! היטן די קראָמען! זאָלן זיי בעסער היטן קינדער! אַ קינד איז טייערער ווי אַ קראָם! וואָס דענקט איר, איך האָב נישט רעכט? ע, ווען אַמעריקע איז אַ לייטישע מדינה, טוט מען עס! אָבער ס'איז קיין מדינה נישט!

דער ייד האָט צוזאַמענגעלייגט די צייטונג, אויסגעגלייכט די באָרד, געזאָגט אַ גוטן טאָג און זיך געלאָזט גיין גאַנץ בנעימותדיק.

## טענה נומר 24.

### אַז ראָקפעלער זאָרגט פאַר יידישקייט.

איך שטיי אַזוי ביי אַ פענסטער, פון אַ גאָלד-געשעפט און קוק אויף אַ חנוכה-לעמפּל, וועלכן איך בין אַ בעלן צו קויפן, קומט צו

אַ מיטל-יעריקער ייד מיט אַ שפּיציק גרוי בערדל, מיטן אויסזען פון אַ תלמיד-חכם און קוקט אויך. אַזוי איז שוין די טבע פון קוקן אין ניו-יאָרק: קוקסטו, — באַלד קריגסטו שותּפים, עלנט לאָזט מען דאָ קיינעם נישט זיין — ביי אַ פענסטער.

זע איך, אַז דער ייד קוקט אויך אויף דעם חנוכּה-לעמפּל, ווי איך. און גלייך פרעגט מיך טאַקע דער ייד:

— מיסטער! איר ווילט קויפן דעם חנוכּה-לעמפּל?

— כ'וואָלט געוואָלט, זאָג איך, אָבער איך גלויב, אַז ער קאָסט צופיל, און איר?

דער ייד גיט זיך אַ קרים און זאָגט:

— ס'לוינט זיך נישט! נישטאָ פאַרוואָס!

— וואָס הייסט ס'לוינט זיך נישט? — פרעג איך.

— חנוכּה איז דען אַ יום-טוב אין אַמעריקע? — מאַכט דער ייד. — און צו וואָס מאַכן פון זיך אַליין חוזק?

— פונדעסטוועגן, — מאַך איך, — שאַדט נישט אַ שיין חנוכּה-לעמפּל, עס איז אַ שטיקל צירונג פאַרן הויז אויך.

— צירונג — שמירונג! דאָ אין אַמעריקע איז אַלץ נאָר אַ צירונג! — קרימט זיך דער ייד. — מען האַלט דאָ נישט פון די יידישע ימים-טובים, נאָר מען צירט זיך מיט זיי. וואָס, ווינציק צירונג איז דאָ אָן חנוכּה-לעמפּלעך?

איך זע, אַז דער ייד איז ברוגז, שווייג איך.

דער ייד קוקט מיך אָן אַזוי שטרענג און דערנאָך צערעדט ער זיך ווייטער:

— דאָס איז די מעשה, וואָס פון אַלץ ווערט דאָ אין אַמעריקע גאָרנישט. אַ שפּיל, אַ צאַצקע, מען שפּילט זיך דאָ אין ימים-טובים. ראש השנה און יום כּפּור — אַ שפּיל מיט חזנים, פּסח — אַ שפּיל אין קניידלעך און חנוכּה אַ שפּיל אין חנוכּה-לעמפּלעך! אַז נישט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, די היגע יידן, מיט זייער יידישקייט! נישקשה, אַז מען וויל באמת האַלטן חנוכּה, בענטשט מען אין אַ בלעכענעם לעמפּל אויך! אין אַמעריקע איז אַלץ אַ שפּיל! מען שפּילט זיך דאָ מיט לעבנס, מיט מענטשן, פוי!...

איך קוק אָן מיין יידן, ער געפעלט מיר. איך האָב ליב, אַז אַ ייד איז אין כּעס, עס איז אַ סימן, אַז אים טוט נאָך עפּעס וויי...

מיין ייד זעט, אַז איך הער אים אויס, צעוואָרעמט ער זיך נאָכמער:

—אָט נעמט דאָס דריידל, איז ביי אונז אינדערהיים איז דאָס, ערשטנס, אַ מצוה-זאַך דאָס שפּילן אין דריידל, פון חנוכה צו חנוכה. און ס'איז גאָר קיין שפּיל נישט... נאָר דאָ אין אַמעריקע איז דאָס געוואָרן בלויז אַ שפּיל און נישט נאָר חנוכה, נאָר אַ גאַנץ יאָר. מען שפּילט דאָ!... און פון דעם גרויסן „נס גדול היה שם" איז געוואָרן אַ „פּוט און טעיק"*). פע, מיאוס! איך פרעג אייך, וואָס האָט אַמעריקע צו אונזערע ימים טובים?

— אַמעריקע האָט דאָ טאַקע גאָרנישט, נאָר די מענטשן האָבן, — פּרואוו איך זיך אָננעמען די קריוודע פון אַמעריקע.

— אַמעריקע איז די מענטשן פון אַמעריקע. און די מענטשן פון אַמעריקע איז אַמעריקע,—מאַכט צו מיר דער ייד מיט אַ ניגון.— וואָס פאַר אַ שול אַזאַ חזן... אין אַמעריקע איז אַלץ ביזנעס... און דאָס חנוכה-דריידל איז אויך ביזנעס... מען זאָגט, אַז דאָ איז שוין דאָ אַ גאַנצער טראָסט פון חנוכה-דריידלעך!...

איך שמייכל.

— וואָס שמייכלט איר? — מאַכט צו מיר דער ייד. — איר גלויבט נישט? איר קענט גלייבן! דאָ מאַכט מען פון אַלץ געלט, אַ טריפה מדינה און טריפהנע ביזנעס... אָט נעמט די ליכטלעך, די חנוכה-ליכטלעך, איז זענען זיי, זאָגט מען, אויך ביי אַ טראָסט אין די הענט, און נאָך אין גויאישע הענט דערצו. ראָקפעלער מאַכט פאַר אונז חנוכה-ליכטלעך!... איר פאַרשטייט, ראָקפעלער זאָרגט פאַר יידישקייט אין אַמעריקע. און קען שוין די יידישקייט דאָ האָבן אַ פּנים?

דער ייד קוקט אויף מיר מיט נצחון. איך באַמערק:

— איז הייסט עס, איר האַלט נישט פון חנוכה אין אַמעריקע?

— וואָס הייסט איך האַלט נישט? מען האַלט, אַ ברירה האָט מען!... אָט האַלט איך נישט פון די היגע ווייבער און פונדעסטוועגן האָב איך שוין דאָ צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט. מען קען זיך עפּעס העלפן? אַוודאי האָט עס נישט דעם יוראָפּישן טעם, אָבער אַ ייד קען דאָך אָן אַ ווייב נישט זיצן אַפילו אין אַמעריקע... האַ?

---

*) „שטעל און נעם" — אַ שפּיל אַזאַ.

— פאַרוואָס געפעלן איך נישט די היגע ווייבער ? — גיב איך אַ טאַפּ מיין יידן.

— אויך פון דעמזעלבן טעם, — מאַכט דער ייד, — אַ טראָסט ! אויך זיי זענען אין אַמעריקע אַ טראָסט. זיי האָבן אַלץ פאַר זיך : די „סודען”, די דזשאָדזשעס *), די פּאָליסלייט, אַלץ איז אויף זייער זייט ! איר ווייסט, איך בין שוין דאָ געווען אַרעסטירט צוליב מיין ווייב אויך, פאַר דער ערשטער ווייב ! איר פאַרשטייט, איך בין געווען דאָ אַליין צרות, אַרומגעגאַנגען ליידיק, נישט פאַרדינט, האָט זי מיך גענומען „יאַדען”, טרייבן פון הויז. בין איך איינמאָל אַוועק פון דערהיים אויף אַ חודש, האָט זי מיך געלאָזט אַרעסטירן : איך בין אַנטלאָפן פון איר ! אָט דאָס זענען די היגע ווייבער ! — אַ טראָסט ! זי מיך טרייבן מעג — און איך אַנטלויפן טאָר נישט. און צום סוף, הערט אַ מעשה, איז ז י פון מיר אַנטלאָפן, זי מעג ! איר פאַרשטייט, וויבאַלד מיט אַ יינגערן פון מיר, מעג זי שוין !... איז, ווען איר ווייסט, וויפל צרות איך האָב זיך אָנגענומען פון דעם טראָסט, קוים אַרויסגעקריגן פון איר אַ גט !

— איר זענט אַן אַרבעטער ? — פרעג איך.

— ע, ווען איך בין אַן אַרבעטער. שטיי איך דאָך נישט דאַ מיט אייך ! — מאַכט דער ייד זייער שטעכיק. — איך בין אַ מגיד... מיין נאָמען איז ישראל בלעכמאַן, נישט געהערט ? אָבער פאַר וועמען זאָל איך רעדן ? דאָ איז אויך די אייגענע מעשה: ווידער אַ טראָסט. די בעסטע פּלעצער האָט מען פאַרכאַפּט... און איך מוטשע זיך... אַמאָל האַלט איך אַ דרשה פאַר מיינע לאַנדסלייט... אָבער ס'טראָגט גאָרנישט!.. מען באַצאָלט נישט... אַן אייגענעם לאַנדסמאַן וויל מען נישט צאָלן... ס'איז דאָך אַמעריקע. און ווען מיין ווייב פאַרדינגט זיך נישט, וואָלט געווען שלעכט.

— אויף וואָס פאַרדינגט זי זיך ? — פרעג איך.

— אויף וואָס פאַרדינגט זי זיך ? אויף קימפּעטס !... נו, ברענגט זי אַריין אין הויז אַ פּאָר דאָלאַר, איז אָבער די צרה דאָ, וואָס, ערשטנס, איז זייער נישט גוט, אַז אַ ווייב איז דיר מפרנס ; און, צווייטנס — איז האָט מען דאָך נישט קיין ווייב ! זי איז שטענדיק אין פרעמדע הייזער... ס'איז נישטאָ אפילו פאַר וועמען צו בענטשן חנוכה-ליכטלעך !

— יאָ, — שטים איך אויך איין — אויב אַזוי, איז טאַקע שלעכט.

*) ריכטער.

# טענה נומער 25.

## אַ המצאה פון מלאך המות.

צערעד איך זיך מיט אַן אַלטן יידן, אַ היימישן, פון די יידן, וועלכע זענען געבליבן גאַנץ אין אַמעריקע, מיט באָרד און נשמה, כאָטש זיי זענען שוין דאָ זייער לאַנג. — צערעד איך זיך מיט אים וועגן פאַרשיידענע זאַכן, צעוואַרעמט זיך מיין ייד און רעדט מיר אויס זיינע טענות צו אַמעריקע.

— אַמעריקע,—מאַכט דער ייד,—איז אַ גיהנום, ס'איז אַ זינדיק לאַנד, אַ סדום! אָדער מען הרגעט זיך, אָדער מ'הרגעט יענעם, נישט גוט! און נעמען נעמט זיך עס דערפון, ווייסט איר פון וואָס?

— פון וואָס? — פרעג איך.

—פון דעם, וואָס איר, אַמעריקאַנער, מיינט, אַז איר זייט זייער קלוג. אָבער אין אמתן זייט איר נאַראָנים. אַמעריקע איז זייער אַ נאַרישע מדינה. פאָלגט מיך. אָט נאַט אייך אַזאַ זאַך ווי גאַז*). דוכט זיך, אַ קלוגע זאַך, עס לייכט, מען קאָכט דערויף, אָבער דאָך איז עס אַ שטיק טפשות. אייערע חכמים האָבן געקלערט און נישט דער־קלערט. מילא, גוט, זאָל שוין זיין גאַז, אָבער פאַרוואָס, פרעג איך אייך, דאַרף עס שמעקן? פאַרוואָס מוז עס זיין געפערלעך?

לאַך איך און זאָג:

— אָט האָט דער רבונו של עולם, להבדיל, אויך געמאַכט אַ זון — איז זי גוט, גוט, אָבער אויך אַמאָל געפערלעך... שטאַרבט מען נישט פון היץ אַמאָל, זיידע?

— וואָס פאַר משל? — ווערט דער אַלטער כמעט אויפגע־בראַכט. — ראשית, פאַסירט עס צו ווייניק. ס'איז אַ יוצא מן הכלל... און, צווייטנס, טרעפט עס נישט, ווען אַ מענטש איז אויף דער וואַך, נו, קען מען זיך היטן. גייט מען נישט אויף דער זון, ווען ס'באַקט!

*) גאַז.

האָט איר געזען? אָבער אייער גאַז קען מען דאָך נישט איינ־היטן, עס איז אַ סכּנה אי בייטאָג, אי ביינאַכט. אַ מענטש פאַר־געסט צו פאַרדרייען די גאַז — און אָט האָט איר אייך, אַ פאַרטיקער טויט!...

— הייסט עס, זיידע, אַז איר זייט קעגן גאַז? — שמייכל איך.

— יאָ, — מאַכט ער, — איך בין קעגן גאַז. ווען נישט גאַז, וואָלט ביי אייך אין אַמעריקע געווען מיט אַ סך מיתות משונות ווייניקער. איר פאַרשטייט? גאַז איז דאָך אַזאַ גרינגע המצאה פון מלאך המות. געפעלט איינעם נישט דאָס לעבן — נעמט ער גאַז. אַ מאַן געפעלט נישט דאָס ווייב, — דרייט ער אָפּ די גאַז... פע! ס'טויג נישט...

— אַז מענטשן ווילן זיך הרגענען, קאַן מען נישט פאַרהיטן! — מאַך איך.

— מען קען יע! — שרייט אויס מיין אַלטער. — איך פרעג אייך, פאַרוואָס האָט מען ביי אונז אינדערהיים נישט געהערט פון אַזעלכע רציחות אויף זיך און אויף יענעם, האַ? איר פאַרשטייט, אינ־דערהיים איז אויך מענטשן אַמאָל געווען נישט גוט: פּרנסה, אַן אשה רעה, קראַנקהייטן, און דאָך האָט מען געלעבט, פאַרוואָס? — ערשטנס, איז געווען אמונה... און, צווייטנס, איז געווען זייער שווער אָנצוטאָן זיך אַ מיתה. פּרוּווט אינדערהיים אַרונטערוואַרפן זיך פון אַ דאַך — טויג עס נישט! די הייזער זענען נידעריק. די ערד צו ווייך... ס'איז דען היגע שטיינערנע ערד? ! ווען אַ מענטש זאָל זיך אַרונ־טערוואַרפן פון אַ דאַך אינדערהיים, פאַלט ער אַריין אין בלאָטע, פּונקט ווי אין אַ פּערענע... אָבער ביי אייך אין אַמעריקע האָט מען אַלץ כּמעט ווי צוגעגרייט פאַרן מלאך־המות: הויכע הייזער, אונטן שטיינער, אַרונטערגעוואָרפן זיך — און פאַרטיק, איינס און צוויי. און ווען מען וויל זיך שוין גאָר ביי אייך באַוואָרענען מיט אַ זיכערן טויט, גייט מען אַוועק גאָר אין אַ הויכן הויז און מען וואַרפט זיך פון דאָרטן אַרונטער... אָדער נעמט ביי אייך אַן אַנדער מיתה־משונה, קנאַפּ האָט איר דען זיי? אין אַמעריקע, אַז מען וויל, וואַרפט מען זיך אונטער רעלסן, אָדער מען שפּרינגט אַרונטער פון אַ בריק גלייך אין וואַסער אַריין. מען רעדט שוין נישט, אַז מען קען זיך לאָזן איבערפאָרן פון אַן אויטאָמאָביל... אָבער ביי אונז אינדערהיים האָט עס נישט געקענט פּאַסירן: קיין אויטאָמאָבילן זענען נישט געווען, קיין בריקן אויך נישט, און אַ טייך אויך נישט קיין טיפער. מען

האָט זיך קוים געקענט אין אים אָפּשווענקען. און זומער, אין די היצן, איז ער געווען טרוקן און ווינטער, אין די פרעסט, אויסגעפרוירן. און וואַרפן זיך אויף די רעלסן פון אַ צוג, האָט מען אויך נישט געקענט. אַ צוג איז געווען ווייט פון שטעטל, מען האָט געדאַרפט פאָרן 20—25 מייל. נו, האָט מען גערדאַרפט האָבן הוצאות הדרך, און סתם פאָרנדיק אַזוי ווייט האָט מען זיך געקענט באַדענקען, אַז ס'איז אַ טפּשות... און דערפאַר טאַקע האָבן ביי אונז אַזוי ווינציק מענטשן גענומען זיך אַליין דאָס לעבן. אָבער דאָ איז דאָך אַלץ אַזוי גרינג! יעדע מיתה משונה איז צוגעגרייט: דו גיי און קלויב נאָר אויס... איר פאַרשטייט מיך, צי ניין?

— איך פאַרשטיי אייך זייער גוט, — זאָג איך.

— איר פאַרשטייט און פונדעסטוועגן מיינט איר אויך, אַז קיין קליגערע מדינה, ווי אַמעריקע איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. ניין, אַנטקעגן אונזער אַלטער וועלט טויג זי נישט. אָט נעמט די מעשה פון דעם מאַן, וואָס האָט דערמאָרדעט זיין פרוי, פון וועלכע די בלעטער שרייבן אַזויפיל. נו, האָט איר אַזאַ זאַך געהערט איינדערהיים, צווישן יידן? פאַרוואָס זשע קען עס געשען אין אַמעריקע? — פשוט: ווייל מען איז דאָ קיין יידן נישט. איינדערהיים קען אַ ייד נישט דערהרגענען זיין ווייב ביינאַכט, ווייל איידער ער לייגט זיך שלאָפן, זאָגט ער דאָך קריאת שמע: „בידך אפקיד רוחי"... היינט וואָס איז ער פאַר אַ באַלעבאָס אויף אַ פרעמדער נשמה? אָבער דאָ וואַרפט מען זיך אַריין אין בעט, ווי חזירים, ווער קריאת שמע, וואָס קריאת שמע? נו, ווערט מען מערדער! און דאָסזעלבע איז אינדערפרי. ווי קען אַ ייד אינדערהיים הרגענען דאָס ווייב אינדערפרי, אַז ער דאַרף גאָר אָפּגיסן נעגלוואַסער און לויפן צום ערשטן מנין צו עבודת הבורא? אָבער דאָ לויפט מען דאָך גאָר צו דער אַרבעט. קיין מורא פאַר גאָט, נאָר פאַרן באָס און שאַפּ. און דערפאַר שטיקט מען זיך דאָ אויס.

— ניין, ליבער פריינט, — האָט דער אַלטער ייד פאַרענדיקט מיט נצחון, — ביי אייך אין אַמעריקע איז נישט גוט, זייער נישט גוט... אַ זינדיקע וועלט דאָ ביי אייך, זייער אַ זינדיקע!...

## טענה נומער 26.

# מיטן כוח פון געלט.

— נו, הא, וואס וועט איר איצט זאגן? איר שרייט דאך אלעמאל: אמעריקע... אז אמעריקע איז א גאט, — נו, איז אט געקומען א שטורעמווינט און אייך געוויזן, וואס מען קען מאכן פון אמעריקע...

— איר ווייסט, וואס איך וועל אייך זאגן? איך דאנק גאט פארן שטורעם... אמעריקע האט צופיל פארריסן די נאז: זי און זי! זי איז שטארק. זי איז רייך. זי איז באשיצט און באווארנט. קיינער אין אין דער וועלט איז צו איר נישט גלייך, איז געקומען דער שטורעמווינט און איר באוויזן, אז אויך אויף אמעריקע האט נאך עמעצער א דעה...

— אוודאי זענען די מענטשלעכע לעבנס, וואס דער שטורעם האט צוגענומען, אן עברה... אבער וואס קען מען זיך העלפן? לאחר המעשה, בדיעבד, איז מוז עס זיין ניחא!... גאטס וועגן טארן מיר נישט קריטיקירן סיי ווי סיי. און איצט, ווען דער שטורעם האט שוין זיינס אפגעטאן, וועט עס זיין א מוסר השכל פאר אמעריקע. זי זאל זיך נישט יאגן, נישט האווען און נישט זיין אריינגעטאן אין הבלי-העולם. נישט וועלן איינשלינגען א וועלט... ווייל מען זעט, אז אחרי ככלות הכל העלפט עס גארנישט... מען שלינגט און מען מוז נאכדעם געבן צוריק...

— איר פארשטייט מיך, צי נישט? אמעריקע בויט הויכע הייזער, גאנצע פעסטונגען, די מענטשן דא מיינען, אז וויבאלד זיי קענען פארן אויף מאשינעס, סאבוויים*) און לופט-באלאנען און טייוואלים, איז שוין די וועלט ביי זיי אין קעשענע. וואס זשע טוט גאט? נעמט ער און שיקט ארונטער איינעם פון זיינע שלוחים, א שטורעמווינט, און פון אלע אמעריקאנער גבורות ווערט אן אויסגעבלאזן איי...

— אבער צוריקשמועסנדיק, דוכט זיך מיר, אז אמעריקע וועט שוין קיין שטורמעווינט אויך נישט העלפן, זי וועט נישט תשובה טאן... רשעים האבן נישט קיין חרטה, אפילו נישט ביים טויער פון גיהנם...

*) אונטערערדישע באן.

אָט נעמט טאַקע דער שטורעמווינט: אַזאַ אומגליק, אַזאַ בראַך. אַזויפיל מענטשן און האָב און גוטס פאַרניכט — וואָס־זשע טוט אַמעריקע? מיינט איר, זי רופט אַ תענית צבור? פאַסט און טוט תפילה צו גאָט, ער זאָל אָפּטאָן זיין צאָרן? ניין! אַמעריקע בלייבט אַמעריקע׳ קאָלומבוסן קען מען נישט איבערשרעקן... מען לייענט מער צייטונגען — אָט וואָס!... די גאַנצע זאַך לאָזט זיך דאָ אויס צו די צייטונגען, וואו אַן אומגליק, זענען זיי דאָ, מאַכן זיי מער געלט... פאַר וועמען אַ קלאָג — פאַר זיי אַ שמחה...

— כ׳בעט אייך, גיט מיר צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ פאָלק איז דאָס? איר פאַרשטייט, ביי אַזאַ אומגליק דאַרף מען גוזר תענית זיין. מוז מען רופן דאָס פאָלק צו תשובה. אָבער דאָ גאָרנישט... איך פרעג אייך: צו וואָס דאַרף מען דאָ אַ פרעזידענט? ער זאָל זיך זיצן אין ווייסן הויז און גאָרנישט טאָן? אַ פרעזידענט איז דאָך עפּעס דער ראש האומה! און די אַרבעט פון רופן אַ תענית צבור האָט געדאַרפט זיין זיינע! ווייל ווען נישט ער, איז ווער? רופט ער אָבער נישט. ער זיצט מן־הסתם אויך און לייענט די נייס פון דעם חורבן, וואָס דער שטורעמווינט האָט אָנגעמאַכט, קוקט אויף די פיקטשורס*) און איז יוצא...

— איר זאָגט, אַז אַמעריקע איז אַ יונגע מדינה און זי פאַרצווייפלט נישט. זי איז געזונט און שטאַרק, און ווען עס טרעפט אַן אומגליק, איז, אַנשטאַט תעניתים, זאַמלט זי געלט און העלפט!...

— יאָ, איך בין אייך מודה, אַז מען העלפט דאָ, און מען ווערט דאָ מן הסתם אויפבויען צוריק. — אָבער קיין תכלית איז עס פאָרט נישט. דער עיקר פעלט דאָ. ווייל וואָס הייסט העלפן? געבן געלט! און געלט הייסט ווידער: א י ך  ב י ן  ד ע ר  ק נ א ק ע ר! איך קאָן זיך אַליין העלפן! אָבער אַ תענית ציבור הייסט רופן צו גאָט, אַז ער זאָל העלפן, אַז עס זאָל שוין מער נישט זיין אַזאַ חורבן... און ס׳איז אַ גרויסע נפקא מינה... — איר פאַרשטייט מיך, צי ניין? מיט געלט קען מען בלויז אויפבויען הייזער, איינקויפן מעבל און עסן, אָבער קיין טויטע קען מען נישט לעבעדיק מאַכן... די, וואָס זענען פון שטורעם אומגעקומען, וועלן נישט געהאָלפן ווערן... איר פאַרשטייט מיך, צי ניין?

אָבער אַנדערש איז, ווען רופט צו גאָט און מען בעט צו אים: ער קען דאָך פאַרמיידן די גאַנצע חתונה, אַז דער חורבן זאָל נישט

*) בילדער.

זיין, אי די מענטשלעכע לעבנס זאַלן בלייבן... איר פאַרשטייט מיך, צי ניין ?

— אַמעריקעס אומגליק איז, וואָס זי מיינט, אַז מען קען אָפּלייקענען גאָט. אַמעריקעס צרה איז, וואָס מען האַלט צופיל פון געלט... געלט איז טאַקע אַ זאַך, אָן געלט איז אַוודאי שלעכט און ביטער, אָבער וואו איז עס געשריבן געוואָרן ? ווען ? ווען גאָט איז אויך דערביי... געלט אָן גאָטס כוח איז קיין כוח נישט... מיטן כוח פון געלט אַליין קען אַ מענטש ווייט נישט גיין...

אָט אַזוי האָט זיך מיט מיר צעטענהט מיינער אַ באַקאַנטער עלטערער ייד, אַ פרומער מענטש ביז גאָר און אַ שטיקל חקרן, נאָכן גרויסן שטורעם, וואָס האָט צעשטערט איין און דרייסיק שטעט אין אַמעריקע. און וויפל איך האָב אים נישט געפּרואווט באַווייזן, אַז ער האָט נישט גאָר אינגאַנצן רעכט, — האָט עס מיר נישט געהאָלפן.

## טענה נומער 27.

### נאַטור — שמאַטור !

אַ מיטנוואָך-טאָג. איך גיי אַרום אין זאָאָלאָגישן גאָרטן פון בראָנקס פּאַרק און באַטראַכט צום הונדערטסטן מאָל די חיות. זיי געפעלן מיר אַלעמאָל, די חיות. אַלעמאָל ניי, ווי ערשט פון וואַלד אַרויס. צוקומענדיק צו די ים-לייבן, שטעל איך זיך אָפּ. איך ווייס, אַז באַלד וועט מען זיי געבן עסן פיש און איך האָב ליב צוצוקוקן, וויאַזוי דידאָזיקע האַלב-פיש און האַלב חיות שלינגען פיש, און וויאַזוי זיי קעמפן פאַר חיונה, כמעט מענטשלעך : אַזוי ווילד... כאַפּן ממש אַרויס איינער ביים צווייטן דעם ביסן פון מויל...

שטיי איך אַזוי און וואַרט. ערשט ס'קומט צו אַ ייד. שטיל, עניוותדיק. מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. קומט ער צו, שטעלט זיך אָפּ. קוקט, ווי די ים-לייבן הינקען אַרויס און הינקען אַריין אין וואַסער, לאָזט ער אַרויס אַ קרעכץ :

— דאָס קען נאָר אַמעריקע!

— וואָס קען אַמעריקע? — פרעג איך.

— אַמעריקע קען אַ סך זאַכן. — מאַכט דער ייד און שאָקלט דערביי מיטן קאָפּ. — איך פרעג אייך, צוליב וואָס האַלט אַמעריקע דאָ פאַרשפאַרט די אַלע חיות?

— וואָס הייסט, צוליב וואָס? — מאַך איך. — דאָס איז דאָך אַ זאאָלאָגישער גאָרטן. ספּעציעל טאַקע נאָר פאַר די חיות.

— איך ווייס! איך ווייס! — מאַכט דער ייד ווי ער וואָלט זיך באַליידיקט, וואָס איך דערקלער אים אַזאַ באַקאַנטע זאַך. — אָבער איך פרעג אייך, צוליב וואָס דאַרף מען זיי דאָ האַלטן? ווער דאַרף עס?

— אָ, — מאַך איך, — וועגן דעם ווער עס דאַרף עס, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש... מען דאַרף עס! ערשטנס, כדי מענטשן זאָלן וויסן ווי חיות זעען אויס, און צווייטנס, כדי פון זיי צו לערנען די זאאָלאָגישע וויסנשאַפט.

— ווייס איך וואָס און ווייס איך ווען! — מאַכט דער ייד מיט גרויס ביטול. — מענטשן דאַרפן זייער נויטיק וויסן ווי חיות קוקן אויס? וואָס, זיי זעען דען אַליין קנאַפּע חיות? און וועגן לערנען גיב איך אייך דערפאַר נישט קיין צעבראָכענעם סענט... לערנען פון חיות? מה דאָך, אַז מענטשן לערנען גאָרנישט פון מענטשן, וועלן זיי לערנען פון חיות?... און וואָס קען מען פון זיי לערנען? די שיינע מידות וואָס זיי האָבן? קראַצן זיך פאַר אַלעמען אין די אויגן, ווי די מאַלפּעס טוען? אָדער גיין צו אַ ווייב בפרהסיה, ווי די טשערעפּאַכע טוט אָדער דער בער?

— אָבער, — מאַך איך, — אַ מענטש מוז דאָך קענען די נאַטור.

— נאַטור — שמאַטור! דאָס האָט אַמעריקע אויסגעטראַכט! — מאַכט דער ייד שוין מיט אַ סך הנאה, — אַ מענטש דאַרף נאָר קענען געלט. אַז מען קען געלט, קען מען די נאַטור...

— אָבער, — וויל איך שוין מאַכן פון דעם גאַנצן געשפּרעך אַ וויץ. — וואָס אַרט עס אייך בכלל, אַז מען האַלט דאָ די חיות?

— עס אַרט מיך שוין גאָר! — מאַכט דער ייד גאַנץ ערנסט. — ס'איז דאָך אַ הוצאה! און איך האָב פיינט אומזיסטע הוצאות! צו וועמענס קאָפּ לאָזט זיך עס אַלץ אויס? צום אָרעמאַנס. איין קלייניקייט, אויסצוהאַלטן אַזאַ חברה אומזיסטע פרעסערס... האָט איר געזען, ווי מען טיילט דאָ פיש די ים-לייבן? אַט וועט איר באַלד זען!

איך זאָג אייך, אַז עס איז אַ שרעק, וויפל פיש זיי פּאַקן אין זיך אַריין! מען האָט דאָך געקענט איינטיילן אפשר הונדערט יידישע אָרעמע פאַמיליעס מיט פיש אויף שבת! און ווער איז בילכער? היינט וויל איך אייך זאָגן נאָך וואָס, — האָט זיך דער ייד צעוואַרעמט, — ס'איז פשוט אַ סכנה אויך.

שטעלט זיך פאָר אין אַ מיטן מיטוואָך רייסן זיך אַלע חיות אַרויס פון די שטייגן און גיבן זיך אַ לאָז אַרויס איבערן שטאָט, איז וואָס, מיינט איר, וואָלט דאַן געווען? ניין! איך זאָג, אינדערהיים האָט מען געקענט אויסקומען אָן חיות, קען מען דאָ אויך. אָבער ס'איז דאָך אַמעריקע, עס מוז אַלץ געטאָן ווערן פאַרקערט: מענטשן זאָלן אַרומגיין ליידיק און הונגערן, און חיות זאָלן זיין באַזאָרגט מיט עסן!

דער ייד האָט מיך אָנגעקוקט מעשה זיגער.

איך גיב אַ טראַכט: ניין, איך מוז דעם יידן באַזיגן! און מיט וואָס באַזיגט מען אַזאַ יידן, אויב נישט מיט אַ — פשטל? — מאַך איך צו אים אַזוי:

— איך ווייס נישט, פעטער, וואָס איר האָט צו אַמעריקע? אָט איז נח נישט געווען קיין אַמעריקאַנער און ער האָט אויך אויפגעקליבן צו זיך אין קאַסטן אַלע חיות פון דער וועלט.

— נח האָט אויך אויפגעקליבן, — מאַכט דער ייד, — אָבער דאַן האָט מען עס דאָך געמוזט. עס איז דאָך געווען צוליבן מבול! אַ סכנה!

— און פונוואַנען ווייסט איר, אַז עס קען נישט זיין קיין צווייטער מבול? — מאַך איך.

אַ צווייטער מבול קען נישט זיין, — זאָגט דער ייד, — וואָס, איר ווייסט נישט פונם רעגנבויגן?

— נו, איז נישט קיין מבול, איז אַן אַנדער אומגליק. קנאַפּ אומגליקן זענען דאָ אויף דער וועלט! — מאַך איך. — אַן ערד-ציטערניש, למשל.

מיין ייד האָט זיך פאַרטראַכט:

— אויב אַזוי, — זאָגט ער, — איז עפּעס אַנדערש... צוליב אַן אומגליק קען מען שוין. נו, און דאַן, הייסט עס, איז אַמעריקע ביי אייך אַ נח הצדיק... אַ שיינער נח הצדיק, נישטאָ וואָס צו רעדן! — האָט זיך דער ייד צעלאַכט גאַנץ געשמאַק.

דערווייל איז אָנגעקומען דער מאַן מיט די פיש און גענומען

וואַרפֿן פֿיש צו די ים-לייבן. איך מיטן יידן האָבן זיך פֿאַרקוקט, ווי די לייבן עסן, און מיר האָבן שוין מער נישט גערעדט.

## טענה נומער 28.

### ווער איז באַלעבאָס?

איך האָב געזוכט יידן, וועלכע האָבן טענות צו אַמעריקע. (און וועלכער ייד האָט עס נישט?). באַגעגן איך נעכטן אַ יידן ביי מיין קצב. אונז ביידן האָבן די ווייבער געשיקט קויפֿן פֿלייש: אונזערע ביידנס ווייבער האָבן נישט געקענט אַרויס פֿון הויז, ווייל זיי זענען געווען פֿאַרקילט. זיצן מיר ביידע ביים קצב, צערעדן מיר זיך דערווייל. גיב איך אים אַ טאַפּ וועגן אַמעריקע. מאַכט דער ייד: — אַמעריקע? — דאָס איז אַ לאַנד נאָר פֿאַר באָרדערס! זייער מדינה, אָבער פֿאַר פֿאַרהייראַטע טויג זי אויף ביין און ניינציק!

וויל איך, אַז מיין ייד זאָל מיר באַגרינדן זיין טענה. פֿוילט זיך נישט דער ייד און באַגרינדעט זי:

— איר פֿאַרשטייט? — מאַכט ער צו מיר. — אין דער אַלטער היים איז געווען אַ באַלעבאָס — אַ באַלעבאָס, און אַ שכן איז געווען אַ שכן. יעדער האָט געוואוסט וואָס ער איז. און אַ באַלעבאָס איז געווען דער קאָפּ פֿון הויז. דער אויטאָריטעט פֿאַר דעם ווייב און פֿאַר די קינדער. איך געדענק, אינדערהיים, ביי אונז, מיין טאַטע פֿלעגט זיך צולייגן בייטאָג שלאָפֿן, פֿלעגט די מאַמע אַרומגיין מיט אַ „שאַ” און אַ ש—ש! די קינדער האָבן נישט געטאָרט אַ פּיפּס טאָן. און דאָ, אין אַמעריקע, איז דער טאַטע אַ הונט, אַ גאָרנישט, און דער באָרדער איז גאָר דער באַלעבאָס. אויב איר האָלט באָרדערס, ווייסט איר דאָך. עס איז מן הסתם פּונקט אַזוי ווי ביי מיר... איר האָלט נישט? — איז אַזוי וואויל צו אייך... אָבער איך מוז האַלטן. איר פֿאַרשטייט, ווער קען עס צאָלן היינטיקע צייטן אַליין דירה-געלט? און בפֿרט, ווען מען וויל וואוינען שיין, אין די גרויסע צימערן! דאָ האָט מיין

ייד געמוזט מפסיק זיין, ווייל דער קצב האָט אים געפרעגט וואָס ער וויל. דער ייד האָט אים געזאָגט און ער האָט זיך ווידער גענומען צו זיין טענה:

איר פאַרשטייט? אָט האָב איך איצט אַ באָרדער, ערשט די לעצטע וואָך אַריינגעקליבן זיך. וואָלט איר זען, וואָס מיט דעם בחור טוט זיך אָפּ ביי מיר אין הויז. ערשטנס, טאָר אין זיין צימער קיינער נישט אַריין, אפילו ווען ער איז ביי דער אַרבעט.

צווייטנס, ווען ער איז אין הויז, מוז די גאַנצע הויז זיין שטום. מען טאָר קיין הויך וואָרט נישט אויסרעדן, ווייל מיין ווייב זאָגט, אַז דער באָרדער איז אַ „נערוועזער", ער קאָן נישט פאַרליידן קיין טומל... אַזאַ מענטש איז ער, זאָגט זי... און ווער רעדט שוין, אַז דער באָרדער שלאָפט? — דאַן טאָר זיך קיינער נישט אַ ריר טאָן פון אָרט.

און דאָ הייבן זיך אָן מיינע צרות: איך האָב דריי קינדער, — און איר ווייסט דאָך, קינדער האָבן ליב שטיפן: אַ לויף טאָן, אַ שפרינג טאָן, אַ לאַך טאָן, — נו, כאַפּן זיי אַריין די ריכטיקע קלעפּ פון מיין ווייב. זי ממיתט זיי ממש. מיש איך זיך דאָך אַריין — שרייט זי אויף מיר, און לייגט מיך אין דער ערד.

טענה איך צו איר: פאַרוואָס אַרט דיך נישט, פּעני, ווען איך שלאָף און די קינדער טומלען און קצרן איבער דאָס הויז? — זאָגט זי: אַז מיך האָט זי אין דער ערד, אָבער דער באָרדער קען זיך נאָך אַרויסציִען!

זאָג איך: איך קאָן זיך אויך אַרויסציִען! זאָגט זי: ציז יך אַריין אַפילו אין דער ערד! זאָג איך: ווער צאָלט מער דירה-געלט, איך צי ער?

זאָגט זי: אַז דעם באָרדערס דירה-געלט איז ביי איר טייערער, און מיך האָט זי מיט מיין געלט אין דער ערד...

בקיצור, מיר קריגן זיך צוליבן באָרדער טאַקע אויף ריכטיק. און ווי זאָל עס נישט פאַרדריסן? איך צאָל די הויפּט-דירה-געלט, האָב איך נישט קיין צימער, נישט קיין טיש פאַר זיך, נישט קיין אויסגעבעטן בעט, און דער באָרדער צאָלט פונקט אַ פערט-חלק, ווי איך — און האָט אַלץ: אַ באַזונדער צימער, אַ ריין בעט, אַ טיש און דער עיקר שטילקייט, רו, און מען פילט, אַז ער איז דער באַלעבאָס פון הויז, און סיאיז זיין אַמעריקע! איר האָט געדאַרפט זען, וואָס ס'טוט זיך ביי מיר אין הויז, ווען דער באָרדער דאַרף נעמען

לעבעדיקער 1 באַנד.

אַ וואַנע... איך, אַז איך דאַרף נעמען אַ וואַנע, רייניק איך, במחילה, אַליין אויס די וואַנע, גיס אַליין אָן וואַסער, גרייט אַליין אַלץ צו... און פאַרן באָדער, ווען ער וויל נעמען אַ וואַנע, אַרבעט דאַס גאַנצע הויז! מיין עלטערע מיידל וואַשט די וואַנע, מיין יינגל טראָגט אַ האַנטוך, מיין ווייב שרייט: שאַ, דער באָדער באָדט זיך! און נאָך עפּעס: איך, אַז איך נעם אַ באָד, טאָר איך נישט זיצן לאַנג, זיץ איך אָפּ פינף מינוט, אַהאַ! זי קלאַפּט שוין! און איך מוז אַרויס... אָבער אַז דער באָדער נעמט אַ וואַנע, איז אויף אַ גאַנצע שעה. און „ניט סמעי" קלאַפּן, ווייל ער קען נאָך ברוגז ווערן!...

דערפאַר זאָג איך, אַז אַמעריקע איז אַ לאַנד נאָר פאַר באָדערס. ס'איז זייער אַמעריקע! און ס'איז קיין וואונדער נישט, וואָס בחורים ווילן היינט נישט חתונה האָבן. צו וואָס, כ'בעט אייך, זאָלן זיי עס טאָן? וואָס איז זיי שלעכט אַזוי?

## טענה נומער 29.

### רייסט אַראָפּ די לוחות!

— אַנישט איז דען דאָ אַן אמתער לוח אין אַמעריקע? — ווייס איך וואָס און ווייס איך וואו! — אָט אַזוי מאַכט צו מיר אַ ייד מיט אַ קורץ גרוי-צעשויבערט בערדל, פון יענע בערדלעך, וואָס ס'דוכט, אַז זיי זענען ערשט אַרויסגעקראָכן פון אַ קישן אָדער אַ פערענע; פון יענע בערדלעך, וואס מען קאָן אָן זיי גלייך דערקענען אַ היגן מלמד, וואס שניידט זיך שוין אויף אַ לערער. ער איז נאָך מלמד, אָבער ער איז שוין לערער אויך... אָט דעמדאָזיקן יידן האָב איך באַגעגנט אין אַ ספרים-געשעפט, און מיר האָבן זיך צעשמועסט.

— וואס הייסט, ס'איז נישטאָ קיין אמתער לוח אין אַמעריקע? — שטעל איך אָן אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן אויף מיין חצי-מלמד און חצי-לערער.

— וואָס הייסט? — מאַכט דער ייד צו מיר. — נישטאָ און האָדיע?
ס'הייסט לוחות פעלן דאָ נישט אין אַמעריקע, אדרבה, וויפל איר ווילט נאָר אַליין. אָבער דער אמת פעלט דאָ אין די לוחות!... איר פאַרשטייט? אינדערהיים אַ לוח, אַז ער האָט עפעס געזאָגט, האָט איר געוואוסט, אַז איר האָט זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן, אָבער דאָ ווייס איך וואָס! אָט נעמט, למשל, טאָקע וועגן וועטער אַליין. איז אַדרבה, געפינט מיר אין אַמעריקע אַ לוח, וואָס זאָל וויסן וועגן דעם ריכטיקן וועטער!... האַ? — נישטאָ אַזאַ זאַך! אינדערהיים, אַז דער לוח האָט, למשל, געזאָגט: מאָרגן „לינדער וועטער" — איז טאָקע געווען לינדער וועטער, אָבער די היגע לוחות זענען בלאָפערס!...

איך האָב אַ שמייכל געטאָן. מיין ייד האָט, הפנים, באַמערקט מיין שמייכל און ער רופט זיך אָן:

— וואָס שמייכלט איר, וואָס? איר מיינט אפשר, אַז ס'איז נישט אַזוי? אַז איך זאָג אייך בלאָפערס, איז דאָס ריכטיק, ווי גאָלד. און אַז איר ווילט, קען איך אייך אפילו זאָגן, פאַרוואָס זיי בלאָפן?

— פאַרוואָס? — ווער איך כלומרשט נייגעריק.

— פאַרוואָס? — מאַכט דער ייד כמעט מיט באַגייסטערונג, הפנים, דערפאַר, ווייל ער קען אויסרעדן דאָס האַרץ אויף די היגע לוחות — פאַרוואָס? ווייל זיי זענען שיינע! איין לוח איז דאָ שענער פונם צווייטן! מיט קאָלירן: רויט, געל, גרין, בלוי... „קראַסאַווצעס", זאָג איך אייך... און איך האָב אַ כלל: אַלע שיינע בלאָפן... אַ שיין ווייב ווי אַ שיינער לוח. אַזוי איז שוין די טבע פון שיינקייט. דער, וואָס קען און וויל אייך נעמען מיט שיינקייט און פאַרפוצונג, דער וועט אייך שוין קיין וואָר וואָרט נישט זאָגן!...

— ס'איז אַ שטיקל פילאָזאָפיע, — זאָג איך, — אָבער ס'האַלט נישט שטאַרק אויס, מיין ליבער ייד. אַ לוח איז אַ לוח, אינדערהיים, ווי אין אַמעריקע!

— דאָס זאָגט איר דאָך, — ווערט דער ייד בייז, — אָבער איך בין מיט אייך נישט איינשטימיק. די היגע לוחות זענען נישט די היימישע, איר וועט מיך נישט איינשמועסן, איך בין שוין אויך נישט קיין גרינער אין אַמעריקע! וואָס פאַרגלייכט איר אַ היימישן לוח צו אַ היגן? ווער האָט געמאַכט לוחות אינדערהיים און ווער מאַכט זיי דאָ? אינדערהיים, האָט מען געוואוסט, אַז „האלמנה והאחים ראָם" מאַכן לוחות. מענטשן למדנים, אנשי תורה, און רעיעל, וואָס רעיעל

הייסט. אויף זייערן אַ לוח האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזן, אָבער דאָ אין אַמעריקע, פרעג איך אייך, ווער מאַכט דאָ נישט קיין לוחות? — אַלע מאַכן דאָ לוחות! דער גראָסערימאַן, דער אַפּטייקער, דער פאָנאָגראַף, דער אוגערקע-הענדלער, די באַנק און די באָד... דאָ איז הפקר אַ וועלט און דערפאַר האָבן די היגע לוחות קיין טעם און קיין ריח נישט. און דערפאַר זענען טעג דאָ קיין טעג נישט, די וואָכן קיין וואָכן נישט, די יאָרן קיין יאָרן נישט, ווייל די לוחות זענען דאָ קיין לוחות נישט... איך פרעג אייך, — ווערט דער ייד מיט מיר אינטים, — ווייסט מען דאָ, וואָס מען לעבט און וואו מען לעבט?

— ס'וואונדט זיך ווער! — לאַך איך.

— ניין! — מאַכט דער ייד מעשה פוסק. — קיינער ווייסט דאָ נישט, צו וואָס ער לעבט... ווייל דאָ פעלט אמת, דאָ איז אַלץ ביזנעס! איר פאַרשטייט? אַז דער לוח איז דאָ אויך נישט אויסן דעם אמת — נאָר ביזנעס... יעדער איינער וויל פאַרקויפן מיטן לוח זיין בלאָף, זיין סחורה, — און דער סוף? מען בלאָפט זיך אַליין! איך וועל אייך זאָגן, איך האַלט נישט פון די היגע לוחות. אָט נעמט מיין הויז טאַקע. איז עס פול מיט לוחות, מיין ווייב ברענגט יעדן טאָג אַ נייעם לוח, אָבער ווען עס קומט אויסצוזוכן עפּעס, איז נישט פון אָרט — בלאָף, שקר, פאַרדרייט, פאַרקרוטשעט! מען רעדט שוין נישט פון וועטער, דערפון איז דאָך אָפּגערעדט: איר קענט דאָ נישט וויסן פון לוח, ווען עס וועט רעגענען און ווען ס'וועט שנייען? אינדערהיים האָט מען יאָ געוואוסט! ווייל אינדערהיים איז געווען אמת און דאָ איז בלאָף! דער בלאָף עסט אויף אַמעריקע און אַפילו אין לוח האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער בלאָף!

— מיסטער, — זאָג איך, — איר זאָלצט אַ קאַפּעטשקעלע איבער.

— ניין! — מאַכט דער ייד. — אַדרבה, באַווייזט מיר, אַז איך האָב נישט רעכט! אַדרבה, לאָמיר זען, ווי אַזוי איר וועט עס קענען!

אַזוי ווי איך האָב קיין צייט נישט געהאַט צו באַווייזן דעם יידן, אַז ער זאָלצט איבער, האָב איך זיך מיט אים גוט-ברודעריש געזעגנט און בין אַרויס פון בוכהאַנדלונג.

# טענה נומער 30.

## משוגע אויף לופט.

— איך ווייס נישט, — זאָגט צו מיר אַן עלטערע יידענע, — וואָס איז דאָס דאָ פאַר אַ לאַנד ביי אייך? אָט האָט מען דאָך אינדערהיים אויך געלעבט און דווקא געווען געזינטער, ווי דאָ — און אַן לופט! קיינער האָט נישט געשריגן, אַז מען דאַרף לופט. וועמען איז עס גאָר אין קאָפּ געלעגן אַזעלכע נאַרישקייטן? אָט האָב איך מיט מיין אַלטן, זאָל לעבן, און מיט מיינע קינדער, זאָלן געזונט זיין, אָפּגעלעבט אַ לעבן אין איין צימער, און אַ נישט גאָר גרויסן אויך. און ווינטער, ווייסט איר דאָך, פלעגט מען אַריינשטעלן „פאָדוואָיִנע" פענסטער — און ווער לופט, וואָס לופט? און דאָך זענען מיר אַלע געווען געזונט און שטאַרק, הלוואי האָבן מיר איצט אַמאַליקע כוחות...

— און דאָ, ביי אייך אין אַמעריקע, איז נאָר אַן עסק מיט לופט! מען וואוינט אין רחבות, אין פּאַלאַצן, און מען שרייט לופט! יעדעס קינד האָט אַ באַזונדער צימער, — און מען איז נאָך אַלץ משוגע אויף לופט! ווינטער זענען דאָ קיין פאָדוואָיִנע פענסטער נישטאָ, אַ משוגענע מדינה. אַ קעלט שפּאַרט אַזוי אויף פון אַלע שפּאַלטן, אַן אמתע סכנה... ווייל די היגע הייזער האָבן דען אַ ממשות? — ס'איז דאָך געמאַכט פון פּאַפּיר! און דאָך איז עס נאָך ווייניק, האַלט מען נאָך אָפן די פענסטער אויך — וואָס? — לופט! מען קען זיך דאָ נישט אָנעסן מיט לופט . . .

— איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה: איך האָב דאָ אַ שנור, אַזוי נישקשה פון אַ ווייבל. וועדליג די אַמעריקאַנער ווייבלעך איז זי נאָך גאָלד... איז זי אָבער משוגע אויף לופט. שלאָפן שלאָפט זי נאָר ביי אָפענע פענסטער, איר הערט? און זי האָט אַ „בייבי", אַ יינגעלע, אַ מלאכל, זאָל געזונט זיין, איז אָט דער יינגעלע מער אין דרויסן, ווי אין הויז... איר הערט אַ משוגעת פון אַ ווייבל? גלייך אינדערפרי, איידער זי האָט נאָך אוספּייעט עפּעס צו טאָן אין הויז, איילט זי זיך שוין מיט דער „בייבי" אין גאַס. ווער עסן, וואָס

עסן? ווער טרינקען, וואָס טרינקען? — אויף דער לופֿט! און איר הערט, מעג עס זיין ווי קאַלט, און ווי ווינטיק, האַלט זי די „בייבי" אין גאַס. ס'איז נאָך, הערט איר, אַ גליק, וואָס די בייבי איז דווקא אַ געזונטע בייבי און עס פֿאַרשאַדט איר נישט... טענה איך צו איר: גוואַלד, גזלנטע, וואָס ביזטו אַזוי משוגע מיט דער גאַס און מיט דער לופֿט? אָט האָב איך אויסגעהאָדעוועט קינדער און דווקא אין הויז, און ווינטער זענען זיי דאָך אַוודאי געלעגן אין הויז — און זאָלסט אַזוי דערלעבן אויסהאָדעווען אַזעלכע געזונטע קינדער, ווי איך האָב אויסגעהאָדעוועט. וואָס האָסטו זיך אַריינגענומען אין קאָפּ לופֿט, שמופֿט! — זאָגט זי צו מיר: שוויגער, אַמעריקע איז נישט „יוראָפּ", אַמעריקע שטייט אויף לופֿט, זאָגט זי... היינט גיי טענה מיט אַזאַ ציג!

— אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. איר הערט אַ מעשה: מילא, האָסטו דאָך שוין גענוג לופֿט, יאָ? — איז ערשט, ווען עס קומט נאָך פּסח, הייבט זיך אָן אַ נייע סדרה, — לופֿט! זי איילט זיך אין „קאַנטרי"*). גלייך נאָך פּסח — אין קאַנטרי! און איר מיינט, זי וואוינט אפשר אין אַ מיאוסער געגנט? הלוואי אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן אַזאַ געגנט! ביימער, קליינע הייזער, פּוסטע פֿעלדער, לופֿט וויפֿל מען וויל נאָר אַליין, וואָס קען זיין בעסער? — אָבער מיין שנור זאָגט, אַז עס טויג נישט... זומער, זאָגט זי, מוז מען זיין מיט אַ קינד אין קאַנטרי, זומער טאָר מען נישט זיצן אין שטאָט, ווייל די לופֿט טויג דאָ נישט... זאָג איך צו איר: און וואָס מיינסטו, די לופֿט אין קאַנטרי איז פֿון פּימסנהאָלץ? ס'איז דאָך דיזעלבע גאָטס לופֿט! זאָגט זי: וואָס פֿאַרשטייען „יוראָפּישע" מענטשן וועגן לופֿט?!

אָט אַזוי איז מען אונז מבטל, און זיי בלייבן די חכמים...

— אָבער מיינט איר, ווער איז שולדיק אין דעם גאַנצן טומל מיט דער לופֿט? די היגע דאָקטוירים! די היגע דאָקטוירים זענען נישט בעסער, ווי די היגע ווייבלעך... אָט וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה: ס'איז געווען פֿאַראַיאָרן ווינטער, נישט פֿאַר היינט געדאַכט, איז ביי מיינער אַ טאָכטער קראַנק געוואָרן אַ קינד, אַן אייניקל, אַ מיידעלע אַ פֿאַרשוין, אַ גאָלדן קינד, און שטאַרק קראַנק געוואָרן, זיך אַוועקגעלייגט מיט היץ. רופֿט מיין איידעם אַ דאָקטאָר, אַן עלטערער מענטש, אַ פֿיינער מאַן, מען זאָגט, אַז ער איז אַ

*) דאַטשע.

יוראָפּישער דאָקטאָר, קומט ער צוגיין און הייסט שטעלן באַנקעס... איר פאַרשטייט? איך האָב אויך גלייך געזאָגט, אַז מען דאַרף שטעלן באַנקעס, אָבער מיך האָט מען דאָך נישט געפאָלגט. און דערצו נאָך הייסע קאָמפּרעסן, און הייסע טיי... גוט! טוט מען אַזוי... אָבער דאָס קינד ווערט נישט בעסער, עס גייט אויס, ווי אַ ליכט. מען שטעלט אַ צווייטן מאָל באַנקעס — אָבער אויך דאָס העלפט נישט, עס איז פּשוט סכנות נפשות... לויפט מיין איידעם און ברענגט אַן אַנדער דאָקטאָר, שוין פון די היגע דאָקטוירעמלעך, עפּעס אַ שנעק, אַ יונגערמאַנטשיק, אַ גאָרנישט... שריי איך צו אים: וועמען האָסטו דאָס געבראַכט? זאָגט ער: שוויגער, מישט זיך נישט... עס איז אַ פּראָפעסאָר, מילא, שוויג איך שוין... איז וואָס זשע, דענקט איר, האָט דער היגער פּראָפעסאָר געטאָן? איר הערט, אַ משוגעת פון מענטשן? גלייך ווי ער איז אַריין אין דעם צימער, וואו דער חולה איז געלעגן, איז ער צוגעלאָפן צום פענסטער און אים אינגאַנצן געעפנט... עס איז דאָך דאָ נישטאָ קיין לופט! — האָט ער זיך געבייזערט! — און איר הערט, גלייך ווי ער האָט געעפנט, האָט אין צימער אַ שפּאַר געטאָן אַ קעלט — אַ שרעק! ממש סכנות נפשות! און איז אים נאָך ווינציק, האָט ער געהייסן לייגן דעם חולה אייז צום קאָפּ... קוק איך דאָך אים אָן, ווי אַ משוגענעם... און איך וויל פאַרמאַכן דעם פענסטער, צעשרייט ער זיך: דער פענסטער מוז בלייבן אָפן טאָג און נאַכט!

איך האָב זיך גוט צעוויינט, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז מיט דעם קינד איז שוין, ח"ו, אַן עק... ערשט איך הערט אַ מעשה, טאַקע ממש אַ נס. וואָס טוט גאָט? ווערט דאָס קינד דווקא בעסער און בעסער, און אין אַ וואָך אַרום איז עס שוין אַפילו אַרונטער פון בעט... נו, איז וואָס זאָגט איר נישט צו די אַמעריקאַנער משוגעתן, האַ? אין דעם גרעסטן פראָסט הייסן האַלטן אָפן דעם פענסטער ביי אַ קראַנקן! איר הערט, איך קאָן עס נאָך איצט נישט משיג זיין... און דאָס איז אַלץ אַמעריקע מיט איר לופט!

רוף איך זיך אָן צו דער אַלטער פרוי:

— אָבער איר זעט דאָך, אַז דער היגער דאָקטאָר האָט יאָ געהאָלפן!

מאַכט מיין יידענע:

— דער דאָקטאָר האָט געהאָלפן? — גאָט האָט געהאָלפן! אַז

גאָט וויל שענקען עמעצן דאָס לעבן, קען דערצו אַפילו אַן אַמע־ריקאַנער דאָקטאָר גאָרנישט טאָן...

## טענה נומער 31.

### לאַנדסלייט און ציין.

— אויך מיר אַ לאַנד אַמעריקע! אַ לאַנד, וואו יעדער איינער מוז האָבן וואָס צו טאָן מיט די ציין! — אָט אַזוי האָט זיך צו מיר אָנגעמלט צעטענהט אַן עלטערער ייד, פון אַ יאָר איבער זעכציק, אַ געזונטער, אַ מוטיגער און נאָך מיט אַלע ציין אין מויל. — האָט איר געהערט אַן אַנשיקעניש אַזאַ, ציינער גאָר! אינדערהיים, אין „יוראָפּ", איז ווער האָט געוואוסט פון צאָן־ווייטיק, ווער? ווער האָט גאר געטראַכט פון היילן ציין? — עס איז געווען גענוג צו טראַכטן פון אַנדערע זאַכן! אָבער דאָ איז ביידע זאַכן: אי מען האָט נישט קיין ציין, אי זיי טוען נאָך וויי אויך!

— וואס הייסט, מען האָט נישט קיין ציין? — שמייכל איך.

— וואס הייסט, — מאַכט דער ייד, — פּשוט, נישטאָ! ווער האָט דאָ ציין אין אַמעריקע, כ'מיין ציין אייגענע און נישט קיין אַריינ־געשטעלטע?

— ס'איז נאָך דאָ אַ פּאָר מענטשן אין אַמעריקע, וואס האָבן זייערע אייגענע ציין, — לאַך איך.

— עס, איך ווייס נישט דערפון! און די, וואָס זענען דאָ, זע־נען מן השתם גרינע! — מאַכט דער ייד מיט גרויס תקיפות. — איך ווייס, ווען איך קען, האָבן זיי נישט קיין ציין. מיינע זין האָבן נישט קיין ציין, מיינע שניר אַוודאי נישט, און מיינע אייניקלעך, זאָלן געזונט זיין, זענען שוין אויך אָן ציין. און אַלע מיינע לאַנדס־לייט זענען אָן ציין! ניין, איר וועט מיר נישט איינשמועסן, נאַפעס איז דאָ אין אייער אַמעריקע פאַרפוילט, נישט נאָר די ציין... ווייל יעדע מכה קומט פון אַן אַנדער מכה... כ'ווייס, אינדערהיים האָט מען

אָפּגעלעבט אַ לעבן און געשטאָרבן מיט אייגענע ציין אין מויל, און דאָ שטאַרבט מען, פּע, עס איז גאָר אַ חרפּה צו קומען אויף יענער וועלט! — גיט דער ייד אַ מאַך מיט דער האַנט. — אויף יענער וועלט וועט מען דאָך אַוודאי פֿרעגן: ר' ייד, וואו האָט איר אַהינ-געטאָן אייערע ציין, האַ?

— ווער, דענקט איר, איז שולדיק אין דעם? — האַק איך איבער מיין ריידן.

— ווער? — פּסקנט גלייך אָפּ דער ייד. — ווער? — ראשית, אַמע-ריקע. ס'איז אַ מדינה אַזאַ, וואו אַלץ איז אָן אַ יסוד... צווייטנס, די היגע קענדיס...*). איר האָט געזען אַן אומגליק, אַ לאַנד, וואָס איז איינגעטונקט אין קענדי, מענטשן האָבן שוין קיין אַנדער זאַך נישט וואָס צו טאָן, ווי נאָר שלינגען קענדי! און, דריטנס, דענק איך, אַז די טוט-פּיקס**). איר לאַכט? — לאַכט נישט. איך פֿרעג אייך: צו וואָס דאַרף מען טוט-פּיקס? ... אַזויפֿיל טוט-פּיקס? און דער סוף: מען קאַלופּעט אַזוי לאַנג אין מויל, ביז מען פֿירט איבער די ציי-נער! אָבער דער עיקר, בין איך בטוח, אַז אין דעם זענען שולדיק די דאַנטיסטן. אַ ווערטעלע אויסצורעדן: אַ מדינה אָנגעשטאָפּט מיט דאַנטיסטן! וואו דו גיסט זיך אַ קער — אַ דאַנטיסט! און יעדער דאַנ-טיסט מוז מאַכן אַ לעבן, און נישט גלאַט אַ לעבן, נאָר אַ רייך לעבן — און אַז מען דאַרף מאַכן אַ רייך לעבן, מוז מען רייסן ציין רעכטס און לינקס, קראַנקע, געזונטע! איר פֿאַרשטייט מיך, צי ניין? אַז ווען דאַנטיסטן מוזן מאַכן אַ לעבן פֿון ציין, זיך נאָר אָנגעלייגט אויף די ציין, נו, קענען שוין מענטשן האָבן געזונטע ציין? ... איר פֿאַרשטייט? אינדערהיים האָט גענומען אַ צאָן אַ פֿעלדשער, וואָס האָט גע-האַט טויזנט פּרנסות: געווען אַ שדכן, אַ מעקלער, געשטעלט באַנ-קעס, געגעבן כינע... און דערצו, אַז עס פֿלעגט זיך מאַכן אַ צאָן, פֿלעגט ער אים אַרויסרייסן אויך... אָבער מאַכן ציין רייסן פֿאַר אַן עיקר — דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש... איר לאַכט? ס'איז, כ'לעבן, נישטאָ פֿון וואָס צו לאַכן! ... אויך ביי אונז אינדערהיים האָבן אַמאָל וויי געטאָן די ציינער. נאָר וואָס? — אַז עמעצן האָט אָנגעהייבן וויי טאָן אַ צאָן, האָט ער געוואוסט, אַז מען דאַרף ליידן. „אדם לעמל יולד", מען איז נישט געקומען אַהער צו שפּילן זיך... און איר פֿאַרשטייט? מען האָט געליטן איין טאָג, צוויי טעג, דריי טעג —

*) קאָנפֿעקטן; **) ציינשטעכער.

אַ וואָך, ביז מען האָט איבערגעליטן!... ביז מען האָט זיך איבערגע־מוטשעט. אַ צאָן איז ווי אַ ווייב: אַ ווייב שרייט, ביז זי שרייט זיך איבער, און אַ צאָן טוט וויי, ביז עס הערט אויף... יעדער ווייטיק מוז אויפהערן. דער עיקר איז, מען דאַרף האָבן געדולט. נישט איילן זיך... אָבער דאָ, אין אַמעריקע, האָט מען דאָך נישט קיין געדולט. תיכף ווי עס גיט זיך אַ שאָקל אַ צאָן, אָדער עס דוכט זיך נאָר אויס אַזוי, לויפט מען שוין צום דאַנטיסט, און דער דאַנ־טיסט וויל דאָך פרנסה, און דאָס איז אויך נישט קיין עוולה פון אים, יעדער מענטש זוכט פרנסה — נו, נעמט ער און רייסט! ער רייסט, כדי ער זאָל קענען שטעלן נייע און רייסן אַ פּאַס!

איר הערט? אינדערהיים האָב איך געהאַט אַ פעטער, אַ ייד אַ למדן און אַ חכם, האָט ער זיך שטענדיק געהאַלטן מיט די ציין, שטענדיק געגאַנגען אַרומגעבונדן מיט אַ זאַק מיט אַש, אָבער רייסן אַ צאָן? ח"ו, וואָס הייסט עפּעס רייסן? און איר הערט? דער מענטש האָט זיך געפּנוג אָנגעליטן, אָבער ער איז געשטאָרבן מיט אַלע ציין, אין מויל... און ער איז גערעכט! רייסן טאָר מען נישט. אַז גאָט האָט געגעבן אַ מענטשן ציין אין מויל, דאַרפן זיי בלייבן אין מויל, דאַרפן זיי בלייבן אין מויל גאַנץ, האַלב — נאָר בלייבן. סיידן זיי פאַלן אַליין אַרויס, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש...

אַ מענטש ליידט זיך געפּנוג אָן נאָך פון קינדווייז אָן ביז ער קריגט ציין, און דאָ נעמט מען און מען רייסט זיי אַרויס איינס און צוויי! וואָס איז דאָס פאַר אַ הפקרות אַזאַ ביי אייך? און עס איז נאָר, הערט איר, אין אַמעריקע אַזוי! און דערפאַר האָט דאָ קיין טעם נישט דאָס לעבן און דאָס עסן: אַז מען לעבט מיט פרעמדע ציין! און דערהויפּט „חייבי מיתה" זענען ביי מיר די ווייבער... די מאַנסבילן איז נאָך ווי אַזוי, זיי זענען נישט פאַרקאָכט אין דאַנ־טיסט, אָבער די ווייבער — אַ שרעק! ביי זיי איז דאָך דער דאַנ־טיסט דאָס אויבערשטע פון שטייסל... זיי גייען דאָך צום דענטיסט מיט אַזאַ שמחה, פּונקט ווי, להבדיל, צו פירן אַ קינד אונטער דער חופּה...

איר הערט? כ'האָב זיך דאָ צוגעהערט, ווי ווייבער רעדן. איר ווייסט דאָך, איך האָב נישט וואָס צו טאָן, שטיי איך לעבן „סטופּ"*), איז, הערט איר, דאָ אין אַמעריקע, ווען אַ פרוי באַגעגנט

*) הויז־אַריינגאַנג.

זיך מיט אַ צווייטער, איז פריער רעדט מען פון קליידלעך און נאָכ־דעם וועגן דאַנטיסט: ווער איז אייער דאַנטיסט? האָט איר עפּעס אַ שיינעם דאַנטיסט?

מען פרעגט: „ווער איז אייער דאַנטיסט?״ — פּונקט „ווי ווער איז אייער מאַן?״

און דאַנטיסטן זענען דאָ אַלע שיינע יונגעלייט, מיט זיסע רייד־לעך. מען נעמט אייך אַרויס די ציין פון מויל שפּילנדיק. זיי קענען דאָ די קונצן אין אַמעריקע! און דער סוף? אַז מען קומט אַהיים פון דאַנטיסט, איז מען אי אָן געלט, אי אָן ציין...

# טענה נומער 32.

## אויך מיר טייכן!

מיין לאַנדסמאַן, יענקל ברוך־לייבס איז אַ מאָדנער מענטש: אַ ייד איז שוין דאָ אין אַמעריקע איבער צוויי צענדליק יאָר, האָט שוין דאָ אויסגעצעבענע קינדער, האָט שוין דאָ אייניקלעך, און בכלל האָט ער, זאָגט ער, אַליין צו אַמעריקע גאָרנישט דערלייגט. ער וואוינט אין בראָנזוויל, צווישן יידן, האָט אַן אייגענע הייזקע, גייט אין שול יעדן טאָג — און דאָך, ווען איר צערעדט זיך מיט אים, שפּרינגט ביי אים פּאָרט אַרויס אַ טענה צו אַמעריקע. די טענה איז, דוכט זיך אייך, קיין טענה נישט. און איר הייבט אָן אייננטענהן מיט יענקל ברוך־לייבס, אָבער וואָס מער איר טענהט איין, אַלץ מער זעט איר איין, אַז עס וועט אייך גאָרנישט העלפן, אַז דער ייד האָט פּאָרט אַ טענה!...

און וואָס זשע איז זיין טענה? — טייכן! אַמעריקע, זאָגט ער, איז גרויס, פאַרמאָגט אַזאַ עשירות — אָבער קיין רעכטן טייך האָט זי נישט...

— וואָס הייסט, זי האָט נישט קיין טייכן? — מאַך איך. — מאַלע, אַז איר וואוינט אין בראָנזוויל. אָט פאָרט זיך דורך אין קוני איילאַנד, אָדער צום האדסאָן און איר וועט שוין גאָר זען טייכן!

— ווער דאַרף פאָרן? — מאַכט מיין לאַנדסמאַן מיט גרויס בטול.—

זאָל זיך אייך דוכטן, איך בין שוין געפאָרן. נו, איז וואָס וועט זיין? איר קענט מיך נישט איינשמועסן פאַר כל הגעלטן, אַז אַמעריקע האָט אַזאַ טייך, ווי מיר האָבן געהאַט ביי אונז אין שטעטל. אָט דאָס איז געווען אַ טייך! אַי, אַ טייך! שוין איינמאָל אַ טייך!

זאָג איך צו אים:

— איר פאָרט זיך דורך צום האדסאן, וועט איר זען אַ גרעסערן טייך!

מאַכט ער צו מיר גאַנץ קאַלט:

— האָדסאָן — שמאָדסאָן! ראשית, גייט דער האָדסאָן דאָך נישט אין בראָנזוויל, און אויב נישט אין בראָנזוויל, איז וואָס גייט ער מיך אָן? והשנית, גלויב איך נישט! אָט לייען איך דאָך די צייטונגען, נו, זאָל דאָרט ווערן געשריבן, ווי אַזוי דער האָדסאָן צעלאָזט זיך? גייט אַרויס פון זיינע ברעגן? האַ?

און וואָס טויג אַ טייך, אַז ער צעלאָזט זיך נישט?

אָט נעמט אונזער „פריפיעט“, איז דאָס געווען אַ טייך! איר געדענקט, ווי ער פלעגט זיך עס צעלאָזן ערב פסח? האַ? — אַ ים! אַן אמתער ים! אַ כפרה אייערע צען האָדסאָנס פאַר אונזער איין „פריפיעט!“

רוף איך זיך אָן צו מיין לאַנדסמאַן:

— איר זאָגט, דער „פריפיעט“ פלעגט זיך צעלאָזן ערב פסח, ווי אַ ים? דערפאַר האָט דאָך אָבער אַמעריקע שטענדיק אַ ים!

ווערט מיין לאַנדסמאַן אויך פון מיין דאָזיקן באַווייז קנאַפּ נתפעל:

— איר זאָגט, אַמעריקע האָט אַ שטענדיקן ים, — איז, ראשית, מאַכט איר אַ טעות. דער ים באַלאַנגט נישט צו אַמעריקע. אַ ים באַלאַנגט צו דער גאַנצער וועלט, ווייל אַ באַווייז האָט איר, אויפן ים גייען שיפן פון דער גאַנצער וועלט, און ווען דער ים וואָלט באַלאַנגט נאָר צו אַמעריקע, וואָלט אַמעריקע געמאַכט, אַז נאָר אירע שיפן זאָלן גיין און נישט קיין אַנדערע. והשנית, איז דאָך אַ ים — נישט קיין טייך, און מיר רעדן דאָ פון טייכן און נישט פון ימען... אַ ים איז עפּעס אַנדערש און אַ טייך איז אויך עפּעס אַנדערש! איין זאַך איז צום צווייטן נישט שייך...

איך האָב דערזען, אַז מיט דעם יידן איז שווער זיך אויסצוטענהן, האָב איך מער גאָרנישט געזאָגט. ווען מיין לאַנדסמאַן האָט דערזען, אַז איך שווייג, האָט ער זיך דערפילט פריי און גענומען רעדן מיט גרויס התפעלות:

— איר הערט? נאָך קיין זאַך פון דערהיים בענק איך אַזוי נישט, ווי נאָך אונזער טייך. אַ שול האָב איך דאָ אויך, אַ הויז האָב איך דאָ אַ שענערס, פרנסה פעלט מיר דאָ אויך נישט. איך האָב צו אַמעריקע גאָרנישט דערלייגט, אָבער אונזער טייך פעלט מיר... איר פאַרשטייט, ס׳איז מיר דאָ צו טרוקן... וואו איך גיי, איז אַלץ יבשה און יבשה, שטיין און שטיין, און וואַסער אייך קיין רפואה! בין איך אַמאָל צוגע- פאָרן אין אייער קוני אײלאַנד — האָט עס מיך אויך נישט גענומען... פע, חלשות!

ערשטנס, האָב איך ליב, אַז אַ טייך זאָל זיין לעבן מיין הויז, און איך זאָל נישט דאַרפן פאָרן און פטרן געלט אומזיסט. פאָרן, דאָס איז שוין נישט דאָס. צווייטנס, ווער זעט עפּעס אין אייער קוני אײלאַנד? דער גאַנצער טייך איז דאָך פאַרלייגט מיט מענטשן און נישט אַזוי מיט מענטשן, ווי מיט ווייבער, און איין יידענע איז דיקער, ווי די צווייטע — פע, חלשות! מער פאָר איך שוין נישט אַהין. איינמאָל געווען, איז פאַר מיר גענוג... אָבער אין אונזער טייך האָט מען דאָך געזען דאָס וואַסער. אַז איך פלעג אויפשטיין אינדערפרי און אַרויס צום טייך, האָב איך געזען, ווי דער טייך „פראַוועט יחידות", ער איז אַליין... און ווען איך פלעג זיך באָדן, בין איך אויך געווען אַליין... און אויפן ברעג האָט געשמעקט מיט וואַסער... שפּאַלן, קלעצער, האָלץ, ברעטער, דרוקעס, אַלע זאַכן, וואָס באַלאַנגען צום וואַסער... אוי, ווי מיר בענקט זיך נאָך אונזער טייך! איר ווייסט, — כאַפּט מיך מיין לאַנדסמאַן פאַרן לאַץ אין גרויס באַגייסטערונג, — איר ווייסט, ביזוואַנען איך פלעג זיך באָדן אין אונזער טייך? — ביז חנוכה! און אַמאָל נאָך שפּעטער אויך... ווען דער טייך פלעגט זיך שטעלן, פלעג איך מאַכן אַ „פּיעלקע" אין טייך און זיך טובלען. נו, קענט איר דאָס דאָ דערווייזן? דאָרט, ביי אונז אין שטעטל, האָט דער טייך געדינט דעם רבונו של עולם, געהאָלפן יידישקייט, און דאָ איז דאָס נאָר ביזנעס... מען האָט גענומען דעם ים, אָט טאַקע ביי אייך אין קוני אײלאַנד, און געמאַכט פון אים אַ „ביזנעסמאַן"... פע! איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך פאַרטרויען? אַ מינוט פאַר מיין טויט וואָלט איך געוואָלט כאָטש נאָר איין מאָל אַ קוק טאָן אויף אונזער טייך... זען, וואָס איז פון אים געוואָרן... אונזער שטעטל איז דאָך אונטער די באָלשעוויקעס, און

ווער ווייס, וואָס די גזלנים האָבן פון אים געמאַכט? אַ שיינער טייך געוועזן. אַ פיינער טייך! עך!

און מיין לאַנדסמאַן האָט פאַרענדיקט מיט אַ קרעכץ.

## טענה נומער 33.

### זי בענקט נאָך אַ מעסער.

באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַ ווייבל:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ לאַנד אַמעריקע, אַז אַ מעסער איז דאָ קיין מעסער נישט, — נאָר אַ שטיק האָלץ?!

אַלץ קען מען דאָ קריגן, נאָר קיין מעסער נישט.

אַלץ קען מען דאָ מאַכן אין אַמעריקע, נאָר אַן אמתן מעסער, ווי אין יוראָפּ, קען מען דאָ נישט מאַכן!

כ'בעט אייך, דערקלערט מיר דעם שכל, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

אינדערהיים, ביי אונז אין יוראָפּ, איז אַ מעסער — אַ מעסער, אַ פאַרגעניגן אין האַנט צו נעמען. עס שניידט! מען קען מיט אַ יוראָפּישן מעסער מאַכן אפילו די האַרטעסטע עופות. אַמאָל טרעפט זיך אַ האַרטער עוף, וועלכן מען קען זיך נישט דערשניידן און דער-קאָכן — אָבער מיט די היגע מעסערס קען מען אפילו אַ ברויט נישט צעשניידן.

כ'בעט אייך: פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? כ'פאַרשטיי עס נישט.

ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, בין איך נאָך געווען אַ מיידל. הייסט ווי זאָל מיר איינפאַלן שלעפן מעסערס פונדערהיים? אָבער ווען איך האָב דאָ חתונה געהאַט און גענומען פירן אַ באַלע-באַטישקייט, האָב איך זיך אַרומגעקוקט, אַז אָן אַ גוטן מעסער איז מען ווי אָן אַ האַנט... און אַז ערשט אינדערהיים האָבן מיר געהאַט די ריכטיקע מעסערס.

מיין מאַמע האָט מיט מיר טאַקע איינגעטענהט, ווען איך בין

געפּאָרן קיין אַמעריקע: נעם אַלץ, נעם, מיין טאָכטער! וואָס מען נעמט פון דערהיים, קומט דאָרטן צונוץ... אָבער וואָס האָב איך גע־וואוסט? היינט ווייס איך שוין, אַז וואָס איך האָב גענומען פון דער־היים, דאָס האָב איך טאַקע. קישנס, בעכערלעך, לעפל און גאָפּל, אַלץ טאַקע פון די ריכטיקע „יוראָפּישע". אָבער גיי ווייס, אַז אַמע־ריקע האָט נישט קיין ריכטיקע מעסערס? ווען איך ווייס, וואָלט איך שוין געבראַכט פון דערהיים מער ווי אייכעם!

איר וועט דאָך לאַכן פון מיר, אָבער וואָס ווייסט איר, מאַנס־ביל? נאָר אַ באַלעבאָסטע ווייס ווי אָפּצושאַצן אַ ריכטיקן מעסער. אַ מעסער איז אַ סך וויכטיקער, ווי בעכערלעך און לעפל און גאָפּל.

אָן בעכערלעך קען מען זיך באַגיין, — טרינקט מען אין גלעז־לעך. נישקשה, עס קען נישט שאַטן, הלוואי איז נאָר דאָ וואָס... און אויך לעפל מיט גאָפּל האָט אַמעריקע, נו, איז נישט פון די ריכטיקע זילבער — איז אויך נישט שלעכט. אַבי עס קריכט נישט אָפּ. דער עיקר: אַז מען קאָכט גוט און דאָס עסן האָט אַ טעם און מען האָט אַפּעטיט, קען מען עסן, פּונקט אַזוי מיט אַ בלעכענעם לעפל. און אפילו מיט אַ הילצערנעם לעפל.

איר געדענקט, אינדערהיים עסן די גוים מיט הילצערנע לעפל, נו, איז שאַדט זיי עפּעס צום געזונט? — געזונט ווי הזרים!

אָבער אָן אַ ריכטיקן מעסער איז ביטער. אַ קאַרטאָפל אָפּשיילן קען מען נישט. צוף צעשניידן קען מען נישט. מען רעדט שוין נישט פון פיש מאַכן. דערצו מוז מען אוודאי האָבן דעם ריכטיקן מעסער...

אמת, מען קריגט דאָ גרייטע געמאַכטע פיש, נאָר איר הערט, איך וואָלט זיי מוחל געווען די גליקן, מיט זייער מאַכן... פיש, אַז מען וויל פון דעם הנאה האָבן, מוז מען זיי אַליין מאַכן און אַליין קאָכן... אַזוי האָט מיר מיין מאַמע אָנגעזאָגט, און זי האָט רעכט...

איז אָבער די צרה, ווי מאַכט מען פיש מיט די היגע מעסערס?

און ווי איר זעט מיך לעבן, עס איז דאָ דאָך אין אַמעריקע חעמען און וואָס מקנא צו זיין: שיינע קליידער, שיינע הייזער, גוטע קינדער, אָבער איך בין קיין פרוי אַזוי נישט מקנא, ווי דער, וואָס האָט אַ גוטן יוראָפּישן מעסער...

לאַכט נישט, איר, מאַנסביל, קענט עס נישט פילן. נאָר אַ פרוי, וואָס ליגט אָפּ אַ האַלב לעבן אין קיך, קען עס פילן...

און איר הערט, לייט האָבן מזל?

ביי מיר איז דאָ אַ קוזינע, וואָס מיינט איר, וואָס? זי האָט איר אייגנס גאַנצע דריי היימישע מעסערס! און פון די ריכטיקע, די „זאַוואָלאוועד!" אַזאַ גליק! איך בין איר נישט מקנא איר עשירות, זי איז גאַנץ רייך. איר מעבל, איר פוטערל, וואָס זי האָט ערשט אויפגעניייט, ס'קאָסט אוודאי אַכט הונדערט דאָלאַר! — איך בין איר מקנא די דריי מעסערס!

און אַז אַ מענטש האָט קיין מזל נישט, זאָל ער בעסער נישט געבוירן ווערן!

איר הערט אַ מעשה. איינמאָל האָט שוין געהאַלטן, אַז איך זאָל קריגן אַ פּאָר מעסערס פון יוראָפּ: מיינע אַ שוויגער האָט געדאַרפט קומען קיין אַמעריקע. קלער איך: נו, איצט וועל איך אויפגעריכט ווערן. ווי ווערט די שוויגער נישט ברענגען אַ טוץ מעסערס פון דערהיים? נו, ווערט זי מיר כאָטש געבן איינעם, זאָל שוין זיין איינעם!

ערשט אַ געכטיקער טאָג! היינטיקע גרינע! מיין שוויגער איז געקומען מיט דער פאַמיליע. האָבן זיי געבראַכט, וואָס איר ווילט, פוטערוואַרג פון וואַרשע, דימענטן, שמאכטעס, זיידענע זאַכן, אַפילו געקויפט אין דאַנציג — אָבער נישט קיין איין מעסער!

טענה איך צו מיין שוויגער: וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַ היימישע באַלעבאָסטע זאָל נישט ברענגען כאָטש אַ האַלבן טוץ מעסערס!

דערציילט זי מיר אַזאַ מעשה: זי האָט געהאַט מעסערס לרוב, אָבער ווען מען האָט זיך גענומען ריכטן אויף די באַלאַכאָוויצעס אין זייער שטעטל, האָט מען די גאַנצע זילבער איינגעפּאַקט אין קאַסטן און ערגעץ באַגראָבן אין דער ערד... אָבער נאָכדעם, ווי די פּאָגראָמשטשיקעס זענען אַוועק, האָט זי געוואָלט אַרויסנעמען די זילבער. ערשט וואו זילבער? וואו קאַסטן? — נישטאָ! ווי אין דער ערד אַריין!

אָט דאָס הייסט, נישט באַשערט צו האָבן אַ ריכטיקן מעסער!

זאָג איך צו מיין שוויגער: נו, האָט איר דאָך געקענט קויפן אַ פּאָר מעסערס אויפן וועג קיין אַמעריקע, אין וואַרשע!

זאָגט זי: נישט געווען קיין צייט, דער קאָפּ איז געווען פאַרשלאָגן... מען האָט זיך געאיילט...

לעבעדיקער I באַנד.

איר הערט? נישט געווען קיין צייט! קויפן פוטערוואַרג און שמאַכטעס איז געווען צייט, נאָר אויף אַ רעכטער זאַך — נישט!

און אָט אַזוי, ווי איר זעט, מוטשע איך זיך אָן אַ מעסער, פאַרשעלט זיך די יאָרן.

נו, היינט זאָגט אַליין, איז דאָס אַ לאַנד? אַ לאַנד, וואָס קען אויסטראַכטן אַ פאָנאָגראַף, און קען נישט אויסטראַכטן אַ ריכטיקן יוראָפּישן מעסער!

## טענה נומער 34.

### איי, „פּאָדוואָינע" פענסטער!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מדינה, ביי אייך, אַז ווינטער שטעלט מען דאָ נישט אַריין קיין „פּאָדוואָינע" פענסטער?! — וואָס איז דאָס, כ׳בעט אייך, פאַר אַ מנהג אַזאַ, פאַר אַ הפקרות אַזאַ, דערקלערט מיר?—

מיט אַזאַ מאָנאָלאָג האָט מיך מכבד געווען מיינער אַ שכן, אַן עלטערער ייד, אַ למדן, מיט וועלכן איך האָב פאַרפירט אַ שמועס וועגן דעם, וואָס היינטיקס יאָר איז אין אַמעריקע גאָר קיין ווינטער נישטאָ.

— „פּאָדוואָינע פענסטער" מוז מען האָבן, — האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט. — אויב מען וויל האָבן ווינטער. איר פאַרשטייט? מענטשן ווילן דאָ זיין קליגער, ווי גאָט. גאָט הייסט: קומט ווינטער — שטעלט אַריין טאָפּעלע פענסטער, וועט איר וויסן, אַז ס׳איז ווינטער אויף דער וועלט! קומען די היגע אַמעריקאַנער חכמים אייערע, און פאָלגן נישט גאָט. נו, זאָגט זיך גאָט: וויבאַלד איר זענט אַזעלכע חכמים, וועט איר קיין ווינטער גאָרנישט האָבן... אַ מכה וועט איר האָבן!

— מילא, — זאָג איך צו מיין שכן, — איז נישט קיין ווינטער! ווער דאַרף עס אַזוי ביטיק ווינטער?

— אָט דער „מילא" הרגעט אייך, אַמעריקאַנער, אַוועק, — מאַכט מיין שכן זייער ערנסט. — וואָס הייסט, איז נישט קיין ווינטער? — ווינטער מוז זיין! ווען גאָט האָט באַשטימט פאַר דער וועלט ווינטער

און זומער, מוז זיין ווינטער און זומער!... און ווען איין זאַך פעלט, איז אַ סימן, אַז די מענטשן האָבן זיך פאַרזינדיקט . . . זענען נישט ווערט גאָטס ברכה... ווייל די נאַטור דאַרף גיין כדרך הטבע, און ווען די נאַטור גייט כדרך הטבע, לעבן מענטשן אויך כדרך הטבע. ווייסן וואָס זומער איז און וואָס ווינטער איז, אָבער איר ווייסט דאָך נישט אַפילו אויף וועלכער וועלט איר זענט!

— אין דעם, זיידע, זאָלצט איר שוין, במחילה, אַ קאַפּיטשקע איבער.

— איך זאָלץ איבער? — ווערט מיין שכן שוין באַלד אין כעס.— איך זאָלץ שוין גאָרנישט איבער! איר פאַרשטייט, ווען מען ווייס, אַז ס'איז ווינטער, טוט מען זיך אָן אַנדערש, פאַרקילט מען זיך נישט. שטעלט מען אַריין טאָפּעלע פענסטער, בלאָזט טאַקע נישט... אָבער ווען מען ווייס נישט, צי וועט זיין ווינטער, צי נישט, גייט מען לייכט אָנ-געטאָן — נו, פאַרקילט מען זיך, און אָן „פּאָדוואָינע" פענסטער בלאָזט טאַקע אין הויז. וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן?...

— נישט געפערלעך, — מאַך איך, — פון אַזאַ בלאָזן קען מען נישט קראַנק ווערן, און ס'איז אין תוך גאָר בעסער אויך. עס קומט אַריין פרישע לופט. ביי אייך אינדערהיים, אַמאָל, האָט מען דאָך צוליב די „פּאָדוואָינע" פענסטער אייערע קיין לופט אַ גאַנץ ווינטער נישט געהאט!...

— אָט דאָס איז טאַקע מיט אייך די צרה, וואָס איר מיינט, אַז דער גאַנצער גליק ליגט אין לופט. מיט לופט קען מען נישט לעבן... און הלוואי וואָלטן אייערע אַמעריקאַנער געווען אַזוי געזונט, ווי מיר, די יוראָפּישע, אָן לופט. אי, אי, אי, ווי נאַריש איר זענט דאָ! מען רעדט זיך איין לופט — און מען קריגט גאָר אַ פאַרקילונג! אַ הויז דאַרף זיין וואַרעם, אַ הויז איז נישט קיין גאַס. ווען מען וויל לופט, גייט מען אַרויס אינדרויסן און מען כאַפּט לופט, אָבער ווען מען קומט אין הויז, דאַרף מען וויסן, אַז דאָס איז נישט אינדרויסן, איר פאַרשטייט, וואָס איך מיין? היינט, ווי קען מען זיך פילן אין הויז, ווי אין אַ הויז, ווען ווינטער איז נישטאָ קיין „פּאָדוואָינע" פענסטער? ניין, אַזוי אַמעריקע טויג נישט!

איך האָב באַשלאָסן צו שווייגן און לאָזן דעם אַלטן זיך אויס-רעדן דאָס האַרץ.

— יאָ, יאָ, אַנטקעגן דעם, וואָס מען זאָגט, אַז אַ מענטש מוז וויסן

ווען ס'איז זומער און ווען ס'איז ווינטער. מען טאָר נישט מאַכן קיין צעמישעניש, ווייל פון די אַלע צעמישענישן קומט קיין גוטס נישט אַרויס. אינדערהיים האָט מען פּאָרט געוואוסט, וואָס ס'הייסט אַ לעבן! ס'איז געקומען אָסיען, האָט מען זיך גענומען גרייטן צום ווינטער. אָנגרייטן זיך פאַרן ווינטער. אַרונטערגענומען די „פּאָדוואָינע״ פענסטער, זיי אויסגעוואַשן, אָנגעשאָטן געלן זאַמד אינעווייניק אין פענסטער — אַרייַנגעשטעלט די פענסטער און פאַרקלעפּט מיט פּאַפּיר, און גוט פאַרקלעפּט, און מען האָט געוואוסט, אַז באַלד קומט ווינטער אויף דער וועלט. מען האָט געהאָסט, וואו מען האַלט אין דער וועלט. און ווען ס'איז געקומען ווינטער, איז מען געווען צו אים צוגעגרייט. און ווען די פענסטער זענען פאַרפרוירן געוואָרן — האָט מען געפילט גאָטס כוח... זיין האַנט... אָבער דאָ וואו פאַרפרוירן?... דאָ פרירן גאָרנישט קיין פענסטער... אַמעריטשקע, פון אַלץ איז דאָ אַ תל געוואָרן!... און נאָכדעם, הערט איר, ווען ס'זענען געקומען די אמתע פרעסט, וואו האָט איר גאָר דאָ אַזעלכע פרעסט? איז מען געזעסן אין הויז, מען האָט געטרונקען טיי און געוואוסט, אַז מען דאַרף דאַנקען און לויבן דעם אויבערשטן פאַר זיינע גרויסע חסדים: אין דרויסן איז אַ שרעק, אַ ווינט, שניי, קעלט, און דאָ איז וואַרעם!...

אָבער דאָ, ביי אייך, פאַרוואָס זאָל מען דאַנקען און לויבן?... אַז די פרעסט זענען דאָ קיין פרעסט נישט!... יאָ, און נאָכדעם, ווען דער ווינטער האָט זיך געענדיקט, און ס'איז שוין געקומען ערב-פסח, האָט מען ווידער געוואוסט, פאַרוואָס צו דאַנקען גאָט: איבערגעקומען אַזאַ ווינטער, און ווען מען האָט אַרויסגענומען די „פּאָדוואָינע״ פענסטער, האָט מען געפילט ממש, ווי פון עבדות לחירות... ווייל אַ מענטש, קינד מיינס, מוז פילן אַ יאָך, אַ האַנט פון אַ באַלעבאָס, אַ מענטש טאָר נישט זיין הפקר!... אום ווינטער דאַרף אַ מענטש וויסן, אַז ס'איז ווינטער, דאַן אום זומער — אַז ס'איז זומער... ווינטער דאַרף מען אַרייַנשטעלן „פּאָדוואָינע״ פענסטער, כדי מען זאָל זיי זומער קענען אַרויסנעמען. איר פאַרשטייט? ווען יידן וואָלטן נישט אַרויס פון מצרים, וואָלטן מיר דאָך קיין יום-טוב פסח נישט געהאַט... ניין, אייער אַמעריקע טויג נישט. דאָ איז אַלעמאָל אַלצאיינס, זומער, ווינטער, איין סדר... אַ מענטש ווייס דאָ קיינמאָל נישט פון אַ שינוי... שטענדיק לויפט מען און מען האָוועט... סיי ווינטער, סיי

זומער... אַ הויז איז דאָ קיין הויז נישט, ווייל ווי קען זיין אַ הויז אַ הויז, אַז עס האָט קיין באַלעבאָס נישט? אַז מען שטעלט ווינטער נישט אַריין קיין „פּאַדוואָינע" פענסטער, און מען לאָזט דעם ווינט בלאָזן פריי, ווי ער וויל?... האַ! נו, האָב איך נישט רעכט? נישקשה, די אַלטע וועלט איז געווען קליגער פאַר דער נייער... שעמט זיך נישט און זייט זיך מודה!...

איך האָב געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און מיין שכן איז געבליבן זייער צופרידן, זייער...

## טענה נומער 35.

### דאַרף מען פאַרזאָרגן אַ ווייב?

— איך גיב אייך נישט קיין צעבראָכענעם סענט פאַר אַלע אייערע „פּאָליסיס"!*) — אָט, מיט אַזאַ מענה לשון איז פאַר מיר אַרויסגעטראָטן מיינער אַ באַקאַנטער ייד, אַ ייד פון אַלטן דור, פרום, קלוג און דורכגעלעבט ווען ס'איז אַמאָל געקומען צו רייד, צי האָט ער אַ פּאָליסי?

— איך פרעג אייך, — האָט מיין באַקאַנטער גערעדט, — ווער דאַרף עס אַ פּאָליסי? פאַרזאָרגן דאָס ווייב נאָך 120 יאָר, זאָגט איר? — אַמעריקע מיט אירע פאַרזאָרגענישן!... רק מען זאָרגט זיך דאָ וועגן פאַרזאָרגן! און וואו, פרעג איך אייך, איז ע ר, דער רבונו של עולם? ער איז דאָך נאָך אויך דאָ, האַ? — פע! אַ מיאוסע מדינה! נאָר מען פאַרזאָרגט די לעבעדיקע. און וואָס איז, פרעג איך אייך, מיט די טויטע? זיי דאַרף מען שוין, הייסט עס, גאָרנישט פאַרזאָרגן?

די היגע מאַנסבילן פאַרזאָרגן רק די ווייבער נאָכן טויט. אָבער איך פרעג אייך: מיט וואָס באַזאָרגן די היגע ווייבער זייערע מענער נאָכן טויט? פאַרוואָס זאָגן זיי נישט, אַז זייערע פאַרזאָרגער

*) לעבנס-פאַרזיכערונג-פּאַפּירן.

זאָלן נישט קומען אויף יענער וועלט אדם־נאַקעט ? האַ ? איך פרעג אייך ?

אַמאָל, אינדערהיים, האָט אַ פרוי דעם מאַן אַוועקגענומען פון הבלי העולם. אַליין זיך אָפּגעגעבן מיט פרנסה, מיט גידול בנים... און דער מאַן איז געזעסן און געלערנט און געדאַווענט, און צוגעגרייט אי פאַר זיך, אי פאַר דער ווייב דעם חלק לעולם הבא, — אָבער דאָ, שיקן די ווייבער זייערע מענער אין די שעפּער און שרייען כסדר: ברענג, ברענג, ברענג וואָס מער! און אַפילו די קינדער־וועגעלעך מוזן דאָ די מענער פירן פאַר זיי, און דער היגער מאַן האָט קיין צייט נישט, ווען אַ טראַכט צו טאָן וועגן אמתן תכלית... און דערפאַר, הייסט עס, דאַרף דער מאַן זיי נאָר באַזאָרגן מיט פאַליסיס ? פאַרוואָס קומט זיי עס ?

— איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, — האָט זיך מיין באַקאַנטער נאָכמער צעוואַרעמט. — איך בין מיט דער מיינונג, אַז אַ מאַן טאָר גאָרנישט פאַרזאָרגן אַ ווייב נאָכן טויט!... ביים לעבן יאָ, אָבער נאָכן טויט נישט!

— פאַרוואָס? אָט וועל איך אייך דערקלערן: אַ מענטש איז בטבע אַ חזיר, יעדער מענטש און בפרט אַ ווייב.

אַ ווייב טאָר נישט וויסן, אַז אַ מאַן האָט פאַר איר צוגעגרייט געלט אויף נאָך זיין טויט. דאָס ברענגט זי צו מיאוסע געדאַנקען, מחשבות זרות. מאַלע, וואָס עס מאַכט זיך, אַ ווייב צעקריגט זיך מיט אַ מאַן, דאָס טרעפט דאָך אַפילו אין די בעסטע לעבנס...— איז דאַן, ווען מען צעקריגט זיך, פאַלט איר ·תיכף איין: הלוואי מאַכט ער שוין צו די אויגן! נישקשה, איך האָב אים אין דער ערד. אַ פאַליסי וועט ער מיר דאָך לאָזן, און איך וועל גאָרנישט דערלייגן. מיטן געלט קען איך קריגן אַ בעסערן מאַן... און איר פאַרשטייט, ברענגען אַ מענטשן צו אַ מחשבה זרה איז אַ גרויסע עבירה...

— איר הערט? ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע מיט מיין אַלטעטשקער, איז אין אַ וואָך אַרום שוין ביי מיר געווען אַ לאַנדס־מאַן, וועלכער איז אין דידאָזיקע טריפהנע ביזנעס, און האָט מיך גענומען איינרעדן, איך זאָל אַרויסנעמען אַ פּאָליסי כאָטש אויף אַ פאָר טויזנט דאָלאַר... האָב איך אים אויסגעהערט און געזאָגט צו אים אַזוי:

— מיין ליבער לאַנדסמאַן! ווי האָט איר עס נישט מורא פאַר גאָט? וואָס הייסט, איר גייט מיט גאָט אין קאָנקורענציע? און איר ווילט נאָך מיך אויך צרייַנשלעפּן אין אַ שותפות? וואָס הייסט, איך זאָל פאַרזאָרגן מיין חנהן נאָכן טויט? ראשית, ווער ווייס ווען מען וועט פריער רופן... און, שנית — וואו איז ער? נישקשה, דער אויבערשטער קען נאָך אויך פאַרזאָרגן?...

איז דער לאַנדסמאַן אַוועק און האָט מיט מיר שוין מער נישט גערעדט וועגן דעם ענין. ער האָט געזען, אַז ער האָט נישט געטראָפן דעם אָרט!...

— פע! ליבער מענטש, מיר געפעלן נישט אייערע אַמעריקאַנער מנהגים; מענטשן לעבן און גלויבן זיך נישט... מען גרייט זיך אָן מיט געלט... אין פאַרשטיי, ווען מען גרייט זיך אָן מיט מצוות, תכריכים, קרקע... דאָס פאַרשטיי איך, דאָס זענען דברים של קיום... אָבער געלט, ווער קען צוגרייטן געלט? און אפשר, ווער ווייס, באַנקראָטירט גאָר די קאָמפּאַניע?

— איר זאָגט: פאַרוואָס שמועס איך אַלץ וועגן טויט, אַ מענטש קען דאָך אויסלעבן זיינע יאָרן און צרויסנעמען אַליין דאָס געלט, און האָבן אויף די עלטערע יאָרן? ס'איז אָבער אַ שטותעריי, נישט מער! אַ מענטש קען זיך נישט אָנגרייטן!... שטעלט זיך פאָר, אַ מענטש דערלעבט שוין, און ער נעמט אַרויס דאָס געלט פון דער „פאָליסי" און ער טראָגט עס אַהיים, און ביינאַכט קומען גנבים און נעמען ביי אים צו דאָס געלט? נו, פרעג איך אייך, איז כדאי געווען 20 יאָר צו קלויבן פאַר גנבים? און בכלל, טאָר מען נישט וועקן אין אַ מענטשן די זשעדניקייט נאָך געלט. געלט איז אַ מיאוסע זאַך, אַ טריפה זאַך, נאָך ערגער, ווי חזיר. איז, אַז מען מוז האָבן חזיר אויף אַ רפואה, נוצט מען חזיר אויך — אָבער פרעסן חזיר, צוליב תאווה, איז אַן עבירה... אַ גרויסע עבירה...

— ניין! מיר געפעלן נישט אייערע אַמעריקאַנער מנהגים מיט די פאָליסיס! איך וועל שוין אַזוי אויך אויסלעבן מיינע יאָרן...

# טענה נומער 36.

## אמעריקאנער „יאַזדעס".

ער איז אַ שיינער, אַלטער היימישער ייד, מיט אַ גוט-אָפּגעהיטער באָרד, מיט אַ פּנים פון אַ באַלעבאָס, מיט אויגן קלוגע, כאָטש שוין אַ ביסל אויסגעלאָשענע.

איך האָב זיך מיט אים באַקענט אויפן „על"*). ער איז געזעסן לעבן מיר, געקוקט אין זיין צייטונג, איך האָב געקוקט אין מיין צייטונג (און געווען איז עס דערזעלבער „מארגן-זשורנאַל"). דערווייל האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט. געדויערט עס פינף מינוט, צען מינוט — דער צוג רירט זיך נישט. ווענדט זיך דאַן דער ייד צו מיר מיט אַ פראַגע:

— פאַרוואָס שטייט דער צוג?

— מסתמא איז דער וועג נישט ריין.

רוקט זיך דער ייד צו נענטער, לייגט צוזאַמען זיין צייטונג, לייגט זי פארזיכטיק אריין אין קעשענע, און פרעגט מיך:

— וואָס הייסט עס, נישט ריין?

ענטפער איך:

— עס הייסט, אַז עפּעס האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן וועג און אָפּגעשטעלט די צוגן.

גיט דער ייד אַ שמייכל:

— יאָ, יאָ... ס'איז אַמעריקע. מיר, אינדערהיים, האָבן דערפון נישט געוואוסט!

גיב איך אויך אַ שמייכל, כאַפּט דער ייד אויף מיין שמייכל און ווערט דווקא ערנסט.

— וואָס, איר מיינט אויך, אַז אין אַמעריקע פאָרט זיך בעסער, ווי אינדערהיים — עס הייבט זיך גארנישט אָן!

— ווי אַזוי, — פרעג איך, — איז זיך אינדערהיים געפאָרן בעסער?

*) הויך-באַן.

— וויאַזוי ? — מאַכט דער ייד און בויגט זיך איין גאַנץ אינטים צו מיר. — גאַנץ פשוט, ווייל מען האט געקאנט פארן וואוהין מען האט געוואלט, דער וועג איז געווען פריי. אבער דא איז דאך נאָר איין וועג, און אַז דער וועג ווערט פאַרשטעלט, איז שטיי אין געהאַקטע וואונדן.

איך האָב מיין יידן נישט אינגאַנצן פאַרשטאַנען און ער האט עס אויפגעכאַפּט און מיר גענומען געבן צו פאַרשטיין:

— איר פאַרשטייט, מיסטער, וואס איך מיין אינדערהיים איז מען דאך געפארן מיט פערד און וואַגן, און כאטש עס איז אויך געווען אויף אַ וועג, אבער דאך האט מען געקענט דעם פערד אַ קירעווע טאָן אין אַן אַנדער זייט. דער פערד איז געווען אין אייערע הענט. איר האָט געהאט די בחירה. אבער דא איז דאך איין וועג, און קירעווען קען מען נישט. אַמעריקע זאגט: דו מוזט פארן נאר אויף דער רעלסע, און ווילסטו אַ קירעווע טאָן, גייט עס אַרונטער פון די רעלסן... איר פאַר־שטייט מיך שוין ?

— איך הייב שוין אָן צו פאַרשטיין, — לאַך איך, — איר ווילט זאָגן, אַז אייך געפעלן די אַמאָליקע „יאַזדעס”, בעסער ווי די איצ־טיקע ?

— אָט־אָט ! אָט־טאָ־טאָ ! אָט דאָס מיין איך טאַקע ! — איז דער ייד פריילעכער געוואָרן. — אַוודאי איז מען אין דער אַלטער היים בעסער געפאָרן, ווי ביי אייך דאָ אין אַמעריקע. ערשטנס, איז געווען ווייניקער סכנה, דאָך נענטער צו דער ערד. און אַ פערד, ווי ער זאָל נישט ווילד ווערן, איז דאָך פאָרט אַ לעבעדיק באַשעפעניש... אָבער מיט אַ מאַשין איז דאָך עפּעס אַנדערש. אמת, היינט פאָרט מען אפשר שנעלער, אָבער די פראַגע איז דאָך נאָך אַלעמען נישט ווי שנעל מען פאָרט, נאָר ווי מ ע ן ק ו מ ט. אינדערהיים זענען מענטשן געפאָרן לאַנגזאַמער, אָבער געקומען ווי מ ע נ ט ש ן — און דאָ פאָרט מען אין שעפער! אַמאָל איז אַ ייד געפאָרן אָדער צום רבין, אָדער אויף אַ חתונה, אָדער אויף אַ יריד. היינט פאָרט מען נאָר פאַרשוואַרצט ווערן... בעיקר נאָר אַרבעטן. אין אַמעריקע פאָרט מען נישט, נאָר מען ווערט געפירט, ווי אָקסן צו דער שחיטה... איז עס נישט אַזוי ?

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און מיין ייד האָט גערעדט:

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן ? אייער אַמעריקע געפעלט מיר גאָרנישט. איך בין אינדערהיים געווען אַ שטיקל באַ־

לעבאָס, געהאַט אַ שטיקל פּאָסעסיע מיט אייגענע פערד און אייגענעם געשפּאַן, אָבער דאָ דאַרף איך פאָרן מיט אַלעמען גלייך. אויס יחסן!

— נו, — זאָג איך, — איר וועט זיך דאָ נאָך אַרויפאַרבעטן און וועט זיך דאָ אויך איינשאַפן אַן אויטאָמאָביל און אויך פאָרן באַזונדער!

— מוחל! מוחל! — האָט דער ייד אַזוש אויפגעציטערט.—אַן אייגענער אויטאָמאָביל איז נאָך ערגער ווי פאָרן אויפן „על" אָדער אין טראַמוואַי. איך האָב דאָ אַן איידעם, איז ער נישט קיין אָרעמאַן, האָט ער אַן אייגענעם פאָרדל*). איז דאָס געווען מיט אַ מאָנאַט צוריי צוריק, קום איך איינמאָל צו אים צו גאַסט. ער וואוינט אין פלאַטבוש און איך אין די בראָנקס. קלייבן זיי זיך אַלע פאָרן דאון־טאון. זאָגט מיין איידעם צו מיר: שווער, קומט אויך מיט אונז! שטים איך איין. מיר זעצן זיך און הייבן אָן פאָרן — איז הערט איר, זאָל מיר גאָט שומר ומציל זיין פון אַזעלכע „יאַזדעס". ערשטנס, איז אויף דער מאַשין געווען ענגער, ווי אין „על". מיין זון האָט אַריינגענומען אַהין מיט פינף פּאַסאַזשירן מער, ווי עס קען אַריין... און נאָכדעם איז גלייך, ווי מיר זענען אַרויסגעפאָרן, אויסגעגאַנגען געזאָלין. און עס האָט זיך אָנגעהייבן אַן עסק מיטן געזאָלין. און נאָכדעם, ווי מען האָט שוין געקריגן, און מיר זענען אַרויסגעפאָרן אויפן וועג, איז דער וועג ערשט געווען פאַרנומען: אַ אויטאָמאָביל האָט זיך צעבראָכן און האָט פאַרצוימט דעם וועג. זענען מיר אָפּגעשטאַנען אַ גוטע שעה און נאָכדעם, ווען מיר זענען געקומען צום בריק, זענען מיר ווידער געבליבן שטיין, עפּעס אַ נייער אומגליק: דער בריק איז צעבראָכן. און ווען איך בין געקומען אין די בראָנקס, האָב איך פאַרזאָגט אַ צענטן צו פאָרן מיט אַ מאַשין! איר פאַרשטייט? — האָט דער ייד מיט נצחון צוגעגעבן: — דאָס איז אַלץ ביי אייך אין אַמעריקע. אָבער אינדערהיים האָט אַזאַ זאַך נישט געקאָנט פּאַסירן: ווען מען פאָרט מיט אַ פערד. קען מען אים קירעווען, מעג זיך אַן אויטאָמאָביל צעברעכן, פאָרט מען אין אַ זייט און געזאָלין דאַרף מען אויך נישט. אַ פערד לויפט מיט אַ בייטש. מען שמייסט, לויפט עס... ניין, מיר געפעלן נישט אייערע אַמעריקאַנער „יאַזדעס"!

— נו, — מאַך איך, — אַז איר וועט ווערן דאָ אַ שטיקל נגיד, קענט איר דאָ זיך אויך קויפן אַ פערד!

*) אויטאָמאָביל פון דער פירמע „פאָרד".

— וואָס מיינט איר, — האָבן ביי דעם יידן אָנגעהייבן שיינען די אויגן, — איך וואָלט עס זיכער געוואָלט, אָבער צו אַ פּערד דאַרף מען האָבן אַ הויז און צו אַ הויז דאַרף מען דאָ האָבן אַ שלל מיט געלט, און איך בין שוין נישט קיין יינגעלע. שוין נישטאָ די אַמאָליקע כּוחות!

## טענה נומער 37.

### אָן בושה.

פּאָרט מיט מיר מיינער אַ לאַנדסמאַן אין „על״. רופט מען אים, מנשה פּסח-ברוכס, אַ ייד שוין אַ באַיאָרנטער, אָבער זעט נאָך אויס גאַנץ פריש, באַוועגלעך און באַרעדעוודיק. ער איז אין אַמעריקע שוין אַ יאָר צען, און מאַכט אַ לעבן פון שמשות און כּהנות. דאָס הייסט, ער איז אַ שמש אין אַ שול ערגעץ אין ברוקלין, און דערצו איז ער אַ כּהן, מאַכט ער אַ פּאָר דאָלאַר אַ יאָר פון פּדיון הבנס. אָט איצט, ווען איך האָב אים באַגעגנט אין „על״, איז ער דאָס אויך געפאָרן צו אַ פּדיון הבן פון אַ לאַנדסמאַן אין בראָנקס.

פּאָרט מיט מיר מיין לאַנדסמאַן און ער רעדט און רעדט. און פון וואָס רעדט אַ ייד פון זיין מעמד און אין זיינע יאָרן? וועגן אַמעריקע.

אויך מיין לאַנדסמאַן, משה פּסח-ברוכס ; האָט אַ סך טענות צו אַמעריקע.

— אַמעריקע האָט נישט קיין בושה. אָט, זאָגט ער, נעמט אַ באַלעבאָס אַ יידן אַ אינדערהיים, און אַ באַלעבאָס אַ יידן דאָ. אַ באַלעבאָס אינדערהיים פלעגט גיין אָנגעטאָן אין אַ קאַפּאָטע, האָט געוואוסט, אַז ער איז טאַקע ביי זיך אינדערהיים, און דאָך דאַרף

מען זיך שעמען, אָבער דאָ איז אַן אמתע בושה: גייט אינדערהיים במעט נאַקעט...

גיב איך אַ מורמל: נישט געפּערלעך.

— נישט געפּערלעך, זאָגט איר? — מאַכט מיין לאַנדסמאַן. — דאָס איז פאַר אייך נישט געפּערלעך, אָבער פאַר אונז איז עס יאָ געפּערלעך, ווייל מיט שעמען זיך איז אַזוי: עס איז נאָר הארב דאָס ערשטע, אַרונטערוואַרפן די בושה, און נאָכדעם גייט עס שוין, ווי געשמירט. אָט, למשל, נעמט דאָס הייבן די הויזן, וואָס מען הייבט דאָ אין אַמעריקע. דאָס קען איך גאָרנישט דולדן, גאַנץ אַמעריקע הייבט זיך די הויזן. ביי גאַנץ אַמעריקע האַלטן זיך נישט די הויזן! און ווייסט איר, פונוואַנען דאָס נעמט זיך? אויך פון דעם, וואָס מען האָט דאָ נישט קיין בושה!...

ווען מען וואָלט זיך געשעמט, וואָלטן זיך די הויזן געהאַלטן... נישקשה, מען גיט זיך אַן עצה.

איר לאַכט? ביי אייך איז עס אַ קלייניקייט? אָבער איך זאָג אייך, אַז ס'איז נישטאָ פון וואָס צו לאַכן... אָט נעמט די היגע ווייבער,— מאַכט צו מיר מיין לאַנדסמאַן שוין גאַנץ שטיל, כמעט אויפן אויער, — איז ווען זיי פאָרן, איז רק זיי עסקן זיך מיט די קליידער, האַלטן אין איין ציען די קליידער אויף אַרונטער. צו אַלדע שוואַרצע יאָר, טענה איך, מאַך נישט קיין קורצע קליידלעך, ווי אַ חצופה, זועסטו פאַרשפּאָרן ציען, כלומרשט, ווי אַ צנועה! אָבער די מעשה איז, אַז דאָס טוען זיי דאָך אומישנע. מען מאַכט קורצע קליידלעך, כדי מען זאָל האָבן וואָס צו ציען און כדי די מאַנסבילן זאָלן האָבן וואָס צו קוקן, און דאָס אַלץ נעמט זיך פון דעם, וואָס ס'איז דאָ נישטאָ קיין בושה...

— יאָ, אין אַמעריקע שעמט מען זיך נישט. נו, איז האַלטן די מענער אין איין הייבן די הויזן, און די ווייבער אין איין ציען די קליידלעך. פּע!... ס'איז אַ חרפה!

איך האָב געשוויגן, און מיין לאַנדסמאַן האָט ווייטער גערעדט:

— איך פרעג אייך, איר זענט דאָך עפּעס אַ קלוגער מענטש, זאָגט מיר, וויאַזוי קען אַ מענטש גיין אין גאַס אָן אַ רעקל? וואָס איז, עפּעס הפקר אַ וועלט? מילא, אין הויז, נו, קען מען נאָך געפינען אַ תירוץ, צווישן אייגענע פיר ווענט, אָבער אין גאַס? — פּע, חלשות! — און דאָס טוט מען אין אייער קלוגער אַמעריקע... אַ

מענטש דאַרף זיך טאַרדעקן, צודעקן און איינדעקן. אין דעם שטעקט דער סוד פון מענטשלעכקייט, דער זין פון יידישקייט. ווען אדם און חוה זענען געווען פראים, זענען זיי געגאַנגען נאַקעט, אָבער גלייך ווי זיי זענען געוואָרן שטיקלעך מענטשן, האָבן זיי זיך גענומען שעמען... זאָגט, איז דאָס נישט אַזוי? איך, ווי איר ווייסט, קום דאָך אַריין אין אַ סך הייזער, איז, הערט איר, וואָס איך זאָג אייך,— אַמעריקע, אַז נישט געדאַכט זאָל זי ווערן! און דערהויפּט זענען דאָ שולדיק די ווייבער. קומסט אין אַ הויז, קלאַפּסט אָן, — און אַלעמאָל איז די באַלעבאָסטע נאַקעט. און, דאַכט זיך, קיינער יאָגט דיך נישט, קענסט דאָך אויף זיך עפּעס אַרויפוואַרפן, איידער דו עפנסט די טיר,— איז ניין! אַלעמאָל עפענען זיי פריער די טיר, און נאָכדעם ערשט נעמען זיי לויפן, עפּעס אויף זיך אַרויפוואַרפן, און, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס זיי וואַרפן שוין אויף זיך אַרויף... עס האָט דען אַ ממשות?... עס איז פּשוט אַ חרפּה אַריינצוקומען אין אַ יידיש הויז!...

— איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? אין מיינע אויגן איז דאָ גאָר קיין יידיש הויז נישטאָ — יעדעס הויז איז אַ מרחץ, ווייל אַלע גייען אַרום נאַקעט. דער באַלעבאָס און באַלעבאָסטע נאַקעט און די געסט אויך — אַן אמתער מרחץ!

איר וועט זאָגן, אַמעריקע טוט עס צוליב די היצן? — נו, און אינדערהיים זענען דען קיין היצן נישט געווען? אַמעריקע טוט עס צוליב חוצפּה און אויסגעלאַסנקייט.

אַז דיר איז הייס, קענסטו דאָך אָנטאָן אַ לייכט רעקל... נישקשה, די הויט וועט דיר נישט אָרונטערקריכן... אָבער צו וואָס מיט נאַקעטע הענט און אַ נאַקעטער ברוסט, האַ? איך פרעג אייך!...

— נו, איך מוז דאָ אַרונטערגיין! — מאַכט ער צו מיר. — אַ גוטן טאָג! נישט באַשערט זיך דורכצורעדן, ווי עס באַדאַרף צו זיין... ווען טרעפן מיר זיך נאָכאַמאָל, האַ? פאַרוואָס זאָלט איר זיך נישט אַריינכאַפּן אַמאָל צו מיר אין שול?

די לעצטע ווערטער האָט ער שוין צו מיר געשריגן פון יענער זייט וואַגאָן.

## טענה נומער 38.

### דער געלער גזלן.

נעמט זיך דער שניידער צו דער מלאכה פון איבערנייען מיינע קנעפלעך, און איך פאַרפיר דערוויל מיט אים אַ שמועס:

— ווי גייען עס די געשעפטן?

— שוואַך, — מאַכט דער שניידער, — זייער שוואַך.

— פאַרוואָס? — פרעג איך.

— אַלעמאָל איז אין דער צייט שוואַך, — דערקלערט ער מיר, — דאָס הייסט, די גוטע פיר מאָנאַטן אין ווינטער איז שוואַך, נישטאָ קיין אַרבעט... זומער, הייסט עס, איז עס אויך נישט קיין גאָלדן געשעפט, נאָר מען מאַכט אַ לעבן, אָבער ווינטער טויג עס גאָרנישט.

— פאַרוואָס עפּעס ווינטער נישט? — וויל איך וויסן.

— ווייל ווינטער קלינט*) מען נישט און מען פּרעסט נישט, — דערקלערט מיר מיין שניידער מיט אַ זיפץ. — זומער גייט מען דאָך פריי, שוויצט מען זיך, מוזן די הויזן זיין געפּרעסט, דער ראָק אויך. אָבער ווינטער וואַרפט מען אַרויף דעם מאַנטל און פאַרטיק. ווער זעט?

— אַזוי? — מאַך איך.

— אַזוי איז עס! — מאַכט דער שניידער. — און בכלל איז דאָס „קלינען" און פּרעסן קיין ביזנעס נישט... כאָטש מען רופט עס ביזנעס! אַלץ הייסט אין אַמעריקע אַ געשעפט! מען אַרבעט, ווי אַ פערד, מען האָט וואַסער אויף קאַשע, און עס איז אויך אַ געשעפט.

— אָבער, — לאַך איך, — וואָס הייסט, עס איז נישט קיין געשעפט? אַט האָט איר דאָך אַ געשעפט מיט אַ מאַשין צום פּרעסן, און אַ פענסטער צום גאַס, מיט אייער נאָמען, מיט אַ שילד, און וואָס איז דאָס? — ווייז איך אים אָן אויפן „רעדזשיסטער"**).

— עט! — מאַכט ער מיט גרויס בטול. — עס איז טאַקע אַ

*) רייניקן. **) אויטאָמאַטישע רעכנקאַסע.

געשעפט מיט אַ פענסטער און מיט אַ שילד, אָבער עס איז פּאָרט קיין ביזנעס נישט... און אָט דער (ער ווייזט מיר אָן מיטן פינגער אויפן „רעדזשיסטער"), אָט דער הרגעט עס גאָר אוועק איינגאַנצן... דאָס איז גאָר אַ גזלן!

— וואָס הייסט? — קוק איך אָן מיין שניידער.

— אַז איך זאָג אייך, ער הרגעט, ווייס איך וואָס איך זאָג, — מאַכט דער שניידער מיט גרויס זיכערקייט. — ווען נישט דער „רעד-זשיסטער", וואָלט מען נאָך ווי עס איז געקענט לעבן אין אַמעריקע, אָבער ער, ער לאָזט נישט!

— וואָס הייסט ער לאָזט נישט? וויאַזוי? — פרעג איך אָן ווער-טער, נאָר מיט די אויגן.

— ווי אַזוי? אָט ווי אַזוי! — מאַכט דער שניידער און רייסט אָפּ אַ צווייטן שוואַכן קנעפּל פון מיין מאַנטל. — אין דער אַלטער היים, פאַרשטייט איר מיך, האָט מען געפירט געשעפטן אָן רעדזשי-סטערס, און מען האָט געלעבט. מען האָט נישט אָפּגעקלונגען, אָבער אין קעשענע איז געווען... קיין חשבון איז נישט געווען, מען האָט נישט געוואוסט, וויפל מען פאַרדינט, אָבער ס'איז געווען בעסער... האָט מען געהאָפט אויף בעסערע צייטן. אָבער דאָ, אין אַמעריקע, מיטן „רעדזשיסטער", ווייסט מען יעדן טאָג קלאָר וויפל און וואָס, און דאַן, וואָס טויג עס? איר פאַרשטייט? — האָט זיך מיין שניידער צעוואַרעמט. — אַ חשבון איז נאָר דאַן גוט, ווען ס'איז אַ גרויסע ביזנעס, געלט קומט אַריין פון אַלע זייטן, און מען מוז וויסן אַ חשבון... אָבער דאָ, ביי אַזעלכע קבצנים, ווי מיר זענען, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעכענען. אַז ס'איז דאָ אַרבעט, האָט מען וואַסער אויף קאַשע, און אַז עס איז נישטאָ, איז קיין וואַסער אויך נישטאָ... נו, דאַרף מען דערצו האָבן רעדזשיסטערס?

— טאָ צו וואָס האָט איר אַריינגענומען אַ רעדזשיסטער? — פרעג איך אים.

— צי וואָס? — מאַכט ער. — צו גאָרנישט! ס'איז דאָך אַמע-ריקע-גנב! וויבאַלד ס'איז נאָר אַ שטיקל ביזנעס, מוז מען שוין האָבן אַ קראָם, און אויף דער קראָם אַ „סיין"*), און לאָמפּן אין פענסטער, און מען דאַרף שוין צאָלן רענט, און מען דאַרף נייטיק אַ רעדזשיסטער. אי, איך שריי געוואַלד, אַז ס'איז קיין ביזנעס נישט?

*) שילד.

הערט מיך קיינער נישט! וויבאַלד ס׳זענען דאָ קאָסטאָמער*), איז עס אַ ביזנעס, — טענהט מען דאָ. אי, וואָס איז עס פאַר אַ ביזנעס, אַז איך אַליין אַרבעט, שוויץ און בויג זיך אין דרייען? — טאָ גיי טענה מיט זיי! ס׳איז דאָך אַמעריקע! און איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, — מאַכט דער שניידער אין אַ טיף־לירישן טאָן, — איך האָב אים פיינט, אָט דעם רעדזשיסטער! איר פאַרשטייט? טאָמער וויל איך אַמאָל פאַרגעסן, וואו איך האַלט אין דער וועלט, שטייט ער, דער געלער הונט, און דערמאָנט מיר... יעדן טאָג ווייזט ער מיר די אונטערשטע שורה... און די אונטערשטע שורה איז: פּליינס זיך נישט, דאָס געשעפט איז קיין געשעפט נישט. איז וואָס, מיינט איר, טו איך? עס זענען דאָ טעג, וואָס איך כאַפּ אַריין און „גוך" נישט דעם „רעדזשיסטער", טאַקע גאָרנישט. קיין פּדיון איז נישטאָ, מען לייזט נישט, וואָס זאָל איך דאָ קלינגען? עס קלינגט שוין גענוג, אָבער איר פאַרשטייט, נישט אַלעמאָל קען מען עס... ווייל ווען עס קומט אַריין אַ לייטישער קאָסטאָמער, מוז מען קלינגען, ווייל אַזוי איז שוין אַמעריקע... מען מוז קלינגען... ס׳קלינגט אַזוי אויך גענוג אין קאָפּ, נאָר מען דאַרף נאָך...

מיין שניידער האָט פאַרטיק געמאַכט מיינע קנעפּלעך, זיך אויפגעהייבן מיט אַ קרעכץ, מיר דערלאַנגט דעם ראָק, איך אים — מיין קליינגעלט...

עס האָט אַ קלונג געטאָן דער „רעדזשיסטער".

— הייסט עס, אַז איך בין ביי אייך פון די לייטישע קאָסטאָמער? — לאַך איך.

— אַוודאי! — לאַכט ער צוריק. — געוויס, ווען איך האָב כאָטש אַזעלכע, ווי איר, אַ הונדערט אַ טאָג, וואָלט מען אויך געקענט מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע... אָבער וואו נעמט מען זיי? אַז דאָס איז קיין ביזנעס נישט...

איך האָב געזאָגט אַ גוטן טאָג און בין אַרויס.

*) קונצן.

## טענה נומער 39.

### קאָן מען עס אָנרופן ווינט?

— עך, עך, עך, נישטאָ קיין אמתע ווינטן אין אייער אַמעריקע!— אַט אַזוי האָט פאַר מיר געקרעכצט אַן עלטערער ייד מיט אַ ציכטיק בערדל, וועלכן איך האָב געטראָפן בלאָנדזשענדיק אויף די גאַסן, אין בראָנקס, און איך האָב זיך אונטערגענומען אים צוצופירן צום ריכטיקן אַדרעס.

— וואָס מיינט איר מיט דעם, זיידע? — האָב איך אָנגעקוקט מיין גאַס-אורח.

— איך מיין פשוט, — מאַכט דער ייד און שטעלט פיס, כּדי ער זאָל זיך מיט מיר אויסגלייכן. — איך מיין פשוט, נישטאָ... אַז ס'איז נישטאָ, איז וואָס איז שייך דאָ צו פרעגן?... נישטאָ, איז נישטאָ!

— וואָס הייסט נישטאָ? — מאַך איך. — אָט בלאָזט, דוכט זיך, אַ גאַנץ פיינער ווינט!

— אַוודאי בלאָזט עס, — מאַכט דער ייד און האַלט זיך צו דעם קאַפּעליוש, — איך לייקן דען, אַז עס בלאָזט? נאָר וואָס דען? קען מען עס אָנרופן ווינט? בלאָזן בלאָזט עס ביי אייך אין אַמעריקע, אַוודאי בלאָזט עס, אָבער קיין ווינט איז עס פאָרט נישט... איר זייט שוין לאַנג אין אַמעריקע?

— שוין אַ היבש ביסל, — ענטפער איך. — גאָר אַ היבש ביסל!

— נו, — מאַכט דער ייד, — נו, האָט איר אַוודאי שוין פאַרגעסן, ווי אַ היימישער ווינט זעט אויס... איר פאַרשטייט? אינדערהיים איז אַ ווינט געווען אַ ווינט... ער האָט געוואויעט, ווי עס שטייט אין פּרק, פּונקט ווי אַ לעבעדיקער מענטש, „פּונוואַנען ער קומט און וואוהין ער גייט", — האָט דער אַלטער מאַן געשמייכלט. — איז ער געקומען פון צפון-זייט, איז עס געווען פון צפון... איז ער געקומען פון דרום, איז עס געווען פון דרום. אַ צפון-ווינט איז געווען קאַלט... צפון איז צפון! און אַ דרום-ווינט — וואַרעם... דרום איז דרום! אָבער דאָ ביי אייך

אין אַמעריקע, גייט זייט אַ בריה און ווייסט פונוואַנען דער ווינט בלאָזט?... אַט בלאָזט ער, דוכט זיך, פון צפון, נאָר ס'איז נישט פון צפון... ביי אייך בלאָזט עס פון אַלע זייטן, יונגערמאַן!

— אַ מאָדנע מיינונג האָט איר זיידע וועגן די אַמעריקאַנער ווינטן, — לאַך איך. — אָבער באמת, זיידע, האָט איר נישט רעכט — אַ ווינט איז אַ ווינט אומעטום גלייך...

— אומעטום יאָ, — מאַכט דער אַלטער אין אַ זייער אַ זיכערן טאָן. — אומעטום יאָ, אָבער נישט אין אַמעריקע... די גאַנצע וועלט האָט איין סדר, אָבער אין אַמעריקע איז אַלץ פאַרקערט. אַמעריקע איז יענע וועלט און נישט די וועלט! — מאַכט דער ייד אין דעם טאָן פון אַ פּוסק!

— איר זייט שוין לאַנג אין לאַנד? — פרעג איך.

— לאַנג? שוין גענוג לאַנג! דאָס הייסט, — מאַכט דער ייד, — ס'איז נאָך נישט לאַנג, ערשט אַ פּאָר יאָר, דאָס דריטע יאָר, אָבער עס האָט זיך מיר אויסגעצויגן, ווי עס וואָלט געווען זייער לאַנג... זייער!

— איר טוט דאָ עפּעס? — וויל איך וויסן.

— וואָס קען מען דאָ טאָן? וואָס קען מען דאָ טאָן ביי אייך? — מאַכט דער ייד. — אינדערהיים האָט מען געטאָן, אי, געטאָן! אינדערהיים איז מען געווען אַ סוחר... אַ „בערלינטשיק", איר ווייסט וואָס דאָס מיינט? געהאַנדלט מיט „בערלינעס", שיפן אַזעלכע אויפן וואַסער... עס איז פאַראַן „בערלינעס" און „האַנטשאַקעס", — דערקלערט ער מיר. — אַ בערלינע איז אַ צוגעמאַכטע, מיט אַ „פּאַלוב"... און אַ „האַנטשאַק" איז אַן אָפענע, אָן אַ „פּאַלוב". אויף אַ „בערלינע" פירט מען מעל, צוקער, זאַלץ, רייז... און אויף אַ „האַנטשאַק": האָלץ, שפּאַלן, שפּיצעס, גאָנטעס... איך האָב געהאַט ביידע זאַכן... מיינע שיפן האָבן געפירט אַלץ... און דאָ פיר איך אויך... איר ווייסט וואָס? איך שעם זיך אייך צו זאָגן... אַ בייבי-קערידזש*) פיר איך! מיין אייניקל פיר איך אַרום... אַ פיין אייניקל... לאַנג לעבן זאָל ער! איך בין ביי מיינער אַ טאָכטער, אַ רייכער איידעם... זייער רייך... לאָזט מען מיך גאָרנישט טאָן... וואָס וועסטו דאָ טאָן, טאַטע? וואָס קענסטו דאָ טאָן? און אָט אַזוי זיץ איך אין הויז ביי מיין טאָכטער, מיר פעלט גאָרנישט... חס וחלילה!... אָבער ווי קען אַ מענטש זיצן ליידיק?... נו, זאָג איך צו דער טאָכטער: גיב מיר כאָטש דעם אייניקל

*) קינדער-וועגעלע.

און איך וועל אים פירן אין פּאַרק!... איז זי זייער צעפרידן... עס איז טאַקע דאָ אַ דינסט אין הויז, אָבער אַ זיידע איז נישט קיין דינסט, מיט אַ זיידן איז דאָס אייניקל פאָרט זיכערער...

דער אַלטער האָט זיך, הפּנים, דערמאָנט אָן אייניקל און אַ וואַרעמער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין פּנים.

— הכּלל, — מאַכט דער ייִד, — איך האָב דאָ אויך וואָס צו טאָן מיט ווינטן... איר פאַרשטייט? אויפן וואַסער, ווען איך בין געווען אַ „בערלינטשיק", האָב איך דאָך געמוזט האָבן וואָס צו טאָן מיט די ווינטן... אַ פיינער ווינט, ווען עס גילט אָפּ, איז אַ געהילף צו פּרנסה, קומט אָן די „בערלינע" מיט סחורה פריער... איז ווינציקער הוצאות... אָבער דאָ איז גאָר אַן אַנדער זאַך. דאָ האָב איך וואָס צו טאָן מיט די ווינטן צוליבן קערידזש... ווען איך פאָר אַרויס מיטן אייניקל, זאָגט מיר מיין טאָכטער אָן: „פּאַפּאַ! דו, זע שטעל דעם קערידזש אַזוי, אַז דער ווינט זאָל נישט בלאָזן דעם קינד אין פּנים אַריין!"... אוודאי, זאָג איך, וואָס דען, טאָכטער, איך ווייס נישט? אָבער דאָ הייבן זיך אָן מיינע צרות מיט אייערע ווינטן... איך בין דאָך, דאַכט זיך, אַ מבין אויף ווינטן. ווער נאָך, ווי איך, קען זיי אַזוי גוט? אָבער אויף אייערע ווינטן בין איך גאָר קיין מבין נישט... עס זענען קיין ווינטן נישט... איר הערט? אָט שטעל איך, דאַכט זיך, דעם קערידזש מיטן רוקן צום ווינט, גוט!... ערשט אין אַ מינוט אַרום דרייט זיך דער ווינט אויס און בלאָזט שוין מיין אייניקל אין פּנים אַריין... שטעל איך איבער דעם קערידזש, — ערשט ווידער... קורץ, איך ווייס נישט וואו ביי אייך בלאָזט דאָ דער ווינט... איך בין אויף אייערע ווינטן קיין בריה נישט... אַמעריקע!...

— אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה, — לאַך איך, — און אַפילו די ווינטן זענען דאָ פריי...

— אָט דאָס האָט איר גוט געזאָגט, — האָט זיך דער ייִד אָנגעכאַפּט אָן מיין טעאָריע. — אַ פרייע מדינה. און וויבאַלד פריי, איז אַלץ פריי!... אָבער איך וואָלט אייך מוחל געווען אַזאַ פרייהייט... אויך אַ ווינט דאַרף האָבן אַ באַלעבאָס... אַך, אַך! ווי עס בענקט זיך נאָך די היימישע ווינטן! אַ היימישער ווינט איז אַ שטיק גאָלד און נישט קיין ווינט! איר קענט עס נישט פאַרשטיין, אָבער איך, וואָס איך בין אָפּגעווען מער ווי אַ האַלב לעבן אויפן וואַסער, געווען

מיט די ווינטן, ווי אַן אייגענער ברודער, איך קען עס פאַרשטיין... שלעכט! מען וועט נאָך מוזן פאָרן צוריק אַהיים, מיין פריינט!

— דאָ האָט איר אייער נומער, — רוף איך זיך אָן צום יידן, ווען מיר זענען געבליבן שטיין פאַר אַ הויז.

— האַ? טאַקע דאָ? אַ ראַנק! אין אַמעריקע זענען נאָך אויך דאָ פיינע מענטשן!... אַ דאַנק... איז דאָס, הייסט עס, דאָס הויז... אַ דאַנק! גייט געזונטו!

## טענה נומער 40.

### וואו עס וואַקסט נישט קיין פאָר.

ער איז אַן עלטערער ייד מיט אַ ווייסער באָרד, נאָר דאָס פנים און די אויגן זענען ביי אים נאָך גאַנץ יונג. און דער שכל דינט אים נאָך גאַנץ גוט. ער איז אַ למדן אַ ייד. ביי אים איז יידישקייט נישט גלאַט אַזוי יידישקייט, נאָר מיט שכל, און רעדן רעדט ער אויך זייער שיין און קלוג. באַקענט האָב איך זיך מיט דעמדאָזיקן יידן ביים שערער. דער שערער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים אַלס שרייבער. ער איז צו מיר געוואָרן צוגעלאָזן און זיך צערעדט:

— א, איר זענט עס דער און דער! געהערט פון אייך! איך לייען יעדן טאָג אַלע צייטונגען. צייט האָב איך גענוג אין אַמעריקע. איך וואוין ביי מיין איידעם, איר דאַרפט אים קענען, ער איז אַ דאָקטאָר, טאַקע אָט דאָ אַנטקעגן! און דאָס איז מיין אייניקל, אָט יענער שיין „באָיטשיקל", וואָס דער באַרבער*) שערט אים... הייסט עס, אַז איר זענט אַ שרייבער? גוט, גוט! און וויבאַלד אַזוי, וואָלט איך געוואָלט הערן פון אייך, צי ווייסט איר די סיבה, פאַרוואָס אין אַמעריקע קריכן אויס די האָר?

— אַז די דאָקטוירים ווייסן נישט, — האָב איך געוואָלט אָפּ-קומען מיט אַ וויץ, — הייגט וויאַזוי זאָל איך וויסן?

*) שערער.

— אין דעם, זעט איר, זענט איר גערעכט, — האָט דער אַלטער מיר תּיכּף צוגעגעבן. — די היגע דאָקטוירים ווייסן טאַקע גאָרנישט, כאָטש איך האָב אַ דאָקטאָר אַן איידעם. מיין איידעם האָט מיר עפּעס יאָ דערקלערט, פאַרוואָס עס קריכן אויס די האָר, אָבער עס לייגט זיך נישט אויפן שכל...

— און איר אַליין, זיידע, ווייסט? — האָב איך געפרעגט.

— אַוודאי ווייס איך! — האָט ער געזאָגט מיט גרויס שטאָלץ. — איך ווייס די סיבה... אי, אי ווייס איך! און ס'איז נישט איין סבה, גאָר אַ סך סיבות. די ערשטע סיבה איז, וואָס מען איז דאָ נישט פרום... אַלעמען דינט מען דאָ, נאָר נישט דעם רבונו של עולם. דעם, וועמען מען דאַרף דינען. מען דינט דער ווייב, דעם באַרבער, דעם גאָט פון מואווי פּיקטשורס*), שוין אָפּגערעדט דעם גאָט פון געלט, — אָבער נאָר נישט דעם אמתן און איינציקן גאָט...

גאָט, למשל, זאָגט: ביי אַ מענטשן דאַרף זיין, ראשית, ריין דאָס האַרץ, ושנית, די הענט.

אָבער דאָ איז לאו דווקא. צו האַלטן ריין די הענט איז מען דאָ נישט מקפּיד. דאָס האַרץ אַוודאי נישט, נאָר וואָס דען? דעם קאָפּ וואַשט מען דאָ! דעם קאָפּ האַלט מען דאָ ריין, וואָס זשע טוט גאָט? זאָגט ער: וויבאַלד ריין, וועל איך אייך שוין מאַכן אַ ריינעם קאָפּ — און ער נעמט אַוועק די האָר!...

אָדער אָט נעמט די סיבה פון גלוי הראש, פון גיין אָן אַ היטל. גאָט האָט געזאָגט: דעק צו דעם קאָפּ פאַר מיר! אָט אַזוי איז מיין רצון, — וויל מען דאָ נישט אין אַמעריקע. וואָס זשע טוט גאָט? — זאָגט גאָט אַזוי: דו, מענטש, ביזט אַ חצוף, ווילסט נישט צודעקן דיין קאָפּ פאַר מיר, נו, וועל איך דיר ווייזן אַ קונץ, אַז דו וועסט עס מוזן... איך וועל מאַכן, אַז ביי דיר זאָלן אויסקריכן די האָר, וועסטו זיך שעמען און וועסט מוזן צודעקן דעם קאָפּ... אויב דו שעמסט זיך נישט פאַר מיר, וועסטו זיך שעמען פאַרן פאָלק!...

דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, גאָטס שטראָף! און נאָך אַ גרויסע סיבה, פאַרוואָס ביי די היגע מענער קריכן אויס די האָר, זענען די היגע נשים! די היגע אַמעריקאַנער ווייבער קריכן אַזוי די מענער ז״ערע אויפן קאָפּ, אַז ביי די מענער מוזן אויסקריכן די האָר!... איך מיין עס אָן לצנות, ס'איז זה בזה תלויה!... און פאַראַן

*) קינאָ.

נאָך אַ סך סבות. איך זאָג, הערט איר, יונגערמאַן, אַזוי: אַז דער קאָפּ איז פאַרטאָן אין עפּעס רעכטס, אַז דער קאָפּ לערנט תּורה, ציט די יניקה פון ריכטיקן מקור — מוזן די האָר וואַקסן!... אָבער, אַז דער קאָפּ ליגט אין עולם הזה, אין נאַרישע זאַכן, אַז דער קאָפּ איז גלאַט פאַרטאָן אין הבלי העולם, — נו, ווערט דער קאָפּ גלאַט!...

אַלע קלאָגן דאָ: די האָר פאַלן אויס. אָבער זיי זעען נישט, מיין פריינט, ווי דער גאַנצער מין אדם איז דאָ געפאַלן...

איינס שלעפּט מיט דאָס צווייטע...

אינדערהיים, מיין פריינט, איז אויפן קאָפּ געלעגן דער שווערער חוב פון עבודת הבורא, און דערפאַר האָבן די האָר זיך געהאַלטן. מען האָט געלייגט תּפלין אויפן קאָפּ, און דער „של-ראש" האָט באַשיצט דעם קאָפּ פון אַלעם שלעכטן... אָבער דאָ האָט מען פון קאָפּ אַרונטערגענומען דעם אמתן עול, און אַרויפגעלייגט דעם עול פון „מאַכן געלט"... תּפלין לייגט מען דאָ נישט. דער קאָפּ איז גרינג — און אויף אַ גרינגן קאָפּ האַלטן זיך נישט די האָר... דער פונדאַמענט איז, פאַרשטייט איר מיך, קיין פונדאַמענט נישט...

אַז איר זעט נישט, מיין פריינט, וואָס דאָ טוט זיך! איר ווייסט גאָרנישט, ווי דער מענטש איז דאָ אויסגעטאָן נאַקעט. אַלץ איז דאָ נאַקעט! און פאַרוואָס זאָל אויך דער קאָפּ נישט זיין נאַקעט? האַ? זה בזה תּלויה!

דער מענטש האָט דאָ פאַרלאָרן זיין לבוש, און דעם קאָפּ אויך, ווייל האָר, מיין פריינט, זענען דער לבוש פון קאָפּ...

איר פאַרשטייט? ווען אַ בוים האָט די ריכטיקע יניקה, וואַקסט ער! אַז דער וואָרצל איז געזונט, — וואַקסן די בלעטער! אָבער דאָ איז דאָך די יניקה פון מואווינג-פּיקטשורס, פון פייט*), אַ מענטש האָט דאָ פּונקט אַזאַ ממשות, ווי אַ היגע הויז... —

האָט איר געמערקט, ווי מען בויט דאָ אַ הויז? מען בויט נישט — נאָר מען פּלעכט! און אויף אַ קוילעטש אויספּלעכטן האָט מען אינדערהיים אַריינגעלייגט מער אַרבעט, ווי אין אַ היגן הויז. וואָס קומט אַרויס? — נישטאָ קיין ממשות, קיי און שפּיי! עס האַלט זיך מיט נסים!

איר הערט, איך האָב נאָך אַן איידעם, אַ חוצן דאָקטאָר. דער דאָקטאָר אַליין איז שוין אויך מיט אַ פּליך... דער צווייטער איידעם איז

*) ווערט-קאַמפּן.

נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיק, צו די דרייסיקער האָט ער נאָך געגוג צו פאָרן... איז אָט ביי דעם איידעם מיינעם פאַלן אויס די האָר, אַן אימה! קומט ער צום שוואָגער, צו מיין ערשטן איידעם, דעם דאָקטאָר, און בעט מיטלען, רפואות... לאַכט יענער, און ווייזט אים אויף זיין אייגענעם פליך... ווי איינער רעדט: זעסט דאָך, וואָס מען קען אויפטאָן מיט רפואות? אָבער מיטלען גיט ער אים. איז ביי מיין צווייטן איידעם דאָס הויז פול מיט פלעשעלעך, זייפן פלערליי און מעדיצינען, און ער וואַשט, שמירט, רייבט — אָבער מיינט איר, עס העלפט? די האָר ווערן אַלץ ווינציקער!..

און פאַרוואָס? ווייל פאַר מיר איז עס פשוט: אָך און וויי איז שוין דעם קאָפּ, וואָס דאַרף זיך שפּיילן מיט פלעשעלעך!

## טענה נומער 41.

### אַן אַ בטוח.

—דאָס היגע געלט איז גאָר קיין געלט נישט,—אַזוי זאָגט צו מיר איינמאָל אַ ייד.

— ווי אַזוי איז דאָס? — פרעג איך מיט אַ שמייכל.

— ווי אַזוי? — מאַכט דער ייד גאַנץ ערנסט. — אָט אַזוי: דאָס היימישע געלט האָבן געהאַט אַ פנים, אַן אויסזען, ס'איז געווען אַ חיות אַ קוק צו טאָן דערויף. אַ היימישער רובל איז געווען אַ רובל. ניקאָלייקע איז טאַקע געווען אַ המן, אַ רשע, אָבער געלט האָט ער געמאַכט פיינע! — דאָס היגע געלט קוקט-אויס, ווי שמאַטקעס! קאָלומבוסקע!

אָדער נעמט די היימישע אימפעריאַלן. איר געדענקט זיי דאָך, האַ? נו, איז זאָגט אַליין, האָט אַמעריקע אַזעלכע געלט? ראשית, איז אַז מען האָט זיי גענומען אין האַנט, איז געווען וואָס...

ס'האָט געהאַט וואָג פון אמת געלט. און, צווייטנס, טאַקע שיין... טאַקע פשוט שיין געלט... נו, און וואו האָט איר דאָ אַזעלכע געלט...

היינט די היימישע פינפאונצוואַנציקער — אי, אי! מען רעדט שוין נישט פון די „קאַטערינקעס". קאַטערינע איז געווען אַן אויס-געלאַסענע נקבה, אמת, אָבער געלט האָט זי געמאַכט די ריכטיקע... פיינע... און אַפילו די דרייערלעך!... און אַפילו די רוסישע קאָפּיקע...

און וואָס האָט איר דאָ? איר נעמט היגע די 20-דאָלאַרדיקע אָדער 50-דאָלאַרדיקע... קוקט דאָס אויס, ווי געלט, אָבער ס'איז דאָך נישט דאָס, וואָס אינדערהיים... דאָס פּאַפּיר איז שלעכט, און די פּאָרטרעטן אויף זיי, אַזעלכע פרעמדע... ווער קען זיי, ווער ווייס זיי? אינדער-היים איז אַט נעמט ניקאָלייקעס טאַטע-געווען טאַקע אַן אַנטיסעמיט— אָבער אַן אָסאָבע. אַ פּנים, אַ גרויס, אַ ליכטיקס, און אַ באָרד!... אָבער דאָ, די היגע פּרעזידענטן, אפשר טאַקע פיינע מענטשן, נאָר אַזעלכע דאַרע, נישט קיין אָסאָבעס, נאָר... היינט אָן עפּאָלעטן! אינדערהיים, אַז מען האָט געזען אַ קיסער אויף געלט, מיט די עפּאָלעטן, האָט מען געקריגן צוטרוי צו דעם געלט... ס'איז עפּעס, איר פאַרשטייט דאָך, אַ קיסער, און אַ קיסער קען נישט נאַרן... אָבער דאָ, ווער ווייס זיי? דאָ, זאָגט מען, קען יעדער באַנק מאַכן געלט... ס'איז דאָך אַמעריקע... געלט און אַ טשעק איז דאָך אַלצאיינס. דאָס האָט מיר דערקלערט מיינער אַ לאַנדסמאַן. און ווער גיט עס נישט קיין טשעקס אין אַמעריקע? דאָ איז יעדערער אַ קיסער, אַ קנאַקער און שרייבט טשעקס...

— איר הערט? איך האָב דאָ אַ לאַנדסמאַן, איז ער אינדער-היים געווען אַ בעל-מלאכה, אַ שניידערל... און אַ קבצן פון די קבצנים, קיין ברויט אין הויז נישט געהאַט, און דאָ, אין אַמעריקע, לעבט ער, ווי אַ קיסער, אין די פיינע צימערן מיט עלעקטריע און טעלעפאָן און שרייבט טשעקס!... איך בין ביי אים איינמאָל געווען נאָך אַ נדבה פאַר אַן אָרעמען גריגעם לאַנדסמאַן, האָט ער זיך, אָט דער שניידערוק, אַוועקגעזעצט, אַרויסגענומען עפּעס אַ ביכל פון קעשענע, גענומען אַ פעדער און געפרעגט: וויפל ווילן מיר, צען אָדער מער?.. האָבן מיר געזאָגט: צוואַנציק! האָט ער געזאָגט: אָלרייט... און גענומען שרייבן...

זאָג איך צו אים: וואָס שרייבט איר, וואָס? איר גיט בעסער מזומן!... צעלאַכט ער זיך: איר זייט, זאָגט ער, אַ גריגער און איר קענט נישט אַמעריקע. אין אַמעריקע זאָגט ער: שרייבט מען אָן אַ

שטיקל פאַפּיר און מען גיט דיר פאַר דעם געלט! זאָג איך צו אים: פון ווען אָן ביזטו עס געוואָרן אַזאַ בטוח? זאָגט ער: אין אַמעריקע ווערט מען אַ בטוח! נו, איז וואָס זאָגט איר דערצו? איז דאָס אַ מדינה? געלט איז דאָ קיין געלט נישט און אַ בטוח איז דאָ יעדער היימישער שניידערוק. . . און דערפאַר האָט דאָ געלט קיין ווערט נישט... פּיף-פּאַף! עס פליט! איר זאָגט, אַז איך רעד ווי אַ גרינער, זאָל זיין אַ גרינער, איך שעם זיך נישט מיט דעם, אָבער זייער געלט, דאָס אַמעריקאַנישע געלט, געפעלט מיר נישט... ס'איז געלט אָן בטחון... ווייל וואָס איז געלט? געלט איז דאָך אין תוך גאָרנישט, האָט קיין האַפּט נישט... פּאַפּיר... נאָר וואָס דען, עפּעס מוז שטיין הינטער דעם געלט... דער גרויסער בטוח... איז אינדערהיים איז דאָס געווען... אַ קיסער... ס'איז געווען אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן... אָבער דאָ מאַכט דאָך יעדער איינער געלט... גיט אַרויס אַסיגנאַציעס... טשעקס... ניין ס'טויג נישט!

## טענה נומער 42.

### צרות פון זאָקן.

— נישטאָ קיין רעכטע זאָקן אין אייער אַמעריקע, כאַטש צערייס זיך! — אַזוי האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן מיינער אַ באַקאַנטער ייד, פון די האַלב גרינע, וועלכע איך האָב געכאַפּט קויפנדיק זאָקן ביי אַ שטופּ-וועגעלע. — נישטאָ קיין רעכטע זאָקן!

— איר קויפט אַליין זאָקן? — פרעג איך אים. — און וואו איז דאָס ווייב?

— דאָס ווייב איז דאָ, — מאַכט ער צו מיר, — זי קויפט אויך זאָקן, אָבער איך קויף אויך.

ער האָט אויסגעקליבן צוויי פּאָר זאָקן און זיך געלאָזט מיט מיר גיין.

— ס'איז דאָך אַמעריקע,—מאַכט ער צו מיר, — און פון אַלץ דאַרף מען דא האָבן צרות... איינער האָט צרות פון אַ ווייב, איינער פון אַ שוויגער, איינער פון קינדער, איך אָבער האָב, חוץ דעם אַלעמען, אויך צורת פון זאָקן!

— וואָסערע צרות קען מען האָבן פון זאָקן? — שמייכעל איך.

— אָט זעט איר דאָך, אַז מען קען. ס'איז דאָך אַמעריקע! איר פאַרשטייט? איך וועל אייך דערציילן די גאַנצע מעשה: איך בין אַ גרויסער רייסער אויף זאָקן. איך פליק זאָקן. איך ברען ממש זאָקן. איך בין אַ רוצח אויף זאָקן. — דאָס אַלץ זאָגט אויף מיר מיין ווייב. אַלע מאָל, ווען איך דאַרף ביי איר אַרויסקריגן אַ פּאָר נייע זאָקן, קומט עס מיר אָן מיט די גרעסטע יסורים, שפּיי איך ממש מיט בלוט!... דאָס ערשטע מאַכט זי זיך נישט הערנדיק... כ'בעט זאָקן און זי שווייגט. זי הערט נישט... און נאָכדעם, ווען זי דערהערט שוין, הייבט זי אָן רעדן און רעדן אָן אַ שיעור... „וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ מענטש זאָל אַזוי פליקן זאָקן? ווער קען זיך דיר אָננעמען זאָקן? וואו איז דאָס געהערט געוואָרן אין דער וועלט, אַז מען זאָל זיך אויסברענגען אַזויפיל אויף זאָקן? ביי לייטן גייט מען אין זאָקן וואָכנלאַנג און מען טוט זיי אויס גאַנצע, און דו, שלים-מזל, רייסט און פליקסט אָן רחמנות!"

הייב איך דאָך אָן טענהן אויף צוריק: אַז וואָס בין איך שולדיק? אַז' ערשטנס, טויגן די היגע זאָקן נישט, און, צווייטנס, גיט זי מיר לכתחילה צעריסענע! איז הערט איר, מיין פריינט, מער דאַרף איך שוין נישט -- דאָן הייבט מיין ווייב אָן שיטן מיט פייער, שפּייען מיט פלאַמען: איך גיב דיר צעריסענע? אַז צעריסן זאָלסטו אַליין ווערן! די היגע זאָקן טויגן נישט? — אַז נישט טויגן זאָל דיר שוין דאָס גאַנצע לעבן!... און דער סוף איז — זי צעוויינט זיך... און דערנאָכדעם חלשט זי... און ערשט, נאָך די אַלע געשיכטעס, זעצט זי זיך מיר פאַרריכטן אַ פּאָר זאָקן...

איז מיר איינגעפאַלן, איך וועל פאַרגרינגערן די געשיכטע מיט די זאָקן. איך וועל, חוץ די זאָקן, וואָס זי גיט מיר, אויך אַליין קויפן זאָקן — און בייטן, אַז מיין ווייב זאָל נישט וויסן...

נו, וואָלט עס דאָך געווען גוט. איז אָבער זאָקן... דאַכט זיך, אַלע מאַכן דאָ זאָקן, אַלע האַנדלען דאָ מיט זאָקן, וואו דו גיסט זיך

אַ קער, פאַרקויפט מען זאָכן, און אַלע זענען מציאות. אָבער ווי דו טוסט זיי אָן, — איז אויף מאָרגן — אַהאַ, ס'איז שוין דאָ אַ לאָך !

און איר הערט ? דאַכט זיך, איך בין שוין אַ מבין אויף זאָכן, ס'איז שוין צייט... אָבער מען נאַרט מיך אַלץ אָפּ. איך פלעג די ערשטע צייט קויפן נאָר אין אַ קראָם. איך ווייס, אַ קראָם איז, זאָגט מען, פאָרט רעיעלער ווי אַ פושקאַרט*), און איך פלעג צאָלן דעם ריכטיקן פרייז אויך, נישט געדונגען זיך... אָבער נאָכדעם האָב איך זיך צוגעקוקט, אַז ס'איז אַלצאיינס: צאָל מאַר אַ פּאָר זאָכן 50 סענט און 75 סענט און 15 סענט — אַלץ איין טייוול ! אַלצאיינס טויגן זיי נישט, און איצט קויף איך שוין אויף אַ פושקארט... ווי זאָגט איר, כאָטש אַן אָפּענער שווינדל... איז וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגן ? קענט איר מיר נישט דערקלערן, פאַרוואָס האָט אַמעריקע נישט די ריכטיקע זאָכן ?

אינדערהיים אַ פּאָר זאָכן איז געווען אייזן שטאַרק, מען האָט געקענט אָפּטראָגן אַ גאַנצן ווינטער און זיי זאָלן נאָך בלייבן גאַנץ — און דאָ טויגן זיי נישט. קיי און שפּיי !

אויפן ערשטן קוק, אַזעלכע שטאַרקע, דאַכט זיך, זעען אויס פיין און גוט, אָבער ווי דו טוסט זיי אָן, — אַהאַ, זיי פּלאַצן !... אויב מען גיט דיר נישט מיט אַ גרייט לעכל — ווערט עס באַלד אַ לעכל... קענט איר מיר נישט דערקלערן, וואו דאָ שטעקט דער בלאָף ? האָב איך געמיינט, אַז אפשר בין איך נאָר אַזאַ רייסער, ווי מיין ווייב וויל האָבן? האָב איך זיך אָבער צוזאַמענגערעדט מיט מענטשן — איז דיזעלבע געשיכטע: אַלע רייסן !... קיינער אין אַמעריקע טראָגט נישט לאַנג קיין זאָכן...

ווי דענקט איר, זענען אין דעם שולדיק די שניידער ? אָבער איך פרעג אייך, אינדערהיים איז מען דאָך געגאַנגען מער ווי דאָ. אין אַמעריקע פאָרט מען דאָך מער, ווי מען גייט, הייסט וואו ליגט דער הונט באַגראָבן ? — האַ ? איר הערט, איך בין שוין אַמאָל געווען אַ בעלן צו קויפן אַפילו סאָלדאַטסקע זאָכן... אָט די, וואָס מען פאַרקויפט אויס פון דער אַרמיי... נעם איך און קויף אַ פּאָר זאָכן, און, דאַכט זיך, וואָס קען שוין זיין גרעבער ? טו איך זיי אָן — מילא, עס רעדט זיך אַזוי „איך טו זיי אָן״ — זיי האָבן נישט געוואָלט אַרויף... און מיין פוס איז סתם נישט געווינט צו אַזאַ ווילדער סחורה... אָבער

*) שטופּ־וועגעלע.

מיט צרות זענען זיי אַרויף — איז דאָך, דענק איך, שוין גוט, אפשר שוין פאַרשפּאָרן הערן מיין ווייבס דרשות און מוסר, אָבער, הערט איר, אויף מאָרגן — איך גיב אַ קוק, ערשט צוויי לעכער און אין ביידע זאָקן גלייך אויף דיזעלבע פּלעצער!...

דאַן בין איך שוין געוואָרן אויסער זיך... דאָס הייסט דאָך, אַז אַפילו דער אַרמיי האָט מען אויך נישט געגעבן די ריכטיקע זאָקן! האַ? און דאַן איז דאָך שוין הפקר אַ וועלט...

און אָט אַזוי, מיין פריינט, מוטשע איך זיך אין אַמעריקע, רייס זאָקן און ווער אויסגעריסן. נו, פרעג איך אייך, איז דאָס אַ מדינה, האַ? איז דאָס אַ לאַנד, אַז אַפילו אַ פּאָר רעכטע זאָקן קען מען דאָ נישט קריגן?

## טענה נומער 43.

### אַבי מען באַגראָבט.

האָט זיך פאַר מיר צעטענהט אַ ייד:

— וואָס, איר מיינט אַז באָר לעבן אין אַמעריקע טויג נישט? אויך שטאַרבן טויג דאָ נישט! ווי קענט איר פאַרגלייכן שטאַרבן אינדערהיים און שטאַרבן דאָ? אינדערהיים האָט מען געוואוסט, פאַרוואָס מען לעבט, און אויך פאַרוואָס מען שטאַרבט, אָבער דאָ, זאָג איך אייך, ווייסט מען ביידע זאַכן נישט...

— וואָס, איר מיינט, אַז איך רעד עס סתם אין דער וועלט אַריין? ניין, ברודערל, איך בין נישט פון די מענטשן. איך, אַז איך זאָג עפּעס, ווייס איך וואָס איך זאָג. איך בין נישט קיין יינגעלע, איך האָב שוין געזען אויף מיין לעבן אַלץ. איך בין שוין געווען אי אויפן פערד, אי אונטערן פערד. איך האָב שוין געענוג זיך אָנגע-

קוקט וויאַזוי מענטשן לעבן און וויאַזוי זיי שטאַרבן. און איך מוז אייך זאָגן, אַז אייער אַמעריקע געפעלט מיר גאָרנישט.

— אַט לאָמיר נעמען זיך „ראַזביראַיען”, ווי מען זאָגט עס בײַ אונדז אינדערהיים, און איר וועט זען, אַז איך האָב רעכט.

ראשית, נעמט דאָס שטאַרבן גופא: אינדערהיים האָט זיך עפּעס געשטאָרבן גרינגער, זיכערער. מען האָט געוואוסט, וואו מען ליגט און לעבן וועמען מען ליגט — אָבער דאָ, ווער ווייסט? די שטאָט איז אַזוי גרויס און בית-עולמס זענען דאָ אַזויפיל. און אַפילו ווען איר מאַכט שוין אָפּ, אַז איר זאָלט ליגן דאָ און דאָ, זענט איר נאָך אויך נישט זיכער. די בעלי-עגלות מיט די צילינדערס — גאַנצע יחסנים און אַזעלכע אײַלנדיקע מענטשן, סכנות נפשות, ווי זיי אײַלן זיך עס דאָ בײַ אייך! — ווען איך נישט פאַרפירן ערגעץ אַנדערש... ווײַל וואָס איז פאַר זיי די נפקא-מינה ווי איר ליגט? זיי קענען דען אייך? עס איז דאָך אַמעריקע—אַבי מען באַגראָבט און מען פאַרשיט!..

און, שנית, נעמט דעם רושם, וואָס אַ שטאַרבן מאַכט: דאָס איז אויך נישט קיין קלייניקייט. אינדערהיים האָט עס געמאַכט אַ רושם איבערן גאַנצן שטעטל, ווען עמעצער איז געשטאָרבן, ווײַל איר האָט געקאָנט אַלעמען, און אַלע האָבן אייך געקאָנט. אָבער דאָ, מישטיינס געזאָגט, ווער קען אייך? אַז זענען זענט איר נישט מער ווי אַ שכן. אינדערהיים זענט איר געווען אַ באַלעבאָס, מען האָט אייך געפירט פון אַן אייגענער דירה, פון א י י ע ר דירה, ווידער צו אייער דירה, אָבער דאָ פירט מען אייך פון אַ פרעמדער דירה — אויך אין אַ פרעמדער... איר הערט? עפּעס ווילט זיך גאָרנישט שטאַרבן דאָ בײַ אייך!

אינדערהיים, אַז איר זענט געשטאָרבן, זענט איר געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ שטיקל יחסן, ווײַל וויפל מענטשן שטאַרבן עס דאָרט אין איין טאָג? — אָבער דאָ, בײַ קאָלומבוסן, שטאַרבט מען דאָך קיינמאָל נישט אַליין. און וואָס זענט איר פאַר אַ יחסן? עס פעלן דאָ מתים?..

דערפאַר טאַקע, — אינדערהיים האָט מען צוגעמאַכט די קראָמען בײַ אַ לוויה, פאַר דעם כבוד פון מת, אָבער דאָ, ווער קוקט זיך אום, וועמען גייט עס אָן און ווער זאָל אייך געבן כבוד? איר שטאַרבט אין ניו-יאָרק און מען פירט אייך אין ברוקלין, אָבער ווער ווייסט אייך אין ניו-יאָרק און ווער קען אייך אין ברוקלין?

— איך זאָג אייך, יונגערמאַן. עס טויג דאָ נישט צו שטאַרבן. היינט זענט איר געווען דאָ אויף אַ בית עולם? עס כאַפּט אָן אַ שרעק!... ווי מען איילט זיך עס דאָ צו באַגראָבן אַ מענטשן, איך זאָג אייך, פּונקט ווי עס וואָלט געווען אי ןדער צייט פון אַ כאָלערע... אַלע איילן זיך: די בעלי-עגלות, די קברנים, דער חזן אַפילו... ווייל אויך פאַר מתים איז דאָ איינגעפירט אַ „נעקסט”, אַן „אטשערעד”... אַמעריקע מיט אירע אָטשערעדיאַס! מען קויפט מאַרקעס מיט אַן אָטשערעד, מען טראָגט געלט אין באַנק מיט אַן אטשערעד און מען שטאַרבט מיט אַן אטשערעד! ביים באַרבער „נעקסט” — און ביים קברות-מאַן אויך „נעקסט”!

— היינט די היגע לוויות? דאָס איז דאָך שוין גאָר אַ בזיון!... פע... עס איז אַזוי: באַלאַנגסטו נישט צו אַ חברה, גייט דאָך דיר קיינער נישט נאָך, און באַלאַנגסטו יע — איז נאָך ערגער, ווייל די, וואָס גייען, טוען דיר אַ טובה, ווייל ווער האָט דאָ צייט גיין צו לוויות?... דאָ זענען דאָך אַלע אַזוי פאַרנומען... און אַ האַלבער טאָג, מיינט פאַרלירן געלט... און מען גייט דאָ נישט, ווי חברים, ווי פריינט, נאָר ווי מענטשן, וואָס האָבן מורא פאַר אַ שטראָף. מען רעכנט אויס: אַ האַלבן טאָג פאַרליר איך דריי דאָלאַר און שטראָף פאַר נישט פאָרן צו דער לוויה איז דאָך זעקס דאָלאַר — נו, איז שוין בעסער פאָרן...

— אָבער דאָס ערגסטע, מיין ליבער פריינט, האָב איך פיינט, די „קערידזשעס”*). איר פאַרשטייט? מען טראָגט דאָ דיך נישט צו אַ לוויה, מען פילט דאָ נישט די שווערקייט פון דעם פאַרלוסט, נאָר מען פאָרט זיך דורך... און וויאַזוי קען מען פילן די שווערקייט, אַז עס פאָרט זיך אַזוי גרינג!... עס איז דאָך גאָר אַ גאַנצער יום-טוב... מען נעמט אַ קערידזש און מען פאָרט זיך דורך צום בית-עולם, נישט אַלעמאָל מאַכט זיך עס דאָך... דער עיקר, קומט אויס, איז דאָ דאָס פאָרן, און דערביי באַגראָבט מען אַ מענטשן אויך... איר פאַרשטייט? אינדערהיים איז מען געגאַנגען צופוס, און אַז אַ מענטש גייט, איז דאָס עפּעס מער כבוד פאַר אַ טויטן. פאָרן דאַרף מען פאָרן צו אַ חתונה... ווען אַ מענטש גייט צו אַ לוויה, קען ער גייענדיק טראַכטן טרויעריקע מחשבות... אַזוי איז דער גאַנג פון דער וועלט. אַלע גייען מיר אַהין... אַזוי איז דאָס. אָבער אַז מען

*) פאַעטאָנען, קאַרעטן.

פּאָרט אין אַ קאַרעטע מיט קאָמפּאַניע, רעדט מען גאָר די גאַנצע צייט לשון הרע, עס איז גאָר גאַנץ פריילעך — און דאָס איז אַמע־ריטשקע.

— הערט איר, לעבן איז דאָך דאָ שלעכט, מען ווייסט דען וואָס מען לעבט? מען יאָגט אָפּ אַ לעבן... מען איילט אָפּ אַ לעבן... אין שאַפּ און פון שאַפּ... אָבער שטאַרבן איז דאָ נאָך ערגער, עס ווילט זיך דאָ אַזוי נישט שטאַרבן!.. אַ גוואַלד, ווי עס ווילט זיך נישט!..

## טענה נומער 44.

### איינס און צוויי.

— גאַט אייך אַ „פּיטאַק" פאַר אַלע אייערע אַמעריקאַנער גע־שעפטן! — אַט אַזוי מאַכט צו מיר מיינער אַ באַקאַנטער ייד, וועל־כער איז אַ קרעמער פון דער היים, און דאָ איז ער נישט לאַנג אין לאַנד און זוכט אַ געשעפט. — וואָס ווייסט מען דאָ פון גע־שעפט? אינדערהיים איז אַ קרעמער אַ קרעמער, דער טאַטע איז געווען אַ קרעמער און דער זון איז אויך אַ קרעמער, און איז איינער אַ קרעמער, זיך אויפגעהאָדעוועט אין קראָם, ווייסט ער גוט דאָס געשעפט; און איז איינער אינדערהיים אַ באַקאַליי־קרעמער, ווי רופט מען עס ביי אייך גראָסערי, איז ווען איינער, זאָג איך, איז אינדערהיים אַ באַקאַליי־קרעמער, איז ער עס שטענדיק: פון דער חתונה ביז מען מאַכט אַ שטאַרב... איינמאָל אַ באַקאַליי־קרעמער... אַלעמאָל אַ באַקאַליי־קרעמער... גוט, צי שלעכט — מען איז געשטאַנען! אינדערהיים איז פּונקט ווי מיט אַ ווייב: אַ גוטע ווייב, אַ שלעכטע ווייב — מען לעבט זיך אויס די יאָרן!

— אַמאָל, פאַרשטייט איר מיך, זענען די געשעפטן בעסער, אַמאָל ערגער — אָבער בייטן, דאָס נישט! ... וואָס הייסט עפּעס

בייטן? אַט בין איך אָפּגעווען אַ באַקאַליי-קרעמער, איר ווייסט וויפל? — אַ קימא לן, פון איין און דרייסיק יאָר, פונקט איין און דרייסיק יאָר... און ווען נישט אייער אַמעריקע, וואָס פאַרפירט מענטשן אין „כּף-הקלע”, וואָלט איך נאָך איצט אויך געשטאַנען מיט מיין קראָם... כאָטש מען זאָגט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן פאַרבאָטן קראָמען... איך זאָג אייך, עס איז שקר-וכזב! אַן אמתן געשעפט פאַרבאָט מען נישט... דאָס איז נאָר די ליגנער, די שווינדלער פאַרבאָט מען...

— איז דאָס איז נישט נאָר מיט באַקאַליי, מיט „שניט” איז אויך דאָסזעלבע. ביי אונז זענען דאָ גאַנצע פאַמיליעס, וועלכע זענען אַלע שניט-קרעמער: דער זיידע אַ שניט-קרעמער און די איי-ניקלעך אויך. און מען ווייסט טאַקע, וואָס געשעפט איז! ביי אונז אין שטעטל איז געווען אַ בלינדער שניט-קרעמער, אָבער אַזוי, אויף ריכטיק בלינד, טאַקע גאָרנישט געזען, — און אָט דער בלינדער ייד, חוץ וואָס ער איז געווען אַ גביר עצום און אַ חכם, פלעגט ער אָנ-טאַפּן אַ שטיקל סחורה מיט די פינגער און זאָגן ווי זי הייסט... ער האָט זיך געוואוסט אויף שניט-סחורה מער ווי די זעענדיקע...

— נו. האָט איר עס אַזאַ קרעמער ביי אייך אין אַמעריקע? דאָ ביי אייך, ביי קאָלומבוסן, איז דאָך יעדער אפּערייטאָר אַ ביזנעסמאַן... קלאַפּט אויף עטלעכע דאָלאַר, גייט צו אַן אַגענט און יענער מאַכט אים פאַר אַ ביזנעסמאַן. אי, ער איז נישט קיין ביזנעסמאַן, אי, ער פאַרשטייט נישט וואָס געשעפט מיינט? — נו, דערלייגט ער טאַקע דעם קאָפּ. דערלייגט זיינע און פרעמדע, פטרט די עטלעכע דאָלאַר — און גייט צוריק אין שאָפּקע אַריין...

איר הערט, איך האָב דאָ אַ לאַנדסמאַן, פון דערהיים איז ער נישט מער ווי אַ שניידער, און נאָך נישט פון די גוטע אויך, אָבער דאָ אין אַמעריקע דאַרף מען דען קענען? — נו, אַרבעט ער אין אַ שאָפּ און ער רעכנט זיך דאָ פאַר אַ גוטן אָפּערעטאָר און איז אַ גרויסער פאַרדינער... נו, זיי-זשע כאָטש אַן אָפּערייטאָר — איז ניין! עס ציט אים צו ביזנעס ... און וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אָט דער מענטש שפּאָרט אָפּ אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר און פטרט זיי איינס און צוויי... און זיין גליק איז, וואָס ער האָט אַ מלאכה אין האַנט, קען ער עלעמאַל מאַכן אַ לעבן... — און ווייסט איר נאָך וואָס, דער מאַן גייט אין אַלע געשעפטן! פאַר צוויי יאָרן, ווען איך בין אָנגעקומען,

האָט ער געהאַט אַ גאַלאַנטעריי-געשעפט, פאַרקויפט העמדער, קראַגנס און אַנדערע סמאַטשעס... באַגעגן איך זיך מיט אים, פרעג איך אים: נו, ווי אַרבעט זיך עס ביי אייך? — איך בין, זאָגט ער, אין ביזנעס, אין געשעפט.

— דו, אין ביזנעס? — וואונדער איך זיך, — ווייל איך קען אים פאַר אַ שניידער, ער האָט געדאַוונט מיט מיר אין איין שול. — יאָ, — מאַכט ער, — אין ביזנעס. וואָס פאַר אַ ביזנעס? — דערקלערט ער מיר — „דזשענטס פוירנישינג", גאַלאַנטעריי-ביזנעס, מיינט עס... זאָג איך צו אים: גאַלאַנטעריי? פון ווען אָן ביזטו עס, מאָטל, געוואָרן אַ קענער אויף גאַלאַנטעריי? זאָגט ער: אין אַמעריקע לערנט מען זיך אויס אייגס און צוויי! איז ווי זשע גייען דאָ געשעפטן? פרעג איך. נישט אַזוי גוט, — מאַכט ער, — נאָר איך וועל באַלד פאַרקויפן די סטאָר און גיין אין עפעס אַנדערש! — אין וואָס דענקסטו איצט גיין? — פרעג איך אים. — אין שיך-ביזנעס, — מאַכט ער, — איך וועל עפענען אַ שו-סטאָר...*).

— דו, אַ שוך-סטאָר? — אַ שניידער זאָל גאָר ווערן אַ שוסטער!

— דאָ איז נישט אינדערהיים, — לאַכט ער, — איר זייט אַ גרינער. דאָ פאַרקויפן אַלע שיך, מען לערנט זיך עס אויס אייגס און צוויי!...

— הכלל, אייגס און צוויי... מיין לאַנדסמאַן, דער שניידער, האָט שוין פאַר דער צייט, וואָס איך בין דאָ, געביטן צען געשעפטן... ער מאַכט עס אייגס און צוויי. זעצט אָן, מאַכט צו איין סטאָר און קויפט אַ צווייטע. אייגס און צוויי, „פאָ אַמעריקאַנסקי"... ער איז שוין פאַר די פאָר יאָר געווען אין אַן אייזן-געשעפט, אין קענדי**)-ביזנעס, אין אַ דרוקעריי, געהאַלטן אַ מילך-סטאָר, אַ רעסטאָראַן. און איצט איז ער שוין, דוכט זיך, גאָר אין די פאָנאָגראַף-ביזנעס... ער דרייט, דערלייגט דעם קאָפּ, פטרט זיין געלט און פרעמדע, אייגס און צוויי. — און פאַרוואָס איז דאָס? ווייל דער מאַן ווייסט גאָרנישט, קען גאָרנישט, ווי קומט ער צו ביזנעס? — אָבער ס'איז דאָך אַמעריטשקע: דאָ דאַרף מען דען קענען? דאָ קענען שוין די אַגענטן... מען קומט אַריין צו אַן אַגענטל, פרעגט ער אייך נישט, צי איר ווייסט זיך אויף פאָנאָגראַפס, צי איר טויגט זיך אויף מילך-ביזנעס, צי איר זייט אַמאָל שוין געווען אין גראָסעריי-ביזנעס — נאָר דאָס ערשטע, וואָס ער פרעגט אייך, איז:

---

*) שוך-געשעפט; **) קאָנפעקטן.

וויפל האָט איר געלט און צי ווילט איר גיין אַליין אין ביזנעס, צי ווילט איר אַ שותף, ווייל טאָמער ווילט איר אַ שותף, האָט ער פאַר אייך אַ שותף אויך... דער עיקר איז דאָ די געלט... אי, געלט אַליין איז גאָרנישט... דער עיקר, מען מוז וויסן די ביזנעס, — נו, איז דאָך דאָס אַמעריקע... איר הערט, איך גיי שוין אַ יאָר צייט צו די אַגענטן, אַ ברירה האָב איך? אָן זיי קען מען דאָך צו אַ געשעפט נישט צו־קומען... איז קען איך זיי אויסגעבונדן... וואָס האָבן זיי שוין מיר נישט געשדכנט פאַר דער צייט? מואווינג־פּיקטשורס, עלעקטריק־ביזנעס, סטיישאָנערי*), קאָלדינג**), אַפילו אַ שדכנים־געשעפט!... אָבער נאָר נישט קיין רעכטע גראָסערי. טענה איך צו זיי: גוואַלד, גזלנים! איך בין אַ „באַקאַלײשטשיק“ פון דערהיים, איך ווייס די „גראָסערי ליין“, ווי מען רופט עס ביי אייך, ווי מיינע צען פינגער. איר גיט מיר, — טענה איך צו די אַגענטלעך — אַ רעכטע גראָסערי, וואו איך זאָל קענען שטיין און מאַכן אַ לעבן!... לאַכן זיי פון מיר, די אגענטלעך, רופן מיך גרינהאָרן. — אין אַמעריקע דאַרף מען, זאָגן זיי, מיט אַ ביזנעס לאַנג נישט שטיין... דער עיקר, מען קויפט און מען זוכט שוין אַ סוחר אויף צו פאַרקויפן... אָט, דערין מאַכט מען דאָ געלט, פון האַנט צו האַנט... הײנט גיי טענה מיט זיי, אַז דאָ איז הימל און ערד און שווינדל! און איך וויל נישט שווינדלען, איך וויל אַ ביזנעס, צו שטיין און צו מאַכן אַ לעבן!...

אָט דאָס איז אייער אַמעריטשקע מיט אירע געשעפטן און ביזנעס־לייט, אַז נישט געדאַכט זאָלט איר ווערן! און וואָס מיינט איר, ביי מיר פרעגן זיי נישט, וויפל געלט איר האָב? טענה איך צו זיי: גזלנים, וואָס רעדט איר פון געלט, מיין געניטשאַפט איז מער ווערט ווי געלט. איך בין דאָך עפּעס אַ קרעמער פון דערהיים, איין און דרייסיק יאָר געווען אַ קרעמער. לאַכן זיי: אייער געניטשאַפט, זאָגן זיי, איז אין אַמעריקע נישט ווערט קיין סענט. מען ווערט דאָ געניט איינס און צוויי! זאָג איך צו זיי: ברידער, ווו זאָל איך אייך נעמען אַזויפיל געלט? איך קען אייך געבן דאָס העכסטע פיר הונדערט דאָלאַר! לאַכן זיי: פאַר פיר הונדערט דאָלער ווילט איר דאָ קויפן אַ גראָסערי? סיידען, זאָגן זיי מיט אַ שותף! זאָג איך: אַ שותף? גאָט באַהיט! מער פעלט מיר נאָך נישט ווי שותפים אין אַמעריקע! אין בין אינדערהיים, זאָג איך, נישט געווען מיט שותפים, און דאָ וויל איך אויך נישט קיין שותפים. זאָגן די

*) שרייב־פּאַפּיר **) גרייטע מלבושים.

אגענטן: נו, איז טאַקע שלעכט מיט אייך, פאַר אייער געלט קענט איר דאָ נאָר קויפן אַ סטענדל*), און דאָס אויך וועט איר דאַרפן באָרגן געלט אויף אַ „מאָרטגיידזש"**). איר פאַרשטייט, איך וויל אַ גראָסערי, שדכענען זיי מיר אַ „סטענדל"... הכלל, ס'איז צרות. איצט האָט זיך שוין געמאַכט אַ גראָסערי פאַר זיבן הונדערט דאָלאַר, האָב איך נישט גענוג, לויף איך עס אום צו פריינט און קרובים צונויפצושלאָגן דאָס געלט... און איר ווייסט דאָך די היגע פריינט און קרובים. אַלץ ביז דער קע־שענע... אי, אַ לאַנד ביי אייך!...

## טענה נומער 45.

### גיי האָב דרך־ארץ.

איר וועט מיך נישט איינשמועסן, אַז אַ היגער דראָגיסט איז גלייך מיט אַ היימישן אַפטייקער? — אַזוי האָט אַנומלט מיט מיר זיך צערעדט אַ ייד. — וואָס פאַר אַ פאַרגלייך! ווי הימל צו דער ערד! ביי אונז אינדערהיים אין אַפטייקער, האָט מען, ערשטנס, פאַר אים געהאַט דרך־ארץ: דער אַפטייקער פון שטאָט! אַ פריער דער דאָקטאָר און נאָכדעם דער אַפטייקער.... איין קליינינקייט — דער אַפטייקער! ביי אים אין די הענט ליגט דאָך דאָס לעבן פון שטאָט. צווייטנס, האָט זיך אַן אַפטייקער טאַקע געהאַלטן ווי אַ מענטש, ווי אַ העכערער מענטש. גערעדט רוסיש, כסדר רוסיש, און איר פאַרשטייט, אַן אַפטייקער דאַרף רעדן רוסיש, דאַן האָט מען פאַר אים דרך־ארץ, ווי פאַר אַ גוי, און דערצו זיין הולך... בנעימות, פיין, און דערצו טאַקע די אַפטייק אַליין. מען איז אַריינגעגאַנ־גען, האָט מען געמוזט אַרונטערנעמען דאָס היטל. די אָרדענונג, די ריינקייט, די שטילקייט, איין קליינינקייט: אַ היימישע אַפטייק! מען האָט געזען, אַז דאָ איז עפּעס פאַראַן אַ סוד, וואָס נישט אַלע קענען

*) אַ געשטעל; **) אַ משכון.

וויסן, דאָ מאַכט מען רעצעפּטן, איר פֿאַרשטייט? אָבער נעמט אַ היגן, אַמעריקאַנישן אַפּטייק. איז וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגלייך? ערשטנס, טאַקע דער דראָגיסט אַליין, ווער האָט פֿאַר אים דרך-ארץ, אַז גיין גייט ער אָנגעטאָן ווי אַלע מענטשן, און אפשר נאָך ערגער, און רעדן רעדט ער יידיש, ווי אַלע קרעמער, הײַנט גיי האָב פֿאַר אים דרך-ארץ! הײַנט די אַפּטייק — אַן אמתע קראָם! אָנגעוואָרפֿן, אָנגעחזירט. קעסטעלעך און קעסטעלעך, אָן אַ סדר, און אַלץ פֿאַרקויפֿט מען דאָ: קעמעלעך, היטעלעך, אײַז-קרעם*), שטעקנס, ראַזיר-מעסער, טשײַניקעס, און וואָס נישט? ווי פּאַסט עס, פֿרעג איך, גאָר פֿאַר אַן אַפּטייק? אלא וואָס דען, ס'איז אַ קראָם, ווי אַלע קראָמען, עס פֿעלט נישט מער, ווי הערינג..

הײַנט נעמט דאָס דינגען זיך: ווער האָט געוואוסט אינדערהיים פֿון דינגען זיך אין אַן אַפּטייק? האָט אַן אַפּטייקער געזאָגט אַ פּרייז—האָט מען געצאָלט... ס'איז דאָך נאָך אַלעמען נישט קיין קראָם, אָבער דאָ, ביי אייך, דינגט מען זיך דאָך, ווי אין אַלע גראָסעריס... פֿע, מיאוס! דער דראָגיסט זאָגט אַ דאָלאַר, באָט מען אַ האַלבן, און ער נעמט. פֿאַרוואָס? ווײַל ער איז נישט בעסער, ווי אַלע קרעמער...

אָדער נעמט די געשיכטע פֿון שאַפֿן זיך. איר ווייסט, דאָ שאַפֿט מען זיך דאָך מיט אַ דראָגיסט: גיי רוף אָפּ אין טעלעפֿאָן! גיב אַ סטעמפּ**), זאָג, וויפֿל איז דער זייגער! צעבייט אַ דאָלאַר! פֿאַרוואָס?—ווייל מען האָט דאָ קיין דרך-ארץ נישט פֿאַר אַ געבילדעטן מענטשן, און טאַקע פֿאַר ווענען זאָל מען דאָ דרך-ארץ האָבן, אַז דער גאַנצער אַפּטייקער, איז דאָך נישט מער, ווי אַ ייִנגל?

אינדערהיים האָט מען געדאַרפֿט לערנען אַ סך. ביז מען איז געוואָרן אַן אַפּטייקער, איז מען טאַקע עלטער געוואָרן. אָבער אין אַמעריקע איז דאָך אַלץ כאַפּ-לאַפּ, און יעדער ייִנגל ענדיקט דראָגיסט. הײַנט גיי האָב דרך-ארץ פֿאַר אַ ייִנגל!

דאָס ערגסטע אָבער איז די היגע דראָג סטאָרס איז דאָס סאָדע-וואַסער! פֿע, דאָס איז שוין גאָרנישט שיין! דערזעלבער דראָגיסט מאַכט אייך אַ רעצעפּט און דערלאַנגט אייך אַ גלאָז סאָדע-וואַסער!

הײַנט פֿרעג איך אייך, וואָס פֿאַר אַ טעם קאָן שוין האָבן דער רעצעפּט? און דערפֿאַר טאַקע העלפֿן דאָ קיין רעצעפּטן נישט, ווײַל ביי אַ רעצעפּט איז דאָך נישט דער עיקר דער רעצעפּט אַליין, נאָר די אמונה, וואָס דער חולה האָט אין רעצעפּט. אָבער דאָ, אין ווע-

*) געפֿרוירנס; **) פּאָסט-מאַרקע.

מען זאָל מען גלויבן, אין דעם דראָגיסט, וואָס גיט סאָדע־וואַסער?

— איר לאַכט? וואָס איז דאָ צו לאַכן, הא? אַן אַפּטייק איז, לויט מיין בליק, פּאָרט נישט קיין ביזנעס, עס איז אַ דבר שבקדושה. ווייל עס איז זיך פּאָרט מתעסק מיטן מענטשלעכן לעבן, און וואָס איז הייליקער ווי דאָס לעבן פון אַ מענטשן? אָבער ביי אייך, אין אַמעריקע, האָט דעם מענטשנס לעבן קיין ווערט נישט.

דאָ איז אַן אַפּטייק טאַקע נישט מער, ווי אַ ביזנעס. און דער עיקר איז דאָ נישט דער אינווייניק, דער „מלפנים" פון אַפּטייק, נאָר דער „חוץ", דער פענסטער. מען שטעלט אַרויס אַ פענסטער מיט כל הנאַרישקייטן — און מען רופט קונים... אַ קראָם, ווי אַלע קראָמען.

— איר הערט, אַנומלט קום איך אַריין אין אונדזער דראָג סטאָר נאָך אַ רעצעפּט. מיין אשה האָט זיך צוגעקילט, גיב איך אָפּ דעם רעצעפּט און זעץ זיך וואַרטן. און דער דראָגיסט גייט אַוועק הינטערן ווענטל מאַכן דעם רעצעפּט. אָבער לאָזט מען דען אין אַמעריקע מאַכן אַ רעצעפּט? ווייס איך וואָס! — אַלע ווײַלע מוז דער דראָגיסט מפסיק זיין. און אַלץ צוליב נאַרישע זאַכן: אַ מיידל איז געקומען פרעגן, וויפל איז דער ריכטיקער זייגער, אַ ייִד איז געקומען צו ביטן אַ קוואָדער*), אַ ייִדענע איז געקומען נאָך אַ מאַרקע, און אַזוי כסדר. און איך בין געזעסן און עס האָט מיר געשניטן ביים האַרצן, ווייל איך האָב זייער נישט ליב, אַז אַ דראָגיסט איז מפסיק... עס איז פונקט, להבדיל, ווי מפסיק זיין אינמיטן דאַווענען... און טאָמער פאַרגעסט מען נאָכדעם וואו מען האַלט, שמעקט עס דאָך מיט סכנות נפשות. נו, איז פרעג איך אייך, קען עס אינדערהיים פּאַסירן? אינדערהיים, אַז אַן אַפּטייקער שטעלט זיך מאַכן אַ רעצעפּט, איז מיט כוונה, קיין הפסקות! ווער וועט אים איבערשלאָגן?

*) פערטל דאָלאַר.

# טענה נומער 46.

## אַ געמאַכטע זון.

צעטאַנהט זיך מיט מיר אַ ייד, וואָס האָט זייער ליב רעדן:

— אַז איך זאָג אייך, איך גלויב נישט אייער מדינה. עס איז ביי מיר נישט באַגלויבט, און גאָר!

ביי מיר איז אַלץ רעכט אויף אַמעריקעַ.

אינדערהיים האָט מען געוואוסט, אַז דאָס קען מען און דאָס נישט, דאָס איז על פּי דרך הטבע און דאָס נישט — אָבער דאָ קען מען דאָך אַלץ... אַמעריטשקע גנב!

איר וועט מיר גלויבן, צי ניין, איך האַלט, אַז אַמעריקע האָט נישט קיין ריכטיקע זון.

עס איז עפּעס יע דאָ אַ זון, אָבער נישט די אמתע! איך גלויב, אַז די היגע זון קען זיין אַ געמאַכטע. דער מאַן, וואָס האָט אויסגעטראַכט דעם פֿאָנאָגראַף און די עלעקטריק און דעם ראַדיאָ, קען אויך אויסטראַכטן אַ זון, פֿאַרוואָס נישט?

ווייל וואָס מען זאָל נישט זאָגן אויף אַמעריקע, — טראַכטן און אויסטראַכטן קענען זיי.

איר הערט, איך גלויב, אַז עס קען זיך דאָ געפֿינען אַ מענטש, וואָס זאָל פֿאַבריצירן זונען. פֿאַרוואָס נישט? וואָס איז דאָס ערגער פֿון הויזן?

איך האָב דאָ אַ לאַנדסמאַן, אינדערהיים געווען אַ יונגערמאַן, אַ גאָרנישט, אַ מלמד, אַ באַנק-קוועטשער און דאָ פֿאַבריצירט ער וועסטן, קאַמזאָלקעס, הייסט עס. באַגעגן איך אים איינמאָל, גייט ער אַליין אין אַ ווייסער קאַמזאָלקע, פֿאַרפּוצט און פֿאַרקנאַקט און רעדט נאָר ענגליש. זאָג איך אים: דוד-עליע, דו זאָג מיר נאָר דעם אמת, ווי קומסטו צו קאַמזאָלקעס? צעלאַכט ער זיך: ברודער, זאָגט ער, אַז מען קומט אין אַמעריקע, קומט מען שוין צו אַלץ. איך האָב שוין דאָ, זאָגט ער, פֿאַבריצירט לאָמפּן און דראָטן פֿאַר פֿרויען.

היטעלעך, און אייז-קרעם און שייווינג-קרעם*). אין אמעריקע לערנט מען זיך אלץ אויס! עס איז, הערט איר, א טייערע מדינה.

ענטפער איך אים: מילא, וועגן טייערקייט שמועסט מיט מיר נישט. איך האלט, אז עס איז נישט אזא טייערס... ווייל וואס טויג, וואס מען קען דא אלץ, אז לעבן קען מען דא נישט! אז מען האט דא קיין צייט נישט, אז אפילו, זאגט מען, די גרעסטע גבירים דא האבן קיין צייט נישט... מוזן אויפשטיין אינדערפרי, כלחוך השור, גלייך מיטן ארבעטער... איינער גייט ארבעטן אין שאפ, איינער גייט עפענען דעם שאפ... הכלל, אלע מוזן אויפשטיין! היינט אויב אזוי, וואס טויג דא די גבירות און די נגידעריי?

זאגט ער, דוד-עליע, צו מיר: גערעכט זענט איר אפשר, אבער איך בין דאך מיט אייך נישט איינשטימיג. אמעריקע איז פארט א טייער לאנד. א קערבל קען מען דא מאכן...

היינט גיי רעד מיט אזא שוטה! איך רעד צו אים וועגן איין זאך און ער רעדט צו מיר וועגן אן אנדער זאך.

אט דאס איז, וואס איך זאג אייך, אז אין אמעריקע קען מען אלץ מאכן, אפילו א זון.

און הערט איר נאך, וואס איך וועל אייך זאגן: די היגע זון, דאכט מיר, איז אויך א פארקויפטע. אויך זי ארבעט פאר געלט... אינדערהיים איז די זון געווען גאטס זון פאר אלעמען גלייך. אבער דא נישט.

דא ארבעט די זון אדער פאר די סאדע-וואסער-געשעפטן, אדער פאר דער עלעקטריק-קאמפאניע.

וויאזוי? — גאנץ פשוט: אויב זי ברענט און בראט, איז דאס פאר די סאדע-וואסער-געשעפטן, מיט א כיוון, כדי מען זאל זיך גיסן מיט סאדע-וואסער... אויך אינדערהיים איז געווען הייס, דאך מיט רחמים. אבער דא איז דאך סכנות-נפשות.

און אויב די זון קומט נישט ארויס, קומט זי שוין גארנישט ארויס. אויך שלא כדרך הטבע. עטלעכע טעג נאכאנאנד. נישטא קיין סימן פון קיין זון... און דאן ארבעט זי עס פאר דער עלעקטריק-קאמפאניע. עס איז אזוי פינסטער, אז מען מוז כסדר ברענען עלעק-טריק...

און איר ווייסט, פונוואנען נעמט זיך עס? — ווייל דא זענען

*) געפרוירנס און ראזיר-פאמאדע.

אַלע פֿאַרשקלאַפֿט. עס איז נישטאָ דאָ קיין פֿרייהייט. אַלע זענען גולמס. וואו דו גיסט זיך אַ קער, — אַ גולם.

גולמס אָנשטאָט מענטשן...

און דאָס ביסל מענטשן, וואָס זענען דאָ, זענען אויך גולמס...

אָט האָט מען מיך אָנומלט געגומען אין אַ רעסטאָראַן. אַ גולם, אַן אויטאָמאַט, הייסט עס: אַז דו וואַרפֿסט אַריין אַ ניקל*) אָדער צוויי אים אין מויל אַריין, עפֿנט ער דאָס מויל און גיט דיר עסן! פֿע, אַ מיאוסע זאַך!... מענטשן זאָלן זיך לאָזן באַדינען פֿון גולמס!

און איר הערט, איין זאַך מוז מען צוגעבן, די היגע גולמס זענען קלוגע: איך האָב געפּרוּווט אים אָפּנאַרן, אַריינרוקן אָנשטאָט אַ ניקל, אַ סענט, — ערשט איז ער קיין נאַר נישט, דער גולם, און גיט נישט...

איז דאָס וועגן דעם גולם פֿון עסן. היינט וואו איז דער גולם פֿון סאבוויי?**). אויך ער האָט ליב ניקלס. און וואַרפֿסט אים נאָר אַריין אַ ניקל אין מויל, ווערט ער לעבעדיק און לאָזט דיך דורך...

אַלץ פֿאַר געלט!

אייך, זאָגט איר, געפֿעלט עס, עס איז באַקוועם. — מיר געפֿעלט עס נישט. איך האָב פֿיינט שטומע שומרים. אַמאָל, הערט איר, ווען עס איז נאָך נישט געווען דער גולם אין סאָבוויי, נאָר עס איז געזעסן אַ מענטש און האָט גענומען בילעטלעך, האָט מען נאָך געקאָנט אַמאָל דורכגיין אַזוי אָן אַ ניקל... אַ לעבעדיקן מענטשן קען מען אָפּנאַרן, אָבער אַ גולם ווייסט נישט פֿון קיין חכמות: באַצאָלסט נישט, לאָזט ער נישט. פֿע, מיר געפֿעלט עס נישט, אפֿשר באַקוועם, נאָר וואָס טויגן די אַלע באַקוועמלעכקייטן, אַז מען ווערט דאָ פֿאַר־גולמט? מען האָט אַזוי לאַנג צו טאָן מיט גולמס, ביז מען ווערט אַליין אַ גולם. נישט מען רעדט, נישט מען האָט צייט צו רעדן, נישט מען קען זיך אַ דינג טאָן. שטיל, טויט, אַן עסק מיט גולמס!

און וואָס מיינט איר וואָס, די היגע ווייבער זענען שוין אויך באַלד גולמס! דו קומסט אַהיים, שטייט דער סאַפּער***) אויפֿן טיש אָנגעגרייט, קאַלט ווי אייז, און דער גולם איז אין מואוויס! זי האָט קיין צייט נישט מיט דיר צו רעדן... און רעדט זי שוין יאָ אויס אַ וואָרט, טוט זי דיר אַ טובה!

*) אַ פֿינף־סענטיקע מטבע. **) אונטערערדישע באַן. ***) אָוונטברויט.

זאָגט אייך, וואָס איר ווילט, אַמעריקע טויג נישט. עס איז נישט דאָס, נישט דאָס!

## טענה נומער 47.

### קאָלומבוס מיט די גלעקלעך.

אַז געהרגעט מעג ווערן קאָלומבוס מיט זיינע גלעקלעך. רק עס קלינגט! אַז קלינגען מעג עס אַמעריטשקע אין קאָפּ! — אָט אַזוי האָט זיך צעטענהט פאַר מיר אַ ייד, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון דאַמוויעטער*) - גלעקל. — רק עס גלעקלט, קיין רו קען מען קיינמאָל נישט האָבן. אינדערהיים איז געווען אַ חיות. ווער האָט עס געוואוסט פון גלעקלעך? טיידן שוין די גאָר רייכע. און עס איז טאַקע געווען גוט. עס האָט ווינציקער געקלונגען אין קאָפּ.

— וואָס האָט איר אַזוי צו די גלעקלעך? — האָב איך געפרעגט מיין יידן.

— וואָס איך האָב? עס איז שוין דאָ גענוג וואָס צו האָבן! — האָט מיין ייד גערעדט זייער פאַרביטערט. — איך האָב ליב רואיקייט, און אין אַמעריקע איז דיראָזיקע סחורה זייער שווער צו קריגן. אָדער מען איז אין שאַפּ, טומלען די מאַשינעס אָדער מען איז אין הויז, — טומלען די קינדער און טאַקע דאָס ווייב אויך, און אַז גאָט העלפט שוין, און בלייב איך אינדערהיים אַליין, דאָס ווייב און די קינדער גייען זיך ערגעץ אַוועק, וואָלט דאָך שוין געווען גוט, מען וואָלט זיך געקאָנט אַ קאַפּעטשקע אָפּרוען, צונויפקלייבן די געדאַנקען — איז אָבער דאָס אומגליק מיט די היגע גלעקלעך. תיכף, ווען דו בלייבסט אין הויז, — אַהאַ מען קלינגט. ווער? — ווער קלינגט נישט אין אַמעריקע?! דער גאַז-מאַן, דער מילך-מאַן, פעדלערס, אָרעמעלייט, דער דזשעניטאָר**). הייגט וואו איז

*) אַמין אַלמערל מיט פּאַליצעס, מיט וועלכן מען לאָזט אַרונטער און מען הייבט אַרויף זאַכן פון אַ הויז, פון גאָרן צו גאָרן.

**) הויז-אויפזעער.

די טעות-קלינגערייַ? אָט דאָס קלינגען פירט מיך גאָר אַרונטער פון זינען: איר פאַרשטייט, דו לויפסט צום טיר עפענען, ערשט מען אַנטשולדיקט זיך: מען האָט געמאַכט אַ טעות. געקלונגען נישט דעם ריכטיקן גלעקל!... איינער דאַרף אויפזוכן אַן אַדרעס, קלינגט ער אָן דווקא צו מיר, איך זאָל אים זאָגן אויף וועלכן גארן וואוינט כאַצקל! איך בין זיין טאַטנס משרת! — אַמעריטשקע!

איך זאָג אייך, עס איז נישט אויסצוהאַלטן פון די קלינגערייַען. אָט לייגסטו זיך צו, נעמסט אַ ספר אין האַנט, צי אַ צייטונג, און הייבסט אָן דרעמלען. — אַהאַ, מען קלינגט שוין! דו שפּרינגסט אויף, ווייל נישט אויפשפּרינגען קען מען נישט, אַזוי איז שוין די טבע פון די היגע גלעקלעך, זיי מאַכן אייך אויפצושפּרינגען... שפּרינגסטו אויף, לויפסט צו צום טיר, ערשט אַ פּעדלער... אַלטע זאַכן וויל ער קויפן... ס'איז דאָך שרעקלעך! מען לאָזט דאָך אַ מענטשן קיינמאָל נישט רוען! ווער האָט אַלטע זאַכן, ווער? מיר טראָגן אַליין די אַלטע זאַכן. איך זאָג, אייך, אַ רציחה!

הייַנט ווי איז דער טעלעפאָן? דאָס איז אויך אַ נישקשהדיקע אָנשיקעניש. און נאָך גוט ווען מען קלינגט צו אייך, אייערער אַן עסק, נו, פאַרפאַלן... אָבער ווי איז דער דין, אַז מען קלינגט אָן און איר לויפט צו און עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם, אַז עס איז גאָר אַ טעות... מען מיינט גאָרנישט אייך... האַ?

אַמעריקע מיט אירע טעותן! עס איז אַ לאַנד, וואו מען איז זיך רק טועה, און דערווייל קלינגט עס שטענדיק...

פלוצלונג, דו דרעמלסט קוים איין, — אַהאַ! — מען קלינגט! ווער? — די פייערלעשער. און נאָך ווי געקלונגען! אַ שרעק!... און ווינציק נאָך דאָס קלינגען, — רעוועט מען נאָך אויך דערצו. אַמעריקע!

— הייַנט נאָך די אַלע קלינגערייַען פרעג איך אייך: וואָס טויג עס? אַ מענטש האָט דאָך נערוון, אַ מענטש דאַרף דאָך אַמאָל אָפּרוען אויך... און ווען רוט מען ביי אייך? אין שאָפּ נישט, ווען דאָס ווייב איז אין הויז. — אַוודאי נישט. און ווען מען בלייבט אַליין, — אויך נישט? איז וואָס איז עס פאַר אַ מדינה?

— איר הערט, ווען מען פרעגט מיך, וואָלט מען אָפּגעשאַפט די גלעקלעך... גענוג מיטן קלינגען! גענוג אַז עס קלינגט אין קאָפּ פון מאַכן אַ לעבן, עס קלינגט גענוג! אי, ווי ווערט איינער אַריין

אין הויז? — זאָל ער אָנקלאַפּן, זאָל ער זיך, במחילה, מטריח זיין און אַרויף און אָנקלאַפּן אין טיר... נישקשה... עס וואָלט געווען פיל בעסער און געזינטער... בלייבט דער טעלעפאָן? נו, מילא, פון דעם איין טעלעפאָן קען מען דאָך ליידן... אַבי נישט די גלעקלעך. און איר הערט, איך ווייס נישט, ווי ביי אייך, נאָר מיינע גלעקלעך זע־נען שרעקלעכע. ביי מיר קלינגט עס ווי אַ קלויסטער־גלאָק, להבדיל... איך האָב די ערגסטע גלעקלעך... עס רייסט אויף די אויערן. מיין לענדלאָרד*) האָט, הפּנים, געמוזט זיין אַ טויבער, האָט ער געמאַכט די גלעקלעך נאָך זיין „סלוך" נאָך...

ניין, מיין פריינט, אַ מדינה, וואו מען קען זיך קיינמאָל נישט אָפּרוען, איז קיין מדינה נישט!

## טענה נומער 48.

### אַן אַנדער ערד.

זיצן מיר אַזוי אויף אַ וועראַנדע אין די בערג און שמועסן. איך און אַ ייד א בארדער**) מיט שוואַרצע ברילן און אַ געלן אומע־טיקן קרענקלעכן פּנים. זאָגט דער ייד:

— איר קוקט אויף די הינער, וואָס גייען דאָ אַרום?

— יאָ, נו, איז וואָס?

— זאָג איך אייך, איר מאַכט אַ טעות.

— וואָס מאַך איך אַ טעות?

— זיי זענען נישט די ריכטיקע הינער, — מאַכט דער ייד גאַנץ רויק. — ס'איז בלויז פון אויבן אויף קוקן זיי אויס, ווי אַלע הינער, ווי די היימישע, אָבער ס'איז נישט אַזוי.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי? — קוק איך אָן מיין יידן.

*) הויז־אייגנטימער. **) קוואַרטוראַנט.

— ווייל, — מאַכט דער ייד — צוליב אַ סך טעמים. ערשטנס, ווען עס וואָלטן געווען די ריכטיקע הינער, וואָלטן זיי געהייסן הינער און נישט טשיקנס. איר הערט, איך האָב פיינט דאָס וואָרט טשיקן. פע!... איר פאַרשטייט? הון איז עפּעס אַנדערש און טשיקן איז אויך עפּעס אַנדערש... איר פאַרשטייט, ווען אַ מענטש עסט הון, האָט עס אַן אַנדער טעם, עס פילט זיך אין דעם נישט קיין פּוסטע גאווה, וואָס ער עסט הון, מען עסט הון, נו, איז וואָס איז דאָ דער חידוש? אַמאָל עסט מען הון, ווייל מען איז נישט געזונט, אַמאָל ווייל מען איז רייך און מען קען זיך פאַרגינען, אָבער דאָס איז אַלץ אינדערהיים, אָבער דאָ עסט מען טשיקן, נישט קיין הון... „איך נעם יעדן טאָג א טשיקן" — זאָגט אַ אידענע, און דערביי בלאָזט זי זיך, ווי אַ אינדיק און דרייט זיך, ווי גאָט ווייסט וואָס זי וואָלט דאָ אויפגעטאָן פאַר דער וועלט. אַ קליניקייט, זי נעמט יעדן טאָג א טשיקן!... פע!... איז דאָס אייך איינמאָל אַוועק. צווייטנס, איז וועגן די הינער אין דער קאָנטרי*) האָב איך זיך אַזאַ סברה: ווען זיי וואָלטן געווען טאַקע באמת די ריכטיקע הינער, וואָלט מען זיי דען געגעבן אַלע טאָג די באָרדערס? איר פאַרשטייט? אינדערהיים עסט מען הון, ווען מען איז קראַנק, און דאָ קומען געזונטע מענטשן, אָנגעפרעסענע, און מען נעמט זיך שטאָפּן מיט טשיקן. נו, פרעג איך אייך, קען שוין די טשיקן האָבן אַ טעם?... איז דאָס אייך שוין צוויי מאָל אַוועק, און, דריטנס, איז דאָס סתם אַזאַ לאַנד, וואו קיין ריכטיקע זאכן זענען דאָ נישט בנמצא — נישטאָ און האָדיע! ס'איז נישט נאָר מיט הינער אַזוי. אָט נעמט ביימער. דאָס איז דאָך שוין אַ רעיעלערע זאַך, ווי הינער. נו, איז וואָס מיינט איר, אַז דאָ זענען דאָ ריכטיקע ביימער? עס הייבט זיך נישט אָן! זיי קוקן מער נישט אויס, ווי ביימער, אָבער אינדעראמתן זענען זיי נישט די ריכטיקע... נישט ווי אינדערהיים...

— וואָס איז דער חילוק? — פרעג איך.

— חילוק! שמילוק! ס'איז דאָ אַ סך צו רעדן וועגן דעם! — מאַכט דער ייד און זיין פּנים ווערט נאָך געלער, — דער עיקר, מיין פריינט, ס'איז נישט גלייך ווי אינדערהיים. אינדערהיים אַ בוים איז געווען אויף וואָס אַ קוק צו טאָן — אַ בוים! און דאָ אויך מיר אַ בוים! גאָרנישט מיט גאָרנישט!

*) אין דאָרף, אויפן לאַנד.

— אָבער פֿאַרוואָס איז דאָס אַזוי? — ווייל איך נישט אָפּלאָזן דעם יידן.

— פֿאַרוואָס — איר ווילט טאַקע זייער וויסן? ווייל די ערד איז דאָ אַן אַנדערע, אויך נישט די ריכטיקע...

— וואָס, זי איז נישט פֿעט גענוג, די היגע ערד, נישט שוואַרץ גענוג? — וויל איך ווייטער וויסן.

— שוואַרץ איז זי, — מאַכט דער ייד, — מען ווערט דאָ, אין אַמעריקאַ, גענוג פֿאַרשוואַרצט, און פֿעט אפֿשר אויך, פֿאַרוואָס זאָל זי נישט זיין פֿעט? זי איז פֿעט! אָבער דאָך איז זי נישט ווי אונ־זער ערד... ווייל ריכטיקע ערד קאָן נישט האָבן אַזויפֿיל בערג... איר פֿאַרשטייט? ריכטיקע ערד גייט מיט אַ סדר, מיט אַ פּלאַן. אָט דאָ איז ערד, גלייכע ערד און וואו נישט וואו אַ באַרג, אָדער אַ טאָל, אָבער דאָ איז כּסדר בערג. אומעטום בערג און בערג! ס'האָט ביי מיר א פּנים, הערט איר, ווי אַ פּנים וואָלט געווען פֿון הוילע נאָז... אַ פּנים דאַרף האָבן איין נאָז, דאָן הייסט עס אַ פּנים, אָבער קאָנט איר זיך פֿאָרשטעלן אַ פּנים מיט צען פֿופֿצן צוואַנציק נעזער? הא?

— איר רעדט מאָדנע רייד, — לאַך איך.

— וואָס איז דאָ די מאָדנעקייט? — מאַכט דער ייד. — איך רעד על פּי שכל. אָט נעמט טאַקע די היגע בערג. נו, איז וואָס, דענקט איר, זענען זיי, — פֿון די אמתע? וואָס איז שייך מיר, וועל איך אייך אָפּגעבן אַלע היגע בערג פֿאַר אונדזער איינציקן קליינשטעטל־דיקן באַרג. ווייל וואָס האָט מען פֿון די היגע בערג? — גאָרנישט. הויך ביז אין הימל. הייגט גיי דראַפּע זיך אויף אַזוינע „שיבלניצעס", וועד איז דאָס מחויב? אָבער פֿון אונדזער באַרג האָט דאָס גאַנצע שטעטל געגומען זאַמד, געלן זאַמד, טייערן זאַמד. און מען האָט הנאה געהאַט... מען האָט אויסגעשאָטן אין קיך אָדער אויפֿן הויף, איז געווען אַ חיות, א פֿאַרגעניגן...

דער ייד האָט זיך נאָך ערשט צערעדט, אָבער פּלוצלונג האָט זיך דערהערט דאָס גלעקל, וואָס רופֿט צום עסן. —

## טענה נומער 49.

### אַלע אײן פּנים.

— פּאָלגט מיך, אייער אַמעריקע איז נישט קיין מדינה! — אַזוי האָט זיך מיט מיר צערעדט אַ ייד. — אַ מדינה רוף איך אַ לאַנד, וואו מען קאָן דערקענען, ווער ס'איז אַלט און ווער ס'איז יונג. אָבער ביי אייך זענען דאָך אַלע גלייך — אַלע גלאַטע מאָרדעס.

אין יוראָפּ ווייסט מען, אַ טאַטע איז אַ טאַטע און אַ זון איז אַ זון. אַ מאַמע איז אַ מאַמע און אַ טאָכטער איז אַ טאָכטער, און דאָ האָט דער זון מיט טאַטן איין פּנים, איין גלאַטע מאָרדע, און די מאַמע מיט דער טאכטער גייען ביידע גלייך אין קורצע האָר...

מיר געפעלן נישט די אַמעריקאַנער פּאראדקעס: א מענטש מוז מען קאָנען דערקענען, ווער ער איז. און דאָ גיי דערקען, אַז דער אַלטער מאַכט זיך פּונקט אַזוי נאַריש, ווי דער יונגער?

אַ מענטש מוז וויסן, וואו ער האַלט מיט זיך. און ווי ווייסט מען, וואו מען האַלט? פון די יאָרן! אַ ייִנגל אַ צוציק ווייסט, אַז ער איז אַ צוציק — און ער פירט זיך אויף, ווי אַ צוציק. אַ פופציק-יעריקער ייִד ווייסט, אַז ער איז שוין אַ חמשימער, און ער פירט זיך אויף לויט די חמשימער... אַזאַ מענטש טראַכט גאָר אַנדערש, האָט גאָר אַן אַנדער רעיון. אָבער ווען אַ פופציק-יעריקער פירט זיך אויף, ווי אַ צוציק, מיינט, אַז ער איז ערשט אַ דרייסיקער, דאַן טויג עס נישט.

נאָך אַלעמען, לעבט דאָך אַ מענטש נישט אייביק. מען פאָרט און מען פאָרט אַזוי לאַנג ביז מען זאָגט: טפּרו! שטעל זיך אָפּ, ברו-דערקע, עד כאן אומרים בשבת הגדול!... איר פאַרשטייט? אַ מענטש מוז זיך צוגרייטן. אַמאָל טאַקע תשובה טאָן אויך... אָבער ווען אַ מענטש וועלכער שטייט מיט איין פוס אויף אהינצוצו, דענקט, אַז ער שטייט נאָך מיט ביידע פיס אַהערצוצו, דאַן קלערט זיך, וואָס איז דאָ דאָס איילן זיך. מיר וועלן נאָך אויספּעיען תשובה טאָן און דערווייל רוקט זיך אונטער דער מלאך המות, און מען שטאַרבט אָן ווידוי...

אַנטקעגן דעם וויל איך אייך זאָגן, אַז אַ באָרד איז זייער אַ נייטיקע זאַך. אַ מענטש אָן אַ באָרד איז קיין מענטש נישט. מילא, אַ יידענע האָט נישט קיין באָרד, איז זי נישט שולדיק, גאָט האָט זי אַזוי באַשאַפֿן. אָבער יידן? — איר פֿאַרשטייט? אַ באָרד פֿאַרדעקט, אַ באָרד מאַכט אַ מענטשן פֿאַר אַ מענטשן, מיט אַ באָרד קען מען זיך מיישב זיין; אויף אַ באָרד איז, קענטיק, וואָס מען האָט געגעסן. אָבער אַ גלאַטע מאָרדע איז — אָפּגעווישט דאָס מויל און מען ווייסט גאָרנישט...

אַמעריקע, מיין פֿריינט, ליגט אין די הענט פֿון ווייבער און באַרבערס*).

פֿאַרוואָס טראָגט מען דאָ נישט קיין באָרד? ווייל די ווייבער ווילן דאָס נישט! ווייל די ווייבער ווילן נישט קיין פֿאַרוואַקסענע מענער! אָבער איך פֿרעג אייך, ווייבער זענען דאָך אויך דאָ אין יוראָפּ און פֿאַרוואָס ווילן יענע יאָ בערד?

אַ קלייניקייט, פּשש! די ווייבער ווילן נישט. פֿון ווען אָן זענען זיי עס געוואָרן די גאַנצע קנאַקערס, האַ? קאָלומבוס!

און נאָך די ווייבער קומען די באַרבערס. איך קען נישט פֿאַרטראָגן קיין באַרבערס.

מענטשן זאָלן גאָר וועלן קאָנקורירן מיט אים אַליין, מיט דעם רבונו של עולם. זאָגט ער צו אַ מענטשן: קריגסט יאָרן, זע[illegible] אויס נאָך דיינע יאָרן, — קומען די באַרבערס און מאַכן פֿון אַלט יונג...

אָבער מיינט איר וואָס? ס'איז דען יונג? ס'איז דאָך בלויז געמאַכטע יוגנט... עס טויג דאָך נישט. פֿע!

היינט נעמט אַפֿילו דעם ענין שטאַרבן. אַז אינדערהיים שטאַרבט אַ מענטש, ווייסט מען, אַ מענטש איז געשטאָרבן, אַזויפֿיל און אַזויפֿיל אַלט, מען דערקענט עס אָן דער באָרד. אָבער אַז דאָ שטאַרבט אַ מענטש, איז ווער ווייסט אים, וויפֿל ער איז אַלט? איז ער געשטאָרבן פֿאַר דער צייט, צי נישט? און צו וואָס, פֿרעג איך אייך, טויג דער גאַנצער שקר?

די צרה מיט אַמעריקע, וואָס זי איז משוגע אויף גלאַטקייט: גלאַטע וועגן, גלאַטע מאָרדעס, גלאַטע צינגלעך, און דערפֿאַר לעבט מען דאָ גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. מען ווייסט דען פֿאַרוואָס מען לעבט דאָ? ווען אַ מענטש איז מיט אַ באָרד, שטעלט ער זיך אַמאָל אָפּ, נעמט זיך אָן פֿאַר דער באָרד און גיט זיך אַ פֿרעג: כאַצקל, בערל,

*) אַ שערער, פֿריזירער.

שמערל׳ צו וואָס ל׳עבסטו? אָבער גיי זיי זיך מיישב מיט אַ גלאַטער מאָרדע?!

איר הערט, ווען איך בין אַ שטיקל מושל דאָ, וואָלטן ביי מיר אַל׳ע געטראָגן בערד און וואָנסעס. איך וואָלט אַרויסגעלאָזט אַ בעפעל: יידן, צוריק צי די בערד! אָבער די מעשה איז, וואָס איך האָב דאָ קיין דעה נישט. אַפילו נישט אין מיין לאַנדסמאַנשאַפט-פאַריין. ווער איז פרעזידענט, מיינט איר, אין אונדזער פאַריין? אויך אַ גלאַטע מאָרדע און נאָך מיט פרישטשעס דערצו. פשש! אַ געוואַלטיקער כבוד...

אָט אַזוי איז עס, מיין פריינט... מען האָט גענומען אַ גוטע מדינה פון כל טוב און מען האָט זי איבערגעפירט...

## טענה נומער 50.

### דראָט און גאָט.

— קאָלומבוסעס מדינה איז אַ מדינה פון דראָט, — אַזוי האָט זיך צעחקירהט פאַר מיר אַ היימישער ייד, ווען ס׳איז געקומען צו רייד פון אַמעריקע, — אינדערהיים איז דאָ אַ גאָט, און דאָ אַ דראָט, להבדיל. אינדערהיים פירט די וועלט דער אויבערשטער, און דאָ דער אונטערשטער, דער דראָט... וואו מען גיט זיך אַ קער און אַ דריי, — איז דראָט. סכנות נפשות, וואָס דאָ צעטוט זיך! פון אויבן דראָט און פון אונטן אויך דראָט. ווען מען פרעגט מיך: מה למעלה ומה למטה? — ענטפער איך: דראָט! ס׳איז אַ דראָט-לעבן. יעדער טעלעפאָן האַלט זיך אויף דראָט. און וויל דער דראָט, — רעדט איר, און וויל ער נישט — איז נישט! גיי טו אים עפּעס! „די ווייר איז ביזי״. דער דראָט, הייסט עס, איז פאַרנומען... אַ פאַרנומענער דראָט, הייסט עס. אַ מענטש איז דאָ פאַרנומען און אַ דראָט איז דאָ אויך פאַרנומען... אויף איין מדרגה, הייסט עס... און אַז דער פריץ, דער

לעבעדיקער 1 באַנד.

דראָט, איז פֿאַרנומען, איז אין אומר ואין דברים, קאָן מען גאָרנישט ריידן, כאָטש ווער צופּוקעט... מוז מען וואַרטן ביז ער וועט האָבן צייט, דער דראָט, הייסט עס... אַ שיינע מדינה, האַ?

— און דיזעלבע מעשה איז אויך מיט דער עלעקטריק: אַמאָל האָט דער רבונו של עולם געזאָגט: „יהי אור!" עס זאָל ווערן ליכטיק, און ס'איז געוואָרן. און ביי אייך אין אַמעריקע זאָגט עס, להבדיל, אַ דראָט... ווייל דער דראָט, קריגט מען עלעקטריק, און ווייל ער נישט — ווערט פינסטער, חושך מצרים... אַנומלט האָט ביי מיר אין די בראָנקס טאַקע געטראָפן אַזאַ מעשה: פּלוצלונג מיר זיצן אַזוי אין הויז, אינאָווענט, — ערשט ס'ווערט פינסטער, אלע לעמפּלעך נעמען און גיבן זיך אַ לעש אויס... אַלע מיטאַמאָל... אָבער אַזוי אַלע מיטאַמאָל, און נישט נאָר ביי אונדז, נאָר אין דעם גאַנצן הויז, און נישט נאָר אין אונדזער הויז, נאָר אין די הייזער פון עטלעכע בלאָקן*) אַרום... ווערט אַ טומל, אַ געשריי, מען לויפט פון די טרעפּ... ווייבער האַלטן ביי חלשן... קינדער שרעקן זיך... מיר האָבן אַלע לכתחילה געמיינט, אַז די אַמעריטשקע קערט זיך איבער... וואָס דען, איר מיינט, ס'איז שוין נישט צייט? אונדזער אַמעריטשקע האָט זיך געגנוג שוין אָנגעזינדיקט!... אַ קליינע זינד איז די מעשה מיט דעם פאַרמאַכן די טויערן פאַר די עמיגראַנטן? און וואו איז דער אויל-סקאַנדאַל? עס איז דאָ געגנוג... עס פעלט נישט... אָבער אַמעריטשקע איז געבליבן אַמעריטשקע! באַלד האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אין דער גאַנצער מעשה איז שולדיק אַ דראָט... שוין ווידער אַ דראָט עפּעס קאַליע געוואָרן אונטער דער ערד און מען וועט עס באַלד פאַרריכטן... און טאַקע אמת, ווי מיר זיצן אַזוי, ערשט מיטאַמאָל: „ויהי אור" — שוין צוריק ליכטיק! דער דראָט האָט זיך, הפּנים, מרחם געווען... אַ שיינע מדינה, האַ?

— און וויבאַלד דאָס היגע לעבן איז אָנגעווענדט אויף דראָט, איז אַזאַ טעם האָט עס טאַקע... ס'איז אַ דראָט-לעבן... האַרט און שטעכיק... די גאַס איז פול מיט דראָטן און דאָס הויז אויך.

איך וואוין ביי מיינעם אַ זון... אַ שטיקל נגיד. האָט ער אַ שוואַכקייט, אַ חלאת אַזאַ, צו לאָמפּן... וואו ער דערזעט נאָר אַ שיינעם לאָמפּ, קויפט ער! אַזאַ משוגעת ביי אים... איז דאָס הויז פול מיט לאָמפּן. לאָמפּן אויפן טיש, לאָמפּן אויפן בופעט, לאָמפּן אויפן

*) אַ קוואַרטאַל.

דיל... און וויבאַלד לאַמפּן, הייסט עס דאָך דראָטן... ציען זיך דראָטן בײַ אונדז אין הויז אומעטום... און מען דאַרף זיך שטענדיק היטן, מען זאָל זיך נישט פאַרטשעפּען... פּאַסירט טאַקע איינמאָל אַן אומגליק: קריכט די בייבי אויף דער ערד און פאַרטשעפּעט זיך אָן אַ דראָט און קערט איבער אַ גרויסן לאַמפּ — טראַך! אַז דאָס קינד איז לעבן געבליבן, איז טאַקע אַ נס. און אַלץ צוליב דראָטן!...

— און מיינט איר, אַז מער קיין דראָטן האָבן מיר נישט אין הויז? ס'איז דאָ נאָך... וואו זענען די קאָרסעטן? דאָס זענען אויך דראָטן... און די היגע ווייבער קענען, משמעות, אָן דעם נישט אויסקומען. אינדערהיים האָט מען בלויז געדראָטעוועט טעפּ און דאָ דראָטעוועט מען אויך ווייבער... איך וויל אייך נישט זאָגן קיין גוזמאות. נאָר בײַ אונדז אין הויז זענען אָן אַ גוזמא דאָ אַ טוץ קאָרסעטן, און אַלץ פון הוילן דראָט... און דאָס איז אַלץ מיין שנור, זאָל לעבן! זי דראָטעוועט זיך עס... זאָג איך צו איר איינמאָל אַזוי: ליבע טאָכטער, ביז וואַנען איז דער שיעור צו שטייפן זיך אין דראָטן? דו ווערסט זיך דאָך אַזוי לאַנג קוועטשן, ביז עס וועט פון דיר גאָרנישט בלייבן!... ווייל איר האָט זי געדאַרפט אָנקוקן, מיין שנור, זי איז דאַר, ווי אַ שטעקל...

היינט פרעג איך אייך, איז דאָס אַ לאַנד? ווער האָט אינדערהיים געוואוסט פון אָט די אַלע זאַכן? און דאָך האָט מען געלעבט אַ סך בעסער, ווייל דאַן האָט מען געגלויבט אין גאָט, און איצט אין דראָט...

יאָ, איך האָב גאָר פאַרגעסן: די לעצטע צייט זענען דאָך צוגעקומען נאָך דראָטן... ראַדיאָ... עסקט זיך שוין מיין זון מיט דעם אויך... נייע דראָטן, הייסט עס... ניין! ס'איז נישט גוט, מיין פריינט, נישט גוט!

דער לעבעדיקער

# 100
# טענות צו אַמעריקע

פאַרלאַג „אחיספר", וואַרשע

Printed in Poland

# אינהאלט:

# טענה נומער 51.

## נישטאָ וואָס צו הערן.

— איר האָט געהערט, ווי עס האָט היינטיקע נאַכט געדונערט? — רופֿ איך זיך אָן צו איינעם פֿון די „באָרדערס“, אַ ייד פֿון אַ יאָר פֿופֿציק, מיט אַ געשוירן בערדל, ווען מיר זענען ביידע, די ערשטע,

אַרויס אינדערפֿרי אויף דער וועראַנדע פֿון אַ זומערהאָטעל אין די בערג.

— וואָס איז דאָ וואָס צו הערן? — מאַכט דער ייִד זייער קאַלט־בלוטיק.

— וואָס הייסט, וואָס איז דאָ צו הערן! — זאָג איך. — עס איז שוין געווען גענוג צו הערן. עס האָט שרעקלעך געדונערט און געבליצט. איך האָב נישט געקאָנט שלאָפֿן. וואָס, איר האָט טאַקע גאָרנישט געהערט?

און מיר האָט עס גאָרנישט אָנגעהייבן אַרן... — מאַכט דער ייִד. — עס האָבן בײַ מיר אַ גרויס ווערט אײַערע דונערן און בליצן... איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט און בין גלײַך צוריק אײַנגעשלאָפֿן.

— וואָס, איר ווילט זאָגן, אַז די היגע דונערן טויגן נישט? — האָב איך אַרויפֿגעפֿירט מײַן ייִדן אויף אַ וועג צו אַ „טענה“.

— און איר ווילט מיר זאָגן, אַז די היגע דונערן זענען יאָ דונערן? — האָט מיר דער ייִד געענטפֿערט צוריק מיט אַ פֿראַגע.

— עס האָט זייער שטאַרק געדונערט, — מאַך איך. — דאָס הויז האָט זיך דאָך געטרייסלט.

— אַז בײַ אײַך, הייסט עס, שטאַרק געדונערט, מעג עס אויך הייסן, אַז דאָס הויז האָט זיך געטרייסלט.

— יונגערמאַן, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר, — איר זענט שוין לאַנג אין אַמעריקע?

— איבער זעכצן יאָר, — ענטפֿער איך.

— נו, איז האָט איר פֿאַרגעסן וואָס עס הייסט אַ היימישער דונער? אינדערהיים, אַז עס פֿלעגט נעמען דונערן, פֿלעגט עס טרייסלען דאָס הויז, ווי אין אַ קדחת... און אונדזער אַ היימיש הויז איז נישט קיין היגע הויז... עס איז נישט פֿון פּאַפּיר... בײַ אונדז אין שטעטל האָט איינמאָל אַ דונער אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך: ער איז אַרײַן דורכן קוימען, אַרויף אויפֿן אויוון, געכאַפּט בערל דעם מלמדס מאַמע, אַ ייִדענע פֿון אַ יאָר אַכציק, זי אויסגעטאָן נאַקעט און זי אַרויסגעטראָגן דורכן פֿענסטער אין דרויסן אַרויס... אָט דאָס הייסט אַ דונער... און נאָכאַמאָל האָט בײַ אונדז אין אַ דאָרף אַ דונער געכאַפּט אַ שיקסע אויפֿן פֿעלד און זי אויפֿגעהייבן און פֿאַרוואָרפֿן צום גלח אונטערן פֿענסטער... בײַ אונדז אין שטעטל, געדענק איך, האָט איינמאָל אַ דונער אָנגעצונדן דעם קלויסטער פֿון סאַמע שפּיץ

האָט ער אָפּגעברענט, ביז סאַמע אונטן... איר פאַרשטייט אונזערער אַ דונער האָט געהאַט אין זיך כּוח, אָבער דער היגער דונער איז גאָרנישט. דעם פערדן דזשולאַי*) קלאַפּט זיך דאָ שטאַרקער... אי, אין זאָגט דאָס הויז האָט זיך געטרייסלט, איז עס אויך גאָרנישט... וואָס איז פאַר אַ קונץ צו מאַכן אַ היגע הויז טרייסלען זיך?... עס איז דען אַ הויז?

אָט נעמט אָט דאָס הויז טאַקע, אונזער הויז. פון וואָס מיינט איר איז עס געמאַכט? פון שיהע פּיהע! מען האָט גענומען ברעט-לעך און צונויפגעשלאָגן אַ הויז. ביי אונז פלעגט מען אַזוי מאַכן אַ סוכּה...

— אָבער עס האָט דאָך פאָרט געדונערט? — זאָג איך צו מיין יידן.

— אַז איר האָט נישט געהערט די אמתע דונערן, מיינט איר, אַז עס איז אַ דונער! — מאַכט מיין ייד שוין כמעט מיט כּעס. — פון אַ ריכטיקן דונער וואָלט איר נישט געקאָנט בלייבן ליגן אויפן בעט, איר פאַרשטייט?

— טאָ קענט איר מיר נישט דערקלערן, פאַרוואָס. אין אַמעריקע זענען נישטאָ קיין ריכטיקע דונערן? — בעט איך זיך ביי מיין יידן.

— פאַרוואָס? — עס איז אַ פּשוטע זאַך. איר ווייסט, פאַרוואָס עס דונערט? עס דונערט, ווייל גאָט וויל זיך אַ בייזער טאָן. און אינדערהיים זענען מענטשן זייער פרום, קאָן פאַסירן, אַז איינער באַגייט אַן עבירה, נו, נעמט גאָט און גיט זיך אַ בייזער, ווייסן מענטשן, אַז גאָט איז ברוגז... אָבער דאָ אין אַמעריטשקע זענען דאָך אַלע כּולו רשעים... און ווען גאָט זאָל וועלן זיך בייזערן, דאַרף דונערן כּסדר, סיי זומער, סיי ווינטער. קאָן דאָך אָבער גאָט נישט איבעראַנ-דערשן די נאַטור, משנה זיין דעם סדר-העולם... דונערט ער דאָ גאָר-נישט...

— אָבער עס דונערט דאָך פאָרט! — כאַפּ איך מיין יידן ביי דער האַנט.

— איך וועל אייך דאָס אויך דערקלערן, — מאַכט דער ייד, — אַמעריקע קריגט נישט די ריכטיקע דונערן, דאָס זענען בלויז אָפּ-

*) דעם פערטן יולי, אין דעם יום-טוב פון אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט, איז אַ מנהג צו שיסן מיט פייערווערק, אַ מנהג, וואס ווערט מערסנטייל אפגעהיט פון יינגלעך אין גאַס·

קלאנגען פון די היימישע דונערן. דאָרטן, פארשטייט איר מיך, דו־נערט טאַקע אויף אַן אמתן און דאָ הילכט עס בלויז אָפּ...

— אַזוי איז עס? — מאַך איך.

— אַזוי איז עס! — מאַכט דער ייִד.

## טענה נומער 52.

### אַ לייפעניש אַ ביסל.

זאָגט מיר אַנומלט אַ פילאָזאָפישער ייִד:

— מיין טענה צו אַמעריקע איז דאָס: צו וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר יאָגט אַמעריקע אַזוי? צו וואָס איילט זי זיך? ווער שטופּט זי? און וואָס וועט זי פאַרשפּעטיקן?

איך, ווי איר קוקט מיך אָן, האַלט נישט פון יאָגן זיך. איך גלויב, אַז דער וואָס פאָרט מיט אַ פערד און וואָגן און דער וואָס לויפט מיט אַן אויטאָמאָביל, וועלן סוף כל סוף ביידע גלייך קומען...

אַ מענטש, האַלט איך, דאַרף זיך נישט איילן און דאַרף נישט אַרויסיאָגן פון זיך די נשמה.

ווען מענטשן וואָלטן זיך נישט געאיילט, וואָלטן זיי גיכער געקומען צו אַ תכלית...

אַמעריקע איז אַ לאַנד פון איילעניש. קינדער יאָגן זיך דאָ וואָס שנעלער אַלט צו ווערן. מען גייט צו דער חתונה אין איילעניש און דערפאַר גייט מען זיך דאָ פאַנאַנדער אַזוי שנעל...

איך האָב אַ באַקאַנטן, האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַן איי־גענעם אויטאָמאָביל. איז נו, מילא, גוט, האָסטו אַן אויטאָמאָביל!... איז אים אָבער ווינציק, וואָס ער האָט די מאַשין, יאָגט ער זי אָבער ווי אַ טייוול... איז אים ווינציק דאָס פאָרן — ער מוז לויפן... און פועל יוצא, וואָס קומט דערפון אַרויס? — ער צאָלט שטראָף! ער קריגט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק „פּאָוויעסטקעס" פון אַ פאָליסמאַן... אָבער

מיינט איר, אַז אים אַרט עס שטאַרק? — עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. איר וואָלט זען מיט וויפל שטאָלץ ער דערציילט עס, אַז ער האָט געכטן געקראַגן פאַר שנעל פאָרן.

זאָג אים צו אים אַנומלט: צו וואָס דאַרפט איר צאָלן אומזיסט געלט? מאַכט ער צו מיר: איר זייט אַ גרינער ביי מיר איז ווערט כל הגעלטן, וואָס איך יאָג אַלעמען אַריבער... ביי מיר איז דאָס אַ ספאָרט אַזאַ, זאָגט ער. איך קען נישט פאַרטראָגן אַ מאַשין, וואָס לויפט פאַרויס פון מיינער, זאָגט ער...

נאַט אייך אַזאַ מין משוגעת. אַזאַ מין הנאה!...

און אַנומלט איז ער שיעור נישט געמזיקט געוואָרן אין זיין לויפן. ער איז אַרויפגעפלויגן אויף אַ צווייטער מאַשין און האָט ביי יענער צעבראָכן אַ זייט...

נו, איז, מיינט איר, דער מענטש איז שוין אָנגעלערנט? — ווייס איך וואָס? ער האָט באַצאָלט אַ הונדערטער שטראָף און לויפט ווייטער.

און איר ווייסט, וואָס? ער איז, זאָגט ער, נאָר צופרידן אויך! ער האָט, זאָגט ער, זיין באַפרידיקונג: ער האָט צעבראָכן, זאָגט ער, אַן אַנטיסעמיט אַ פאָרדל...

נו, איז וואָס זאָגט איר נישט צו אַזאַ מין מענטשן?

און איר ווייסט, פון וואַנען עס נעמט זיך די היגע איילעניש און יאָגעניש? ס׳איז פון דעם, וואָס דאָ איז נישטאָ קיין אָפשטעל, קיין גרענעץ: קיין שבת, מיין איך...

אינדערהיים איז מען געפאָרן, אָבער מען האָט געוואוסט, אַז אָט קומט שבת, איז אויס, טאָר מען נישט פאָרן... מען מוז זיך אָפשטעלן און רוהען...

אָבער דאָ איז דאָך נישטאָ נישט קיין שבת, נישט קיין זונטיק אפילו — לויפט מען כסדר אָן אַן אָפשטעל...

און איר מיינט, אַז נאָר מיט אַ מאַשין לויפט מען דאָ? מיט די פיס אויך?...

אָט האָב איך נאָך אַ באַקאַנטן, שוין אַ שטיקל לאַנדסמאַן אויך, איז האָט דער מענטש אַ טבע נישט צו גיין, נאָר צו לויפן. ווען איר באַגעגנט אים אין גאַס, איז אים שווער אָנצויאָגן — ער לויפט!

כאַפּ איך אים איינמאָל און פרעג אים, וואָס יאָגט ער אַזוי? — מיינט איר, וואָס? ער ענטפערט מיר, אַז ער האָט קיין צייט נישט,

און לויפט ווייטער, אין דער צייט וואָס איך ווייס, אז ער אַרבייט גאָרנישט!...

און מיינט איר, נאר אין גאַס לויפט ער, — אין הויז אויך...

דאָ, אַנומלט, קום איך צו אים אַרויף אין הויז. עפּעס וועגן אַ גרוס פון דערהיים, ערשט איך זע, ער לויפט דאָ אויך אַרום... און עס איז גאָר אַ גליק, וואָס ער וואוינט בלויז אין דריי קליינע צי-מערן, האָט ער נישט וואוהין צו לויפן...

נו, פרעג איך אייך: מעג קאָלומבוס נישט ברענען? מענטשן זאָלן זיך אַזוי איילן, אַז אַפילו ביי זיך אין הויז זאָלן זיי נישט קענען איינזיצן?

און איר מיינט, דער מאַן איז אַ נאַר? דווקא אַ יונגערמאַן אַ חכם. נאָר דערין איז ער פאַרנאַרישט...

פרעג איך אים טאַקע דאַן, ביי אים אין הויז: ברוך, וואָס זיצסטו נישט? צו וואָס לויפסטו אַרום אַפילו אין הויז? — מאַכט ער צו מיר: איר פאַרשטייט, אין גאַס לויף איך, כדי מען זאָל מיינען, אַז איך בין „ביזי"*). פאַרוואָס זאָלן מענטשן וויסן, אַז איך אַרבעט נישט און אין הויז לויף איך, כדי איך זאָל נישט פאַרגעסן די מלאכה פון לויפן... נאַט אייך גאָר אַזאַ מין פילאָזאָפיע!

צערעד איך זיך מיט זיין וויב, טאַקע דאַן, בשעת איך בין ביי אים געוועזן, דערציילט זי מיר, פאַר איר מאַן אין די אויגן אַזאַ מעשה: אויך אינמיטן דער נאַכט שטייט ער אויף און לאָזט זיך לויפן איבער די חדרים...

נו, מעג נישט קומען אַ פייער אויף קאָלומבוסן? האָט איר געהערט אַזאַ זאַך אינדערהיים? אינמיטן נאַכט אויפשטיין און אַרומ-לויפן!... אָט דאָס איז אַמעריקע!

# טענה נומער 53.

## אַ מאָדע — שניידן

— איר זייט דאָך אַ קלוגער מענטש, טאָ זאָגט מיר, כ'בעט אייך, וואָס איז דאס פאַר אַ מאָדע ביי אייך אין אַמעריקע מיט דעם שניידן?—

*) שטאַרק באַשעפטיקט, פאַרטרודט.

אָט אַזאַ פראַגע האָט מיר אַנומלט געשטעלט אַן עלטערע יידענע — אָט האָבן מיר דאָך אינדערהיים אויך געלעבט, געהאָדעוועט קינדער, זיי חתונה געמאַכט, און מען האָט נישט געשניטן... ווער האָט געוואוסט פון שניידן? אַ ווערטעלע אויסצורעדן, אַן אָפּעראַציע! און דאָ גאָר־נישט, מען נעמט געזונטע קינדער און מען שניידט די „מאַנדלען“, באשר וואָס, היגע דאָקטוירים דאַרפן מאַכן געלט, דאַרפן נתעשר ווערן!

איך זאָג אייך, עס איז אַ סקאַנדאַל!

— איר הערט, אָט נעמט מיין שנור, איז אַזוי איז זי אַ גאַנצע חכמה, נישט קיין נאַריש ווייבל. האָט זי אָבער אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז מען דאַרף שניידן. זי האָט אַ מיידעלע, זאָל געזונט זיין, מיין אייניקל הייסט עס, איין קינד, אַ גאָלדן קינד, און אַ געזונט קינד, קיין עין־הרע, נו, איז צו וואָס נעמען בידים און זי קראַנק מאַכן, הא? האָט אָבער מיין שנור זיך אַריינגענומען אין קאָפּ: מאַנ־דלען, דאָס הייסט, „טאַנסעלס“, צי „קאָנסעלס“, איך וויס, מיינט איר? האָט זי גענומען טעהנען, אַז דאָס קינד האָט „קאָנסעלס“, צי „טאַנ־סעלס“, און מען מוז עס אויסשניידן. זאָג איך צו איר, וואָס אַרט עס דיר אַז דאָס קינד האָט „טאַנסעלס“, צי „קאָנסעלס“, עס קאָסט דיר עפּעס טייער? — זאָגט זי: וואָס הייסט, דאָס קינד אַנטוויקלט זיך נישט געהעריג, וואַקסט נישט... זאָג איך: דאַכט זיך, דאָס קינד איז גאַנץ פיין אויסגעוואַקסן, וועדליק פאַר אַ זעקס־יעריג קינד איז עס גאַנץ פיין, קיין עין הרע נישט. זאָגט זי: אָבער עס שלאָפט מיט אַן אָפן מויל... זאָג איך צו איר: אויך אַ חסרון! — וואָס אַרט עס דיך, אַז זי שלאָפט מיט אַן אָפן מויל! זאָגט זי: איר זייט אַן אַלטמאָדישע יידענע און ווייסט גאָרנישט. אַז מען שלאָפט מיט אַן אָפן מויל, איז אַ סימן, אַז מען האָט „טאַנסעלס“ אָדער „קאָנסעלס“, און מען קען נישט אָטעמען...

זאָג איך: טאָכטער, ס'איז דאָך גאָר פאַרקערט: אַז מען האַלט אָפן דאָס מויל, קומט דאָך אַריין מער לופט... און היינט, זאָג איך צו איר, וואָס אַרט עס דיך? זאָגט זי: דורכן מויל טאָר מען נישט אָטעמען!

זאָג איך: איך ווייס נישט פון אַזעלכע חכמות. אָט זענען ביי מיר אַלע קינדער געשלאָפן מיט אָפענע מיילער און פונדעסטוועגן זענען זיי אויסגעוואַקסן גאַנץ געזונטע מענטשן, און ווער הייסט עס דיר, זאָג

איך, גלאַט זיך איינקוקן ווי אַ קינד שלאָפט, צי מיט אַן אָפן מויל, צי מיט אַ צוגעמאַכטן מויל? דער עיקר, עס טשעפּעט*) דיך נישט בײַנאַכט, עס שלאָפט געשמאַק, טאַ וואָס ווילסטו נאָך? אַי, אַי! — זאָג איך צו איר, — טאָכטערקע, איר האָט פּשוט נישט וואָס צו טאָן, איר גייט אַרונטער פון זינען פון ליידיק גיין... ווען איר וואָלט געווען, ווי מיר אינדערהיים, פאַרנומען אין קראָם, און מיט די קינדער... נישט מיט איין קינד, ווי דו, נאָר מיט זעקס און זיבן, וואָלט איר נישט געקוקט אויף אַזעלכע נאַרישקייטן: אַן אָפן מויל, אַ צוגעמאַכט מויל!... איר האָט נישט וואָס צו טאָן, האַלט איר אַליין אָפן דאָס מויל, און רעדט...

זאָגט מײַן שנור: שוויגער, איר זענט אַן אַלטמאָדישע יידענע און פון דערהיים ברענגט מען נישט קיין ראיות... אינדערהיים האָט מען טאַקע נישט געשניטן קיין „טאַנסעלס" אָדער „קאַנסעלס", אָבער דאָ מוז מען... דאָ שניידן אַלע „טאַנסעלס" אָדער „קאַנסעלס" און איך וועל אויך שניידן...

קורץ: זי איז אַוועק צו אַ דאָקטאָר און יענער „באָנדאָר" האָט אויך געהייסן שניידן... און זי האָט גענומען נאָך אַ דאָקטאָר, שוין טאַקע דעם שניידער, הייסט עס, און מען האָט אַוועקגעפירט דאָס קינד צו דער שחיטה... און מען האָט איר געשניטן... און איידער מײַן שנור האָט זי געפירט צו דער שחיטה, האָט זי געוויינט און געחלשט... זאָג איך צו איר: נו, זאָג אַליין, וואָס פאַר אַ מענטש ביזטו דאָס: פריער קלערסטו אַליין אויס, אַז מען מוז דאָס קינד שניידן, און נאָכדעם וויינסטו!...

הכלל, מען האָט דאָס קינד געשניטן און געבראַכט פון האָספּיטאַל. אַ שרעק אָנצוקוקן: בלאַס און איבערגעשראָקן, אַן אומשולדיק טײַבעלע, נעבעך!... ליגט אין בעט, עסן קען עס נישט, שלינגען קאָן עס אויך נישט, אַ גאַנץ רחמנות... מען נעמט אַ געזונט קינד און מען מאַכט עס בידים קראַנק. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אויף מאָרגן, איך גיב אַ קוק אויפן קינד, עס שלאָפט מיט אַן אָפן מויל...

רוף איך צו די שנור און ווײַז איר: נו? וואָס?

מאַכט זי: דאָס איז גאָרנישט, נאָך דער אָפּעראַציע די ערשטע טעג, זאָגן די ווײַבער, איז אַלעמאָל אַזוי...

— מילא, — זאָג איך, — אפשר ביזטו גערעכט... גייט אַוועק אַ וואָך און צוויי, און דאָס קינד שלאָפט אַלץ מיט אַן אָפן מויל.

זאָג איך צו מיין שנור: נו, וואָס וועסטו שוין איצט זאָגן, האַ? כדאַי געווען, זאָג איך, עס זאָל קאָסטן אַזויפיל געלט, און אָנמוטשען אַ קינד!...

איז מיין שנור אַוועקגעלאָפן צו יענעם „קאָנאָוואַל", דעם דאָקטאָר: סטייטש? זאָגט דער דאָקטאָר: עס איז גאָרנישט... די „טאַנסעלס" אָדער די „קאַנסעלס" זענען גוט אַרויסגענומען געוואָרן... אַי, דאָס קינד שלאָפט מיט אַן אָפן מויל, איז דאָס פון געוויינהייט... און עס איז נישט קיין סכנה...

קומט זי אַהיים און דערציילט מיר די מעשה. זאָג איך צו איר: טאָכטער מיינע! מעג נישט קומען אַ שרפה אויף אייער אַמעריקע מיט אירע מנהגים און דאָקטוירים, וועלכע דרייען מיט די צינגער, ווי היגע מיטן ווײדל!... ווי עס פּאַסט זיי, אַזוי רעדן זיי!... פריער איז געווען אַן אָפן מויל אַ סכנה, און איצט שוין נישט... וויבאַלד מען האָט ביי דיר צוגענומען די עטלעכע דאָלאַר, איז שוין מער קיין סכנה נישט, האַ?

אָבער מיינט איר, אַז מיין שנור הערט וואָס איך רעד? גאָרנישט! זי איז צופרידן, — זאָגט זי. — אַבי אָראָפּגעפּטרט, זאָגט זי, — מיטן שניידן די „קאַנסעלס" אָדער „טאַנסעלס"...

זאָג איך צו איר: אַז שניידן זאָל קאָלומבוסן אין די געדערום מיט דער מאָרע צוזאַמען! — לאַכט זי... אַז די היגע ווייבלעך האָבן דען שכל? די קליגסטע פון זיי איז אַ קאַלב!... יאָ, יאָ, אַ קאַלב!

## טענה נומער 54.

### פונוואַנען ווייסט איר?

— עך, אַז נישט געדאַכט זאָלט איר ווערן מיט אייער קאָלומבוסן צוזאַמען! מיך ווילט איר איינשמועסן, אַז די היגע מילך איז

גוטע, איר וועט עס איינשמועסן אַן אַנדערן, נישט מיר! — אָט אַזוי האָט זיך פֿאַר מיר אָנומלט שטאַרק צעטענהט אַ ייד, אַן עלטערער ייד, אַ היימישער באַלעבאָס.

— איך ווייס איינס: אמתע מילך האָט מען געטרונקען אינדערהיים. דאָרט האָט מען געטרונקען און מען האָט געוואוסט, וואָס מען האָט געטרונקען, און פֿון וועמען מען האָט געטרונקען!... איך פֿרעג אייך, איר זעט דען די בהמות, פֿון וועלכע איר טרינקט דאָ? און ווײַבאַלד איר זעט נישט, איז וואָס זשע גלויבט איר? אפשר זענען עס גאָר קיין בהמות נישט? און וועמען גלויבט איר? די היגע בלאָפֿערס!

אינדערהיים, מיין פֿריינט, האָט איר עס נישט געקענט זאָגן. דאָרט האָט איר געוואוסט וועמענס מילך איר טרינקט, איר האָט געקאָנט אייער בהמה, פּונקט ווי איר האָט געקאָנט, להבדיל, אייער ווייב. לאַכט נישט, ס'איז געווען אַזוי...

— און אפילו, הערט איר, ווען אַ ייד איז געווען אַן אָרעמאַן און האָט אַליין נישט געהאַט קיין בהמה, נישט געקאָנט האָבן אַן אייגענע בהמה, און האָט געמוזט אָנקומען קויפֿן מילך צו אַן אַנדערן יידן, איז האָט מען דאָך געקאָנט יענעמס בהמה און מען האָט געוואוסט איר יחוס... איר פֿאַרשטייט, צי נישט?

— לאַכט נישט! ווייסן, דאָס איז אַ גרויסער ענין... אַז מען ווייסט, קען מען נישט אַזוי שנעל נכשל ווערן...

— אַ היימישער באַלעבאָס האָט געוואוסט, ווען זיין בהמה איז קראַנק און ווען זי איז געזונט, ווען זי גיט פֿעטע מילך און ווען מאָגערע...

אָבער דאָ, פֿרעג איך אייך, וואָס ווייסט איר? — מען גיט אייך אַ פֿלעשעל, אַלעמאָל דאָסזעלבע פֿלעשעל און איר טרינקט... און פֿונוואַנען ווייסט איר, וואָס איר טרינקט? אפשר טרינקט איר גאָר סם? — איר טרינקט!

— טאַקע, אפשר גיט אייך קאָלומבוס גאָר סם?

— איר זאָגט, אַז די היגע מילך איז אונטער דער אויפזיכט פֿון דער רעגירונג און זי גיט אַכטונג... הערט איר, עס איז נאָר צום לאַכן... אַ גוואַלד, ווי מען גיט דאָ אַכטונג? פֿשש!

אויך אין גאַס גיט מען דאָך אויף אייך אַכטונג, אַז אַן אויטאָמאָביל זאָל אייך נישט איבערפֿאָרן, האַ? אַ פּאָליסמאַן שטייט דאָך

טאָג און נאַכט און היט, האַ? און פונדעסטוועגן פאָרט מען דען נישט איבער טויזנטער מענטשן אַ יאָר? אַ שיינער אַכטונג געבן!

און היינט, אַז ביי אַזאַ זאַך, וואָס מען קען רעכענען אויף טויט, איז אַזוי, היינט אַ פשיטא שוין ביי מילך?!

ווער אַכטונג געבן? ווער האָט עס אין אַמעריקע צייט דערצו?

און זאָל שוין זיין, אַז יע אַכטונג געבן, איז ווער גיט אַכטונג?— אַ פאָליסמאַן? אַ דאָקטאָר? איז, הערט איר, איך גיב אייך נישט קיין גראָשן פאַר אייערע היגע דאָקטוירים! אָט נעם איך און גלויב זיי! אַ היגער דאָקטאָר איז ערגער פון אַ פאָליסמאַן... אַ פאָליסמאַן נעמט כאַבאַר, אָבער אַ דאָקטאָר נעמט דאס לעבן...

איר פאַרשטייט? אַ היגער דאָקטאָר וועט אייך פאַר אַ פינ-פערל זאָגן אויף מילך פון אַ הערינג, אַז עס איז מילך פון אַ קו!

— און סתם האָט ביי מיר די היגע מילך קיין טעם נישט... אמתע וואַסער! ביי מיר איז רעכט, אַז די היגע מילך מאַכט מען טאַקע גאָר מיט אַזאַ מאַשינקע. וואס איז דאָ נישט צו גלויבן. וואַ-סער מעג דאָ גיין פון וואַנט און מילך נישט?

— און אפילו, אויב די היגע מילך מעלקט מען פון בהמות ווי אין יוראָפּ, איז דאָס אויך נישט ווי אין יוראָפּ. אין יוראָפּ האָט איר דער בהמה אַליין געגעבן עסן... אַליין געקויפט, אַליין דערלאַנגט און איר האָט געוואוסט וואָס איר גיט איר...

אָבער וואָס ווייסט איר, וואָס מען גיט דאָ די בהמות? וואָס ווייסט איר, מיט וואָס מען קאָרמעט זיי דאָ?

און דאָס, וואָס מען גיט אַ בהמה, דאָס איז דער עיקר...

גיט איר אַ בהמה דאס ריכטיקע, וואָס איר קומט, גיט זי אייך צוריק דאס ריכטיקע, וואס אייך קומט! איר פאַרשטייט? אַ האַנט וואַשט אַ האַנט...

און דערצו האָב איך פיינט אָט די געשיכטעס מיט די „גריידס": „גרייד איי"*), „גרייד בי"**), ווערמען בלאָפט איר? אויב מילך, איז דאָ איין מילך, איז וואָס קלעפט איר צעטעלעך און נעמט מער געלט?

הכלל, מיין פריינט, ס'איז אַמעריקע-גנב. אַליין וועט מען זיך דאָ נישט צורירן צו גאָרנישט, אַלץ נאָר קאָמפּאַניעס... אַ קאָמפּאַניע ניט דיר עלעקטריק, אַ קאָמפּאַניע געז, אַ קאָמפּאַניע מילך... און ווי

*) ערשטער גראַד; **) צווייטער גראַד.

קען מען גלויבן אַ קאָמפּאַניע? ווער איז די קאָמפּאַניע? איר קענט זי דען?

ס'איז נאָר, הערט איר אַ נס, וואָס אַ קאָמפּאַניע מאַכט דאָ נישט חתונה...

— איר לאַכט, אַז אַך און וויי צום געלעכטער!

## טענה נומער 55.

### פאָלגט מיך, מען זינדיקט.

זאָגט צו מיר אַ האַלב-גרינער ייד:

— איר מיינט דאָך, אַז אייער אַמעריקע איז אַ קלוגע מדינה, איז הערט זשע, וואָס איך זאָג אייך, פאָלגט מיך: אַמעריקע איז אַ נאַרישע מדינה.

ווייל, פאָלגט מיך, אין אַ קלוגער מדינה וואָלט נישט געקאָנט פּאַסירן, וואָס עס פּאַסירט דאָ.

איך זאָג אייך, עס איז אַ שרעק וואָס דאָ צעטוט זיך!

אָט נעמט, פאָלגט מיך, צום ביישפּיל, דעם היגן עסק מיט קאָנטרי *) און מיט די ווייבער.

נו, וואָלט עס געקאָנט פּאַסירן אין אַן אַנדער מדינה. אין אַ קלוגער? פאָלגט מיך, עס וואָלט נישט געקאָנט!

נעמען בידים, מיט די אייגענע הענט און שטויסן די אייגענע ווייבער צו עבירות? שיקן זיי אומישנע אַליין, כדי זיי זאָלן קענען זינדיקן, און נאָך אַליין צאָלן דערפאַר — איז, פאָלגט מיך, אַזאַ זאַך קען נאָר די קלוגע אַמעריטשקע, קאָלומבוסעס קעפּעלע, זאָל לעבן!...

פּשש!

און זאָגט מיר נישט, אַז אין קאָנטרי פאָרט מען צוליב אַנדערע זאַכן, לופט, שמופט, עסן, פרעסן, געזונט, שמונט! אָט, פאָלגט מיך, בעיקר פאָרט מען אהין ארייַנצוכאַפּן אַן עבירלע.

*) דאַטשע.

דאָס הייסט, אין שטאָט פעלן אויך גאָרנישט אַזעלכע ווייבער, אָבער דאָרט איז עפּעס אַנדערש. פאַרט קאַנטרי!

און איר הערט, אַלע ווייבער זינדיקן דאָרט. איז נישט גאַנץ, איז האַלב, איז נישט מיט דעם גוף ממש, איז מיט דער מחשבה.

פאָלגט מיך — מען זינדיקט! ווייל, איך פרעג אייך: קען מען זיין אין קאַנטרי און נישט זינדיקן?! פריי איז מען, קיין מאַן ביים האַנט האָט מען נישט, פרעסן פרעסט מען, ווי די וועלף, איז פאַרוואָס זאָל מען נישט זינדיקן? פאָלגט מיך, מען זינדיקט!

נו, איז די זינד, ווי די זינד — וועט מען דיך שמייסן! אָבער איין זאַך, פרעג איך, וואו שטעקט די חכמה פון די אַמע-ריקאַנער מאַנסביל! אַליין שיקן און נאָך אַליין דערפאַר באַצאָלן?!.. פאָלגט מיך, עס איז נישט קיין חכמה... גאָרנישט קלוג!...

— איר וועט זאָגן, מען פאָרט זיך אָפּרוען. פּשש! אַ געוואַלד, וואָס די היגע ווייבער אַרבעטן זיך איבער! פאָלגט מיך, אַז זיי אַרבעטן זיך נישט איבער. מען זיצט אין רומס*) און מען קלייבט פלייש, און אין קאַנטרי קלייבט מען פלייש אויף פלייש, טאָפּלט פלייש, הייסט עס. איז נו, פרעג איך אייך, ווער דאַרף עס אַזוי-פיל פלייש? צוליב „מרבה רימה" וועגן, הא?

איר ווייסט, וואָס עס איז דער פּועל יוצא דערפון? זי דאָרט, אין קאַנטרי, זיצט און פּאַשעט זיך דאָס לייב, און דער מאַן דאָ, אין שטאָט, קומט אָפּ מיטן עסן, און נאָכדעם קומט זי אַראָפּ, אַן אויסגעפּאַשעטע, אַן אויסגערוטע, און איר געפעלט שוין נישט איר דאַרער, קוואַרער שלימזל! פאָלגט מיך, עס איז אַזוי... איך טענה זיך מיינס: צוליב פרעסן דאַרף מען נישט פאָרן אין קאַנטרי. מען האָט צו פרעסן אינדערהיים אויך, אין אַמעריקע פעלט נישט קיין עסן, עס פעלן דאָ אַנדערע זאַכן: יושר, רחמנות, גוטסקייט, אָבער עסן איז דאָ גענוג! פאָלגט מיך, עס איז דאָ גענוג!

— איך האַלט נישט פון דער חכמה צו שיקן דאָס ווייב אין קאַנטרי און אַליין בלייבן, ווי אַ נאַר אין שטאָט. אויב קאַנטרי, דאַרף מען פאָרן צוזאַמען. מאַן און ווייב צוזאַמען! אי, מען קען נישט, דערצו דאַרף מען זיין גבירים — נו, און אַז מען קען נישט, איז מען הסתם דאַרף מען נישט. אַז מען קען נישט, זיצט מען ביידע אינדערהיים.

*) צימערן.

— נישקשה, פאָלגט מיך, מען קאָן אַן קאַנטרי אויך אויס־קומען. אייער מאַמע איז אַ סך געפאָרן אין קאַנטרי? און פונ־דעסטוועגן האָט זי געקינדלט און איז געווען אַ גוט ווייב!...

און, פאָלגט מיך, מען האָט אויסגעלעבט די יאָרן אַ סך קליגער, ווי דאָ. אמת, מען האָט זיך ווינציקער געקושט, אָבער מען האָט זיך אויך ווינציקער געקריגט.

פאָלגט מיך, אַז אייער אמעריטשקע האָט קיין שכל נישט. מען ווייסט דאָ נישט ווי צו לעבן. און דערפאַר שטאַרבט מען דאָ אונטער די רעדער פון אַ מאַשין... וואָס דען, אַזאַ לעבן איז ווערט אַ קליגערן טויט? הא? פאָלגט מיך!

## טענה נומער 56.

### אַ סדרה „בילס".

— איך וויל אייך פרעגן: ווער האָט עס ביי אייך אין אַמע־ריקע אויסגעטראַכט בילס? *), — אַט אַזוי איז צו מיר צוגעטרעטן אַנומלט מיט אַ טענה מיינער אַ באַקאַנטער ייד.

מען וואָלט דאָ געקענט ווי עס איז לעבן, — לאָזן אָבער די בילס נישט. רק עס בילט ביי אייך. דער בוטשער? **) — אַ ביל! דער געזמאַן? אַ ביל! עדיסאָן? — אַ ביל! גראָסערי? ***) — אַ ביל! מילך-מאַן? אַ ביל! אַלע בילן. און וואָס איז, פרעג איך אייך, די פעולה, וואָס מען פאַרדינט דאָ, אַז דער הינטישער ביל עסט אַלץ אויף?! אָט האָט מען אינדערהיים פאַרדינט אַ סך ווינציקער, — אָבער ס'איז מער געבליבן, ווייל אינדערהיים ווייס מען נישט פון בילן.

איר פאַרשטייט, ווען מען קויפט אַזוי, אָן אַ ביל, ווייס מען אַ חשבון, מען זעט, וואָס מען צאָלט, מען נאַרט זיך נישט!... און

*) רעכענונגען. **) קצב. ***) באַקאַליי.

מען קויפט טאַקע וויִיציקער אויך... אָבער דאָ אין אַמעריקע איז הוילע נאַרעריי: מען קויפט גאָלע מציאות און מען צאָלט נישט אויפן אָרט, ווייזט זיך אויס, אַז עס איז גאָרנישט. אָבער סוף וואָך הייבן אָן אַריינקומען די בילס, און עס ווערט פינסטער אין די אויגן...

היינט נעמט אַן אַנדערע זאַך: ווען די בילס וואָלטן נאָך כאָטש געווען ריכטיקע... איז אָבער די מעשה, אַז עס איז נישטאָ קיין ריכ־טיקער ביל אין אַמעריקע! יעדערער שטעלט איבער און שטעלט צו...

דער מילכמאַן שטעלט אַלעמאָל צו אַ פּאָר פלעשלעך מילך, אַזוי איז ער שוין געוויינט, און מיין יידענע דאַרף זיך שטענדיק מיט אים קריגן, דער גראָסערי־מאַן רעכנט אויך גאַנץ אָפט איבער אין ביל... כלומרשט אַ טעות אין ביל, אָבער וואָס איז די נפקא מינה, אַבי ער רעכנט איבער...

דער בוטשער איז אויך נישט פויל און שרייבט צו צום ביל.

און פון דעם געזמאַן איז דאָך אָפגערעדט, דאָס זענען דאָך די אמתע גנבים: זיי שרייבן אַלעמאָל צו! דעם געז־ביל גלויב איך קיינמאָל נישט. ווייל איר פאַרשטייט, דאָרט מוז מען מאַכן אַ טעות, ווען אפילו מען איז אַן ערלעכער מאַן, ווייל איר פאַרשטייט, דאָרט רעכנט מען אויפן קוק, און אַזוי איילנדיק: עס לויפט אַריין דער געזמאַן אין קיך, אַ קוק, אַ שרייב — און פאַרטיק! היינט ווי זאָל ער נישט מאַכן קיין טעות? אַזאַ גרויסער בעל־חשבון איז ער?

איך זאָג אייך, די געשיכטע מיט די בילס שטייט שוין מיר אָט־אָ־דאָ!... ס'טויג נישט!

און איר הערט אַ מעשה מיט אַ ביל, וואָס איך וועל אייך דער־ציילן, אַזאַ מעשה קען זיך נאָר פאַרלויפן אין אַמעריקע, עס איז שרעקלעך! דאָס קען פּאַסירן נאָר אין אַ לאַנד, וואו מען עסט, ווי חזירים און מען בילט, ווי כלבים...

הערט אַ מעשה. דאָ מיט אַ מאָנאַט צוריק איז מיינער אַ באַ־קאַנטער קראַנק געוואָרן, פלוצלונג קראַנק געוואָרן, ווי עס טרעפט אין אַמעריקע. דאָ איז דאָך אַלץ פלוצלונג. מען ווערט דען דאָ קראַנק, ווי מענטשן? פלוצלונג כאַפּט עס אויף, גאָרנישט כדרך הטבע! איז האָט מיין באַקאַנטער אַ שוועסטער, איז זי אַמאָל געווען אַ נוירס*), אָבער זינט זי האָט חתונה געהאַט, אַרבעט זי שוין מער נישט דער־ביי, זי דאַרף עס נישט. איר מאַן איז גאַנץ גוט אָפּ.

*) קראַנקן־שוועסטער.

נו, איז אז דער ברודער איז קראנק געווארן, איז דאך גאנץ פארשטענדלעך דאכט זיך, אז א שוועסטער זאל אוועקגיין צום ברודער און זיך שטעלן ביי זיין בעט און נישט אפטרעטן פון בעט. און בפרט, ווען די שוועסטער אליין איז א געוועזענע נוירס?... ס'איז עפעס דא חידושים?! איז טאקע די שוועסטער אוועק און נישט אפגעטרעטן פון בעט, ביז דער ברודער איז אוועקגעשטארבן...

גענומען האט עס אינגאנצן אכט טעג. גראד א וואוילער יונגערמאן געוועזן, אבער וואס טוט מען? ס'איז דאך אמעריקע?

און קענט איר זיך פארשטעלן אזא זאך, אז אין א וואך שפעטער קריגט די אלמנה פון דער שוועגערין א ביל אויף הונדערט און פופציק דאלאר! דאס הייסט, איר פארשטייט, די שוועסטער וויל באצאלט און גוט באצאלט. פאר דעם, וואס זי האט ארום איר אייגענעם ברודער געפטרט א וואך אלס „נוירס", הייסט עס?

איר קענט עס פארשטיין? — איך נישט! ס'איז דאך שרעקלעך! וואלט אזא זאך געקאנט פאסירן אינדערהיים? א שוועסטער זאל נעמען באצאלט ביי א ברודער פאר דעם, וואס זי האט אים געוואלט ראטעווען פון טויט??!

ס'איז דאך אוממעגלעך! אבער וואס זשע איז די מעשה, איז טראכט איך: שולדיק איז אין דעם אויך דער ביל: מען איז דא אזוי צוגעוויינט צו שיקן „בילס" פאר יעדער זאך, אז מען פארגעסט אן מענטשלעכקייט, אן א ברודער, אן טאטע-מאמע!...

דא איז אלץ א ביל! דער עיקר פון אלע עיקרים איז א ביל! הייסט זאגט אליין, איז עס א מדינה? קען מען אזא לאנד ליב האבן?...

ס'איז דאך שרעקלעך!...

א געוואלד!

א שוועסטער זאל א ברודער אזוי באהאנדלען!

און סאיז דא גאר קיין חרפה נישטא, קיין שעמען זיך. א ביל! אלץ א ביל און ווייטער גארנישט!

עך!...

# טענה נומער 57.

## היט די ביינער!

— איך האב פיינט אמעריקע נאר צוליב איין זאך, — אזוי פאר-פירט מיט מיר אנומלט א שמועס א ייד, א שניידער.

— וואס איז די זאך? — פרעג איך. — די זאך איז, — מאכט דער שניידער, — דאס שרעקן זיך, דאס, וואס אין אמעריקע דארף מען כסדר זיך שרעקן.

מיין שניידער האט לאנגזאם צוזאמענגעלייגט מיינע נייע, נאר וואס אויסגעפרעסטע הויזן, און ווייטער גערעדט:

— איר וועט אפשר זאגן, עס איז גארנישט... אבער איך זאג אייך, אז דאס שרעקן זיך איז דער גרעסטער אומגליק. מען איז קיינ-מאל נישט פריי ביי קאלומבוסן. אין הויז דארף מען שטענדיק זיך שרעקן, דער „סילינג" *) זאל נישט ארונטערפאלן. און אט איז טאקע מיט א טאג צוריק ביי אונז דער בחור ארונטערגעפאלן, און א גליק וואס ער איז געפאלן אין אזא פלאץ, וואו קיינער איז נישט געווען. און פארוואס? — ווייל מען קריכט דיר דא אויפן קאפ... אינדער-היים האט מען געוואוינט אין א הויז און מען האט געוואוסט, אז א חוץ דעם בוידעם איז שוין מער גאר נישטא איבערן קאפ, אבער דא וואוינט דאך שטענדיק עמעצער איבער דיר. און אין אמעריטשקע, אז מען וואוינט איבער עמעצן, דארף מען אים נעצן... נו, נעצט מען אזוי לאנג, ביז עס פאלט ארונטער דער „סילינג". און דאס איז נאך נישט אלץ. אין אמעריקע דארף מען זיך אויך היטן ארויסצורוקן א קאפ אדער א האנט דורכן פענסטער — ווייל עמעצער קען עס נאך אפשיסן... ס'איז א נייס? — אט האט מען אנומלט ביי אונז נעקסט-„דאר" **) אפגעשאסן א האנט פון א שכן... ער האט ארויסגערוקט די האנט אפצוקילן. עס איז געווען זייער א הייסער טאג, האט איינער זיך גע-

---

*) סטעליע. **) די צווייטע טיר.

שפילט מיט אַ רעוואָלווער, אויסגעשאָסן און פונקט געטראָפן יענעם אין האַנט. אַבער דערהויפט דאַרף מען זיך שרעקן פאַר די אויטאָמאָבילס... דאָס איז דאָך שרעקלעך! איך ווייס נישט ווי איר, אָבער איך קען עס ממש נישט איבערטראָגן. אינדערהיים בין איך געווינט געווען אַרומגיין אין גאַס און אונטערזינגען אַ ניגונדל, אַ חזניש שטיקל, אָבער דאַ ווער זינגען, וואָס זינגען? מען קאָן בלייבן אָן אַ פוס!... עס איז דאָך אַמעריטשקע!..

און איר הערט, איידער איך האָב געקויפט די סטאָר, האָב איך געאַרבעט אין שעפער, און פלעג דאַרפן גיין צו דער אַרבעט. נו, פלעג איך ווערן אויסגעריסן, דערהויפט גייענדיק פון דער אַרבעט און דערהויפט, ווען איך פלעג אַרומגיין ליידיק, אָן אַרבעט... ווייל איך בין אַ מענטש, וואָס האָב נישט ליב זיך צו היטן. און האָב אַפילו פיינט יענעם היטן, אַפילו דאָס ווייב האָב איך אויך נישט ליב צו היטן... און דאָ אין אַמעריקע מוז מען דאָך היטן אַ ווייב אויך...

איך בין געווינט, אַז איך קום אַריין אין הויז, נישט צו פאַרמאַכן די טיר. נו, האָב איך אַפאָר מאָל געכאַפט אַ פסק: איינמאָל האָב איך געלאָזט אָפן די טיר, איז געקומען אַ גנב און אַוועקגעטראָגן מיין שבתדיקן אַנצוג... און אַ צווייטן מאָל מיין ווייבס אַ מאַנטל...

אָבער, מיינט איר, אַז איך בין אָנגעלערנט? — גאָרנישט! — אַז איך קאָן זיך נישט היטן... איך, אַז איך גיי, היט איך זיך נישט, איז ווען נישט די פאָליסלייט, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אויף יענער וועלט... איך בין שוין אַ פאָר מאָל שיעור נישט געלעגן אונטער אַ ראָד אויך... אָבער איך קען זיך נישט היטן! ס'איז נישט אין מיין נאַטור...

און דערפאַר לעב איך אין איין שרעק. ווען איך גיי אַרויס פון הויז, זאָגט מיר מיין ווייב אַלעמאָל אָן: מאָטל, זע, היט די ביינער! זע, קוק מיט ביידע אויגן! מאָטל, פאַרגעס נישט, אַז דו ביזט אין אַמעריקע! און נישט אין קאַפעטקאָוויטש!... מאָטל! זע ווי דו גייסט אַריבער אַ גאַס! אָבער איך פאַרגעס... איך בין בטבע אַ מוראַדיקער „טרוס“, אָבער איך פאַרגעס זיך פאָרט... אַז איך קאָן זיך נישט היטן! און איר הערט, די מעשה מיטן היטן זיך איז מיר שוין אַזוי אַריינגעקראָכן אין די ביינער, אַז איך שווער אייך, אַז אָפט פאַלט מיר איין אַזאַ מחשבה: עט, איך וועל גאָר מאַכן אַ סוף דערצו! איך וועל נעמען און זיך אַנידערלייגן אינמיטן גאַס און זאָל מען מיך איבערפאָרן! און אַן עק, אַ סוף זאָל עס נעמען! ווייל, איר הערט, — אַז מען וועט מיך סוף כל סוף סיי ווי סיי איבער־

פאָרן! אין דעם בין איך זיכער. ווייל ווער קאָן זיך איינהיטן אין אייער אַמעריקע? און בפרט, אַז איך קאָן זיך נישט היטן!

אמת, איך גיי איצט ווינציק, ווייל, ווי איר זעט, בין איך צו־געבונדן צום געשעפט. עס איז פון יענע געשעפטן, וואָס מען דאַרף זיי היטן! אַמאָל זיצט מען אַ גאַנצן טאָג און קיינער ברענגט גאָר־נישט אַריין, נישט צום פּרעסן און נישט צום פאַרריכטן, נאָר פאַר־נאַכט, ווען מען האַלט שוין ביים צושליסן דאָס געשעפט — אַהאַ! ברענגט מען אַריין אַ פּאָר תחתונים צום פּרעסן און מען וויל נישט אַנדערש, נאָר טאַקע גלייך... עס איז נישט קיין געשעפט, אָבער היטן דאַרף מען עס, און מן הסתם וועל איך פון דעם אַמאָל פּטור ווערן און ווידער נעמען גיין צוריק אַרבעטן, און דאַן הייבט זיך ווידער אָן אַ סדרה מיטן היטן זיך...

— איך זאָג אייך, אַז ווער עס האָט אויסגעפונען אַמעריטשקע, מעג אויף אים קומען אַ כאָלעריטשקע! עס איז נישט קיין לאַנד! אַ לאַנד, וואו מען דאַרף זיך כסדר היטן, טויג נישט! — פע!

## טענה נומער 58.

### אַלץ פון פעסל.

— נישטאָ אין אַמעריקע קיין אמתע פּרוכט! — אַזוי האָט זיך מיט מיר אָנומלט צעחקירהט אַ יידענע, מיין ווייבס אַ לאַנדספרוי, וועלכע באַזוכט אונז פון צייט צו צייט.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי? — האָב איך זיך אָנגענומען אַמעריקעס קריוודע.

— איך מיין? און וואָס מיינט איר? — מאַכט די יידענע אין אַ זייער זיכערן טאָן. — ווי קען מען גאָר אַנדערש מיינען. אָט נעמט אונזערן אַ היימישן עפּל און אַ היגן? נו, איז דאָס אַ פאַרגלייך? אונזער אַן עפּעל האָט געהאַט אַ טעם און קאָלומבוסעס איז סם...

— ווי אַזוי קומט עס? — וויל איך וויסן.

— ע, ווען איך ווייס, ווי ס׳קומט, וואָלט איך דאָן נישט געקומען קיין אַמעריקע! — מאַכט די יידענע. אַט נעמט און דערמאָנט זיך אָן אונזער אַנטאַנעווער עפּל, אי, אי, אי, ס׳האָט דאָך ממש פון זיי געריננען האָניג, און וואו זעט מען גאָר דאָ אַזוינע עפּל! און איך דענק,—מאַכט די יידענע נאָך אַ ווייל׳ע טראַכטן, — אַז דערין איז שולדיק די היגע ערד. אַז די היגע ערד איז פון אַ הוילן שטיין, איז וואָס קען פון אַ שטיין אַרויסקומען? און די מענטשן זענען אויך דאָ נישט בעסער פון שטיינער... ווייל אַזוי ווי ס׳איז דאָ נישטאָ קיין רעכטער עפּל, אַזוי איז דאָ נישטאָ קיין רעכטער מענטש. דאַכט זיך, אַזוי פיל מענטשן, אָבער וואו נעמט מען אַ היימישן פריינט, אַ היימישן יידן, מיט וועלכן מען זאָל זיך קענען דורכרעדן — נישטאָ! — היינט מאַכט די יידענע ווייטער. — אַט נעמט באַרן, איז מילא, עפּל איז ווי עס איז נאָך צו דערליידן, אָבער באַרן, די זעט מען דאָ גאָרנישט. ביי אונז אינדערהיים זענען באַרן געווען אַלע גוט, „סאַפּאַזאַנקעס“, געדענקט איר?... אי, אי, אי! היינט אפילו די קליינע באַרנלעך, אויך זיס ווי צוקער... און דאָ איז יעדער באַר צעקראָכן און ווייך, ווי אַ טויגעכץ. פרעג איך אַזוי איינמאָל אַ פּעד־לער ביי אַ פּושקאַרט*), וואו נעמט ער די פרוכט? — זאָגט ער פון פּעסל! און דאָ איז טאַקע דער גאַנצער אומגליק, וואָס אינדערהיים נעמט מען עפּל אָדער באַרן פון בוים, — און דאָ פון פּעסל... הע־רינג פון פּעסל, און עפּל אויך פון פּעסל...

— איר פאַרשטייט? און ווילט מיך נישט איינשמועסן, אַז מען קען אין די סטאָרס קריגן בעסערע פרוכט. איך זאָג אייך, ס׳איז די־זעלבע ווי פון פּושקאַרט!... נאָר וואָס דען, אין סטאָר רעכנט מען טייערער... די פרוכט קומען פון זעלבן פּעסל, און ווער ווייס, ווינפל דאָס פּעסל איז אַלט!...

— איר מיינט, אַז די גבירים עסן דאָ גוטע פרוכט און, אַז נאָר מיר, קבצנים, עסן די פוילע? ... נו, אַז אַ גליק האָט מיך גע־טראָפן מיט די גבירים!... איך פאַרשטיי, אַז אַ גביר עסט גוט... אָבער וואָס זאָלן טאָן די קבצנים? — אינדערהיים האָבן די קבצנים אויך געוואוסט פון אַ גוטן עפּל און אַ באַר, און דאָ נאָר די גבירים... איז פרעג איך אייך, מעג אויף זיי נישט קומען אַ מגפה?...

— יע, אַ מגפה, אַ מגפה! אויסקויקלען מעג זיי אַלעמען אין איין

*) אַ הענדלער מיט אַ שטופּ־וועגעלע.

טאָג. ווייל זיי האָבן גענומען אַזאַ רייך לאַנד און פאַרכאַפּט פאַר זיך... איז, מילא, די פּאַלאַצן, ווי די פּאַלאַצן, ווערט פאַרברענט מיט אייערע פּאַלאַצן צוזאַמען... אָבער אַ גוט עפּל לאָזט כאַטש פאַר אונז... אַ גוטע בער, אַ פלוים, אַ קאַרש — איז דאָס אויך נישט... און דער־פאַר מעג אויף זיי קומען אַ מגפה.

— איך שעלט, אָבער וואָס מיינט איר, איך ווייס נישט, אַז ס'איז אומזיסט? אין אַמעריקע איז די קללה קיין קללה נישט און די ברכה קיין ברכה נישט... ווייל איר פאַרשטייט, ווען קללות וואָלטן דאָ געווירקט, וואָלט שוין קאָלומבוסקע לאַנג געלעגן מיטן פּופּיק אַרויף... אַזויפיל קללות כאַפּט ער דאָ אַריין — אָבער עס נעמט נישט...

— איר מיינט, אַז קאָלומבוס איז שוין לאַנג טויט? — גייט שוין גייט! וואָס דאַרפט איר לאַכן פון אַ יידענע? וואָס מיינט איר, אַז פון אַ יידענע מעג מען שוין לאַכן?... ווען איז דאָס קאָלומבוס געשטאָרבן? מיין מאַן קויפט אַלע טאָג די צייטונג און ער האָט עס נישט געלייענט... איר זאָגט, אַז ער איז זיכער געשטאָרבן, נו, טאָ מעג אים אַרויסוואַרפן די ערד... אַזאַ רשע, האָט גענומען און פאַר־כאַפּט אַלץ פאַר זיך, אַזאַ המן!...

## טענה נומער 59.

### אַנטלויפט פון מציאות.

— איר וועט אפשר לאַכן פון מיר, איר וועט מיך אַוודאי אָנרופן גרינער, נאָר איך האַלט זיך ביי מיינס: די היגע „סיילס“*) זענען גאָר־נישט! — אָט אַזוי האָט אָנגעהייבן מיינער אַ באַקאַנטער ייד, וועלכער האָט מיך געכאַפּט, קוקנדיק אין די פענסטער פון אַ גרויסן „האַלב אויף האַלב סייל“. — איך גלויב נישט אין די אַמעריקאַנער מציאות.

*) אויספאַרקויף.

— פאַרוואָס? — האָב איך גענומען כאַפּן אַ טענה ביי מיין באַ-קאַנטן יידן.

— פאַרוואָס? — האָט ער זיך צעוואַרעמט. — פאַר גאָרנישט! ווייל איר פאַרשטייט, עס איז גאָרנישט!

— גלאַט שרייען גאָרנישט איז קיין קונץ נישט. מען קויפט דאָך אָבער דאָרט ביליקער! — האָב איך געזאָגט.

— ביליק, — שמיליק! — האָט דער ייד אויפגעהייבן דעם קול. — גלויבט נישט אין דעם! קיינער גיט נישט אַוועק סחורה אומזיסט און אויב ער גיט אַוועק, איז דאָס קיין סחורה נישט... אָט, — מאַכט דער ייד, און ווייזט מיר אָן אויף אַ שטרויענעם הוט אין פענסטער, — אָט קוקט אָן דעם הוט! אויף אים שטייט געשריבן פינף דאָלאַר און איצט גיט מען אים אַוועק פאַר אַ דאָלאַר. איז דאָך דאָס אַ מציאה? אָבער איך זאג אייך, אַנטלויפט פון דער מציאה! ווייל עס איז גזלה און גנבה... ווייל איך פרעג אייך, ווי קאָן מען אַוועקגעבן אַ פינף-דאָלערדיקן הוט פאַר אַ דאָלאַר?! און נאָך עפּעס פרעג איך אייך: וויבאַלד מען קאָן יאָ, טאָ פאַרוואָס האָבן זיי עס נישט געטאָן אין אָנהייב סע-זאָן? ווי מעג מען עס פאַר אַ היטל, וואָס קאָסט זיך אפשר אַ האַלבן דאָלאַר, נעמען פינף?! איז דאָס טאַקע רוף איך אָן גזלה. לאָמיר זאָגן, אַז איר קויפט טאַקע איצט ביליק, אָבער אויף עמעצנס חשבון. מען האָט פריער עמעצן באַגזלט!... און וויבאַלד באַגזלט, און ווי-באַלד מען האָט וואָס צו טאָן מיט גזלנים און הויט-שינדער, ווייל איך פון דיר איצט אויך נישט וויסן! ווייל איך גלויב דיר שוין נישט...

— איר וועט זאָגן, — מאַכט דער ייד, איידער איך האָב נאָך עפּעס געזאָגט, — אַז ס'איז אַ פראַגע פון סעזאָן. איז זאָג איך אייך: סעזאָן-שמעזאָן! ביי גזלנים איז אַלעמאָל סעזאָן... וואָס טויג מיר סע-זאָן, אַז אַ גאַנץ יאָר בלאָפט איר מיר און באַגזלט מיך, און ווער קען גלויבן אַ גזלן? און סתם האָב איך פיינט, אַז מען טוט מיר טובות... מסחר דאַרף זיין געגרינדעט אויף אָרנטלעכקייט, אויף אמתער מאָס, אמתער וואָג און גוטע סחורה, אָבער נישט אויף טובות! און אין אַמעריקע טוען דיר אַלע טובות... מען וויל דיך פלומרשט ראַ-טעווען און מען נעמט ביי אייך אַרויס דעם דאָלאַר פון קעשענע... און נאָך עפּעס: ווער גלויבט זיי, אַז זיי גיבן די סחורה פון פענ-

---

*) אויספאַרקויף.

סטער? אפשר שטעלן זיי נאָר אַריין אין פענסטער די גוטע — און אין קראָם גיבן זיי אַנדערע, פאַרפוילטע, אַלטע?...

— איך, ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך נישט ליב קאָלומבוסעס טובות. דאָ, אַז מען טוט אייך אַ טובה, גייט עס נאָכדעם אויס „באָקאָם". און נאָך אַ זאַך פרעג איך אייך: פאַרוואָס גראָד ענדע סעזאָן ווילן דיר אַלע טאָן טובות? און אַלע זענען זיך מקריב פאַר דיר? און פילע גייען אַרויס פון ביזנעס? פאָלגט מיך, אַנטלויפט פון די סיילס! — עס איז בכלל קיין עסק נישט פאַר מאַנסביל, נאָר פאַר היגע ווייבער. די היגע ווייבער ווילן אומלויפן, קענען אין הויז נישט איינזיצן... איז דאָס פאַר זיי אַן עסק „סיילס"... דער מאַן שוויצט אין שאַפּ און זיי גייען זוכן מציאות אין „סיילס". און פון זייערע מציאות בלייבט דער מאַן אָן אַ העמד...

— איך האַלט, אַז דער גרעסטער „סייל" איז, אַז מען צעטרענצלט נישט דאָס געלט... און מען קויפט דאָס, וואָס מען דאַרף האָבן, נישט דאָס, וואָס יענער וויל פאַרקויפן... פאָלגט מיך, אַז איך האָב רעכט, האָב איך דען קיין רעכט נישט, האַ?

# טענה נומער 60.

## פאַררוקט אין קיך.

קומט מיר אויס לעצטע וואָך צו רעדן מיט אַ היימישן יידן וועגן קינדער-דערציונג אין אַמעריקע, מאַכט צו מיר דער ייד אַזוי:

— איר ווייסט, וואו עס שטעקט דער אומגליק פון דער היגער קינדער-דערציונג?

— וואו? — וויל איך וויסן.

— אין קיך! — מאַכט דער ייד.

— וואָס הייסט אין קיך? — פרעג איך.

— אין קיך, אין קיטשען! איר ווייסט נישט, וואָס קיך מיינט? — מאַכט דער ייד און נעמט זיך מיר דערקלערן. — איר

פֿאַרשטייט, מיין פֿריינט, ווי קאָן מען אין אַמעריקע דערציִען גוט קינדער, אַז די טאַטעס, די דערציִער, ליגן אין קיך, און די מאַמעס אין די „מוּאוויס“? *). איר פֿאַרשטייט? פֿון איין זייט, אַנטלויפֿן די היגע ווייבער פֿון קיך, די קיך איז בײַ זיי טריף, זיי ווילן נישט קאָכן. און וואָס פֿאַר אַ טעם האָט אַ הויז, וועלכעס האַלט זיך אויף „אַ סענדוויטש“? און אין אַמעריקע האַלט זיך יעדעס הויז אויף „אַ סענדוויטש“... אַנשטאָט די ווייבער זאָלן קאָכן און דערלאַנגען דעם מאַן מיט דרך ארץ דאָס עסן, קאָרמענען זיי אים מיט גאָרנישט... כאַפּ-לאַפּ, און פֿאַר טעם האָט עס... און אײַנס, — מאַכט מיין ייד, — ברענגט דאָס צווייטע, עבירה גוררת עבירה: זיי, די ווייבער, אַנט-לויפֿן טאַקע פֿון קיך, אָבער דעם מאַן ווילן זיי דווקא נאָר פֿאַר-שפּאַרן אין קיך... חוץ וואָס זיי צווינגען די מענער צו וואַשן די געפֿעס, צווינגען זיי, אַז זיי זאָלן נאָך עסן אין קיך אויך. הײַנט, פֿרעג איך אײַך, פֿונוואַנען קענען דאָ זיין גוט-דערצויגענע קינדער?

— ווייל איר פֿאַרשטייט מיך, צי נישט? — מאַכט דער ייד קלאָרער זיין געדאַנק, — קינדער קענען דערצויגן ווערן אַלס יידן, אָדער אין שול, אָדער אין הויז בײַם טיש. איז די שול שפּילט דאָ אַ קנאַפּע ראָלע, און דעם טיש האָט מען פֿאַרשטעלט אין קיך און עסן עסט מען דאָ כאַפּנדיק, מען רעדט שוין נישט פֿון בענטשן, זאָל שוין זיין אָן בענטשן, אָבער אפֿילו דאָס זיצן אַליין בײַ אַ טיש, ווי מענטשן, האָט מען דאָ אויך אָפּגעשאַפֿט. נו, פֿרעג איך, איז דען אַ וואונדער, וואָס די היגע קינדער גייען אַרויס לתרבות רעה?

— איר פֿאַרשטייט מיך, צי ניין? — צערעדט זיך דער ייד נאָך וואַרעמער, — יידישקייט ווענדט זיך זייער אַ סך אָן אַ טיש. און ס'ווענדט זיך, דער עיקר, וואו דער טיש שטייט... שטייט דער טיש אין אַ סאַליע, אויבנאָן, זיצן קינדער מיטן טאַטן, ווי מענטשן, בײַם טיש — איז האָט עס אַ פּנים: פֿאַר אַ טאַטן, וואָס זיצט אויבנאָן, האָט אַ קינד דרך ארץ. רופֿט עס צערעמאָניע... אָבער די צערעמאָניע איז זייער וויכטיק... אָבער אין אייער אַמעריקע עסט דאָך דער טאַטע אין קיך בײַם סינק**), און בײַם „דאָמוועיטער“ און בײַם טאָפּ מיט מיסט, און ווי אַזוי זאָל אַ קינד האָבן דרך-ארץ פֿאַר אַזאַ טאַטן?

— און עס איז נאָך גוט, — מאַכט דער ייד, — ווען ס'איז, לכל הפּחות, אַ היבשע קיך, קענען נאָך אַלע עסן צוזאַמען, זאָל זיין

*) קינאָ. **) וואַש-שיסל.

לעבן סינק, אָבער פּאָרט צוזאַמען... אָבער די מערסטע קאָלומבוסעס קיטשענס זענען דאָך קליין און ענג, און עסן צוזאַמען קאָן מען אויך נישט, נו, איז עסט יעדערער באַזונדער, דאָס הייסט, נישט מען עסט, נאָר מען כאַפּט אָפּ... דער טאַטע כאַפּט אָפּ באַזונדער, די קינדער באַזונדער... דער טאַטע זעט נישט, ווי די קינדער עסן, די קינדער זעען נישט, ווי דער טאַטע עסט. פרעג איך אייך, וואו קאָן זיך אַ טאַטע שוין זען מיט אַ קינד, אַז ביים טיש אויך נישט?...

— און אָט אַזאַ דערציִונג קריגט מען דאָ! — האָט מיין ייד אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ. — איר הערט, די שטותעריי פון קאָלומבוסן: שטעלן שטעלט מען דאָ אָן דווקא אַ פול הויז מיט מעבל. טשעפּוכעס, גאַרנישט, לאָמפּן, טישלעך, בענקלעך, שמאָכטאַלקעס, אָבער דעם ריכטיקן טיש צום עסן, דעם עיקר פאַררוקט מען אין קיך... גוואַלדאָווגע חכמים אייערע אַמעריקאַנער!... אין אַמעריקע האָט מען אַ סך טישן: אַ ווינקלטישל דאָ, אַ ווינקלטישל דאָרט, אָבער דעם טיש, וואו מען דאַרף עסן צוזאַמען, דער פונדאַמענט פון הויז, איז נישטאָ... פונקט ווי מיטן פאָטערשטול. מען האָט דאָ אַ סך שטולן, שאָקלשטולן און גלאַט שטולן, אָבער דער פאָטערשטול איז דאָ נישטאָ...

און ווייסט איר, פאַרוואָס? — מאַכט דער ייד שוין מיט אַ שטיקל כעס, — ווייל דאָ זענען קיין טאַטעס נישטאָ! מען האָט דאָ רעספּעקט פאַרן טאַטן, פונקט ווי פאַר דער קאַץ... איך זאָג נישט הונט, ווייל הינט האַלט מען דאָ דווקא בכבוד גדול... ביי אונדז אין הויז איז דאָ אַ פּרוי, אַ יידישע, און דווקא אַ ליטוואַטשקע, איז דעם מאַן טרייבט זי צען מאָל אַ טאָג פון הויז, אַזוי זאָגן אַלע שכנים, אָבער אַ הינטל האָט זי, היט זי עס דווקא אָפּ, פירט עס אַרויס אויף אַ שפּאַציר צוויי מאָל אַ טאָג, איינדערפרי און פאַרנאַכט... דאָס הינטל האָט ביי איר דווקא אַ גוטע מערכה!...

— עך, מיין פריינט, וואו נעמט מען די היימישע טישן? דער טאַטע פלעגט זיך זעצן אויבנאָן, די קינדער מיט דרך ארץ פון איין זייט, די מאַמע אין דער צווייטער זייט. דער טאַטע פלעגט מוזן אַליין יעדן געבן אַ „המוציא”, צעשניידן דאָס פלייש, די קינדער פלעגן מוזן אָפּזיצן ביזן סוף פון מאָלצייט... אָבער דאָ איז דאָך אַן עסק מיט סענדוויטשעס. וואָס איז דאָ פאַראַן צו שניידן, וואָס? די מאַמע עסט איר „סענדוויטש” ביים פענסטער, דער טאַטע ביים סינק, און די קינדער עסן גאָר אין דרויסן...

און איך פרעג אייך, פונוואנען זאָלן דאָ קינדער האָבן שיינע מידות? א קינד מוז דאָך פון עמעצן לערנען, און דער עיקר וואָס איך קען נישט משיג זיין: פאַרוואָס איז מען דאָ אזוי מזלזל מיטן טיש? פאַרוואָס איז דאָ צייט אויף אלץ: אויף קריגן זיך מיט דער ווייב, אויף באַרעדן די שכנים, אויף מואווינג פּיקטשורס*), און אויף שפּילן אין קאָרטן — נאָר נישט אויף צו עסן, ווי מענטשן?

— און איר הערט, — מאַכט דער ייד, — ווען איך בין א שטיקל דעה-זאָגער אין אמעריקע, וואָלט איך דאָס ערשטע ארויסגעגעבן א באַפעל: מאַנסביל ארויס פון קיך! מען זאָל נישט טאָרן עסן אין קיך!... איך וואָלט געמאַכט א יציאת-קיך, פּונקט ווי א יציאת מצרים!.. א טאַטע, א באַלעבאָס פון הויז, מוז האָבן אן אויבנאָן, וויסן וואו ער זיצט, און א טיש צום עסן מוז האָבן דעם ריכטיקן אָרט.

—איר הערט, וואָס איך וויל אייך זאָגן, — פאַרענדיקט דער ייד,— אמעריקע קען נישט האָבן קיין קיום נאָר צוליב אָט דער זאַך, וואָס זי ווייס נישט וואו אוועקצושטעלן דעם טיש צום עסן... יאָ, יאָ, עס איז נישט קיין געלעכטער, מיין פריינט!

## טענה נומער 61.

# אָן שטיוול.

— איר זאָגט מיר, אז אמעריקע טויג, אז אמעריקע איז א גוט לאַנד? — פרעג איך אייך אָבער, ווי קאָן א לאַנד טויגן, אז זי האָט נישט קיין שטיוול! — אָט אזוי האָט זיך צעטענהט אנומעלט פאַר מיר א היימישער קליינשטעטלדיקער ייד פון סאַמע פאָלעסיע.

— וואָס איז דער יחוס מיט שטיוול? — גיב איך אים א פרעג.

*) קינא.

אַ שנײַ, אַהאַ, מען ראַמט אים שוין! פֿאַרוואָס? ווײַל דאָ איז נישטאָ קיין שטיוול...

— איך זאָג אײַך, אַפֿילו בלאָטע איז אַ נײטיקע זאַך... אַ וועלט מוז האָבן בלאָטע, ווײַל כּסדר טרוקן, ווי דאָ, טויג נישט, אַ טרוקן לעבן... ווײַל ווער האָט אין אמתן אינדערהיים געהערט די בלאָ־טע? — אַ פּאָר גוטע שטיוול און מען איז געגאַנגען אין די גרעסטע בלאָטעס, ווי אַ פֿריץ...

— איך זאָג אײַך, אַז אָן בלאָטע טויג נישט. אינדערהיים האָט מען געוואוסט, אַז ווען די בלאָטע טריקנט אויס, איז זומער, אָבער דאָ וואָס ווייסט מען?

און זאָל שוין זײַן נישט קיין שטיוול, איז כאָטש קאַלאָשן, וואָלטן כאָטש געווען דאָ רעכטע קאַלאָשן? אינדערהיים אַ פּאָר קאַ־לאָשן, זענען זיי, ראשית, געווען הויך, צווייטנס, גוט אונטערגעשלאָגן און, דריטנס, האָט מען זיי געקענט אָנטאָן... און דאָ, איז אי זיי זענען נידעריקע, אי זיי זענען ווײך, ווי קאַשע... אויסטאָן איז נאָך אַ האַלבע צרה, אָבער אָנטאָן, — אַ שרעק! און איך פֿרעג אײַך, ווער דאַרף אַזעלכע קאַלאָשן?

איר זאָגט, אַז די קאַלאָשן, וואָס זענען געווען אינדערהיים, זענען אויך געווען אַמעריקאַנער! — איר וועט דערציילן אַן אַנדערן, נישט מיר! רוסלאַנד האָט געהאַט אייגענע קאַלאָשן... נישקשה, מיר האָבן אויך געקאָנט... מיט די היגע קאַלאָשן, איז ווי מיט די קאַר־טאָפֿל. אָט זאָגט מען דאָך דאָ, אַז אויך קאַרטאָפֿל זענען היגע גע־באָרענע, אָבער איך פֿרעג אײַך, וואו זענען געווען בעסערע קאַרטאָפֿל: דאָ, צי בײַ אונז? בײַ אונז אַ קאַרטאָפֿל איז זיך צעפֿאַלן אין מויל, זי איז געווען אי מעליק, אי געשמאַק, און דאָ איז זי בלויז וואַסערדיק... איר פֿאַרשטייט, אפֿשר האָט טאַקע אײַער עדיסאָן אויס־געטראַכט די קאַלאָשן, אָבער „יוראָפּ" גיט די ריכטיקע סחורה, און דאָ בלאָפֿט מען...

עך, ווי ס'בענקט זיך מיר נאָך די היימישע שטיוול, היימישע קאַלאָשן, היימישע בלאָטעס! וואָס טויגן מיר דאָ די אַלע גליקן, וואָס מען עסט דאָ אויף נאָך אַ בויגל אויף אָנבײַסן? — עסן איז דאָך נאָך אַלעמען נישט דער עיקר! דער עיקר איז זיך פֿילן גוט, און ווי קען מען זיך פֿילן גוט אָן שטיוול?

— וואָס איז דער יחוס? — מאַכט דער ייִד און דערביי דרייט ער מיטן קאָפּ. — דער יחוס איז, אַז שטיוול זענען נישט קיין שיך... איר פאַרשטייט, ביי מיר איז אַ שטיוול פּונקט אַזאַ יחוס, ווי אַ באָרד: אַ מענטש אָן אַ באָרד איז ביי מיר קיין מענטש נישט, עס איז גלאַט אַזוי, אַ גלאַטע חיה, און אַ מענטש אָן שטיוול איז ביי מיר אויך פּונקט דאָסזעלבע... איך זאָג אייך: אַז אַ מאַנסביל, וואָס טראָגט נישט קיין שטיוול, איז ביי מיר אַ ייִדענע, נישט קיין מאַנסביל. אַ טראָט פון אַ שטיוול איז נישט דער טראָט פון אַ שיכל. אַ שיכל איז אפשר אַן איידעלע זאַך, אָבער אַ שטיוול איז פאָרט אַ העכערער ענין... ווען מען טוט אָן אַ שטיוול, ווייסט מען אַז מען איז אַ מאַן און מען קען גיין אומעטום. טרוקעניש, בלאָטע, — אַלצאיינס... אַ רעכטער שטיוול האָט פאַר גאָרנישט קיין מורא נישט, אָבער אַ שוכעלע, איך פרעג אייך, וואָס קען מען טאָן מיט אייערע שיך? דער גאַנצער יחוס זייערער איז, וואָס זיי האָבן ברייטע נעזער. — אַ גוואַלדאָווער יחוס! — איר פאַרשטייט? מיט אַ שוך קאָן מען ווייט נישט דערגיין. מען גייט און פּלוצלונג, אַהאַ, עס האָבן זיך אָפּגעבונדן די בענדלעך, און דו שטעל זיך אינמיטן גאַס זיי פאַרבינדן... הייַנט נעמט, אַז עס מאַכט זיך אַ רעגן, — איז אין אַ פּאָר שטיוול קאָן מען גיין אין גרעסטן רעגן. אַדרבה, עס איז גאָרנישט, מען קאָן דען איינגעצן די פיס אין שטיוול? אָבער מיט שיך, וואָס קאָנט איר? — גיין צו אַ חתונה ... און צו אַן אַמעריקאַנער חתונה... — הייַנט וואו איז ווינטער? ווינטער, אַז מען טוט אָן אין דערהיים אַ פּאָר גוטע שטיוול, איז ווער פראָסט, ווער שניי? דו פילסט, אַז דו טראָגסט עפּעס, אָבער דאָ ביי אייער קאָלומבוסן, אויך מיר אַ לעבן...

— איר זאָגט, אַז אין אַמעריקע דאַרף מען נישט קיין שטיוול, ווייל דאָ זענען נישטאָ אַזעלכע שנייען, שוין אָפּגערעדט פון בלאָטעס, זיי זענען דאָ גאָרנישט בנמצא. איז זאָג איך אייך: אַ גליק האָט אייך געטראָפן! איך ווייס נישט, ווי קען מען לעבן אָן אַן אמתן ווינטער און אָן שניי. און אַפילו אָן בלאָטעס. יעדע צייט פון יאָר דאַרף האָבן איר פּנים. ווינטער דאַרף אויסקוקן ווי ווינטער, און זומער ווי זומער, און דערפאַר טאַקע ווייסט מען דאָ ביי אייך נישט פון קיין לעבן, ווייל ווינטער און זומער איז דאָ אַלצאיינס... עס איז נישט קיין ווינטער און עס איז נישט קיין זומער. פאַלט אויס

# טענה נומער 62.

## א לייכטער קערבל.

— איר האָט געזען אַ מדינה? מען זאָל דאָ נישט קענען מאַכן אַ לייכטע פּאָר דאָלאַר! — אַזוי האָט אָנגעהייבן מיט מיר אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, אַ געוועזענער היימישער מעקלער, און דאָ, נעבעך, אַ פּרעסער ביי פּרויענמאַנטלען.

— קען מען עס אָנרופן אַ לאַנד. ווי אַלע לענדער? אַי, מען מוז דאָ נאָר שטענדיק אַרבעטן און שווער אַרבעטן?!.. גיין אין שאַפּ, שוויצן און האָבן דערפון קדחת מיט כשרע פּאָדעם!

— וואָס ווייסט איר, וואָס עס מיינט אַ היימיש לעבן! אַ היימיש לייכט קערבל! אינדערהיים האָט מען געקענט גאַנצע וואָכן און חדשים אומגיין ליידיק איבערן מאַרק, גאָרנישט נישט טאָן, און דאָך האָט אין הויז גאָרנישט געפעלט... ווי אַזוי? אָט דערין ליגט דאָך דער גאַנצער חילוק פון יוראָפּ און אַמעריקע. אינדערהיים קען מען מאַכן אַ לעבן פון ווינט, — און דאָ מוז אַפילו אַזאַ ייד, ווי איך, אויך שוויצן ביים פּרעס-אייזן. — זיך שיין אַרויפגעאַרבעט!

— ס'איז, זאָג איך אייך, אַ פאַרשאָלטענע מדינה! מען ווייס דאָ נאָר צו אַרבעטן, ווי די פערד און אַרויסזאָגן פון זיך די כוחות. איר זאָגט, מען לעבט דאָ אָבער פאָרט בעסער? — זאָג איך אייך: ס'איז נאַרעריי. שקר וכזב! מען וואוינט דאָ טאַקע אין שענערע רומס, אָבער איך פרעג אייך, ווער קוקט זיי אָן, אָט די שיינע רומס? איך פרעג אייך: צו וואָס טויגן רומס, אַז מען ליגט פאַרלייגט די גאַנצע צייט אין שאַפּ?! און דעם טאָג, וואָס מען איז פריי, האָט מען פּשוט קיין כוח נישט. מען קאָן קוים פאַנאַנדערקלייבן די כוחות, און ווען מען ליגט גאָר אין זינען הנאה האָבן פון דער דירה? און טאָמער אפילו נישט, איז האָט שוין אַמעריקע אַן אַנדער „פּעטען"*) נישט צו לאָזן אייך הנאה האָבן פון די רומס... איר זייט שבת אָדער זונטיק אינדערהיים, נו, איז דאָך אויף דעם דאָ ביי ביי-קערידזשעס**) אין אַמעריקע. נו, שיקט אייך

*) דערפינדונג. **) קינדער-וועגעלעך.

דאָס ווײַב אַרויס מיט דער קאַרעטע — „ויסעו בני ישראל‟, פּאַר. ברודער, איך גאַס אַריין! און איר קוקט שוין ווידער נישט אָן אײַערע שײנע רוטס!

— באמת, ס'איז שווער צו מאַכן אַ לעבן בײַ אײַער קאָלומבוסן. אי, די הײם, די הײם! איך וועל אײַך דערצײלן אַ מעשה, וועט איר זען, וואָס „יוראָפּ‟ איז, אַז מען דאַרף קושן יוראָפּס ערד! ס'איז גאָר נישט אָפּצושאַצן ווי גרינג מען מאַכט דאָרט אַ קערבל. און איר ווײסט פאַרוואָס? — ווײַל דאָרט זענען פאַראַן פּריצים, אַרום אַ פּריץ קאָן מען אָפּלעקן אַ בײנדל... און פון ווען קאָנט איר דאָ מאַכן אַ לײכטן טאָלער, פון אַן אַפּרײטאָר? אַז אַלע זענען דאָ אַפּרײטאָרס!... אַ הײמישער פּריץ ווערט טאַקע אַמאָל משוגע, עס פאַרדרײט אים דער קאָלטון, און ער קען אײַך אַנזיד ען אַדער אפילו אַנרײצן אויף אײַך זײַנע כּלבים פאַר גאַרנישט מיט גאַרנישט, גלאַט אַזוי, אַ מענטש נעמט און גײט אַרונטער פון זינען... אבער דערפאַר אין די גוטע מינוטן, ווען איר טרעפט אָן דעם פּריץ גוט געשטימט, — דאַן קאָן ער אײַך טאָן די גרעסטע טובות. דאַן קענט איר אַרום אים אָפּלעקן אַ בײנדל... און אפילו ווערן אַ גביר אויך...

— איך וועל אײַך דערצײלן אַ מעשה: לעבן אונזער שטעטל איז געווען אַ יונגער פּריץ, אַ הולטאַי, אַ שיכּור, אַ צעלאָזענער יונג, אָבער וואָס מאַכט עס אויס? — אַ לעבן אַרום אים האָט מען געמאַכט. אויך איך האָב זיך אַרום אים געדרײט, אַמאָל פאַרמעקלערט אַ שטיקל וואַלד, אַמאָל געדונגען אָן אָזערע אויף פיש פאַר מינסקער סוחרים, הכּלל געכאַפּט פעט פון בײדע צדדים. אָבער אײנמאָל האָב איך בײַ אים גלאַט געמאַכט אַן אַפּותיקא און פאַר גאָרנישט... הערט אַ מעשה: אונזער הולטאַי האָט ערגעץ פאָטשאַפּעט אַ נקבהלע פון אַ נאָענט שטעטל און זי געבראַכט צו זיך אין הויף, פאַר אַ ווײַב, צי פאַר אַ ליובאָווניצע, דער שוואַרצער יאָר ווײסט אים, וואָס איז בײַ די לײט די נפקא מינה? איז זי אָפּגעווען בײַ אים אין הויף עטלעכע וואָכן, און פּלוצלונג, — איז זי נעלם געוואָרן... פאַרוואָס? אַנדערע זאָגן, אַז ער האָט זי געשלאָגן, אַנדערע זאָגן, אַז נאָך ערגער: ער האָט זי גאָר געשמיסן, פּראָסט-פּשוט, געגעבן שמיץ. דער שוואַרץ יאָר ווײסט דעם אמת! אויף אַזעלכע הולטאַיעס קענט איר אַלץ גלויבן. קורץ: זי איז נישט געוואָרן... און דאַן שיקט דער פּריץ מיך רופן און זאָגט צו מיר: בערקע, איך

ווײל, דו זאָלסט מיר אויסגעפינען וואו מײן פריצטע איז. און דערפאַר װעל איך דיר גוט באַפרידיקן. האָב איך קײן סך נישט געקלערט, כאָטש איך האָב באמת נישט געוואוסט וויאַזוי איך וועל עס קענען טאָן, און האָב געזאָגט: גוט, פריצל! אוודאי וועל איך אויסגעפינען! און נאָך אין דעמזעלבן טאָג בין איך אַוועק אין נאָענטן שטעטל, אַרײַן אַהער, אַרײַן אַהין, אַ שמעק דאָ, אַ שמעק דאָרטן... איר ווײסט דאָך, צווישן ײדן קאָן מען אַלץ אויסגעפינען .. און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אונזער נקבהלע, אַ דיאַקס אַ טאָכטער, איז איצט בײ אירער אַ מומע אין אַ דאָרף. בין איך גלײך אַוועק אין יענעם דאָרף, פאַרפאָרן צו אַ גוי און זיך געמאַכט, ווי איך וואָלט געוואָלט קויפן אַ ביקל, און דערווײלע זיך נאָכגעפרעגט אויף דער מומען. ערשט עס איז אַ רײכע אַלמנה, אַ פּאַסעסערקע. בין איך אַוועק אַהין אויך, ווי איך וואָלט געוואָלט קויפן אַ בהמה. און דערווײל האָב איך דאָרט געזען די נקבה, אַוודאי זי איז דאָרט!... האָט מיר נישט געפּאַסט, האָב איך טאַקע געקויפט אַ יונג בהמהלע, און טאַקע אַ מציאה אויך... איך האָב זיך געקלערט אַזוי: ווען מיר דער פריץ אומקערן פאַר דער בהמה, איז גוט, טאָמער נישט, קאָן איך די בהמה אַלצאײנס פאַרקויפן מיט ריוח... קורץ, איך האָב גענומען די בהמה און בין אַוועקגעלאָפן צום פריץ. געקומען מיט דער בהמה אויפן הויף, איז מיר דער פריץ גלײך אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן. — נו? — האָט ער אויסגערופן. — וואָס הערט זיך, בערקע! — איך האָב זי! מאַך איך. וואָס, די בהמה? — לאַכט דער הולטאַי. — נײן, די פריצטע, — מאַך איך. און דערצײל אים די גאַנצע מעשה. איז ער צעפרידן און שפּאַנט גלײך אײן די סוסים און היידאַ אַהין אין דאָרף. בקיצור: ער האָט זיך געזאָמט אַ טאָג און האָט די נקבה געבראַכט צוריק... האָב איך אָפּגעוואַרט נאָך אַ טאָג און בין אַוועק אין הויף. און וואָס מײנט איר, וואָס? — ערשטנס: האָט דער פריץ מיר געגעבן צווײ פּעטש איבער דער פּלײצע, און נאָכדעם האָט ער געהײסן דערלאַנגען אַ פלאַש פון דעם אמתן ספּירט. — דו האָסט מיך, בערקע, פשוט גליקלעך געמאַכט, און לאָמיר טרינקען לחיים! — און ערשט נאָכדעם, ווי מיר האָבן אויסגעליידיקט די גאַנצע פלאַש, האָט ער אַרויסגענומען זעקס הונדערטער, נאָך נײע, קנאַקענדיקע אַפילו, און מיר זײ אויסגעלײגט אויפן האַנט: אײנס, צווײ, דרײ, פיר, פינף, זעקס... דאָס, זאָגט ער, בערקע, איז פאַר דײן אַרבעט.״

נו, פרעג איך אייך, קאָן אַזאַ זאַך פּאַסירן אין אייער אַמע־ריקע? זעקס הונדערט רובל מיט איינמאָל און פּאַר גאָרנישט! דאָ אויף זעקס הונדערט רובל דאַרף מען דאָך שוויצן ביים אייזן אַ גאַנצן סעזאָן! און האָבן וואָס צו טאָן מיט דער „יוניע" און מיט נישט דער „יוניע"!

— אָט דאָס, וואָס איך זאָג אייך: אינדערהיים, אין „יוראָפּ", זענען דאָ אַנדערע צרות, אָבער וואָס, וואָס, אַ לייכטן קערבל האָט מען דאָרט געקענט מאַכן...

## טענה נומער 63.

### בענקט נאָך רחבות.

צערעדט זיך מיט מיר אַ ייד, אַ היימישער באַלעבאָס, וועגן אַמע־ריקע, און דער ייד האָט זייער אַ סך טענות צו אַמעריקע. ראשית: ווער האָט זי אײַנגאַנצן אויסגעטראַכט, אָט די אַמעריקע? ווער דאַרף זי? ווען נישט אַמעריקע, וואָלט ער דאָך געבליבן אינדערהיים און אויסגע־לעבט זיינע יאָרן, ווי אַ ייד, אין זיין אייגענעם הויז, און דאָ וואַלגערט ער זיך אין דירות! און די בעסטע דירה איז פאָרט נישט קיין אייגן הויז... אַך, ווי גוט עס איז אים געווען אינדערהיים! אינדערהיים האָט האָט מען אים געצאָלט דירה־געלט, און דאָ דאַרף ער צאָלן די ראַזי־באָיניקעס, די הויט־שינדער!... אָט איז ער דאָך אינדערהיים אויך גע־ווען אַ לענדלאָרד, נו, האָט ער דען געריסן די הויט? גענומען פאַרן גאַנצן אַלקער בלויז פינף און צוואַנציק רובל אַ יאָר... איר הערט — אַ יאָר, נישט קיין מאָנאַט!.. און וואָס רעדט ער בלויז אַלקער... און דאָס גאַנצע הויז האָט דען זיין שכן נישט געהאַט? — מען האָט געקאָכט, געוואַשן וועש, געגעסן אין „סטאלאווע". פאַרנומען דאס הויז כמעט ווי ער אַליין — און אַלץ פאַר פינף און צוואַנציק רובל!... נו, קען מען אַזאַ זאַך דערווייזן אין אַמעריקע?

— און איר מיינט, אַז דער עיקר איז דאָ געווען די פינף און צוואַנציק רובל? פינף און צוואַנציק רובל איז טאַקע געווען געלט, אַ מטבע! אָבער דאָך נישט דער עיקר... דער עיקר האָט מען פאַרדונגען אַ צימער, כדי עס זאָל זיין הימלעכער אין הויז... און אויך דערפאַר, ווייל אַ מענטש טאָר זיך בכלל נישט פאַרגינען צופיל... וואָס הייסט, אַליין פאַרנעמען אַ גאַנץ הויז פון פיר צימערן? מען טאָר זיך אויף אַזויפיל נישט נאָכגעבן... ווייל אַ מענטש קען גאַנץ פיין לעבן אין דריי צימערן אויך... דערהויפּט ווען די היימישע צימערן זענען דאָך נישט קיין אַמעריקאַנער רומקעס, אין וועלכע מען קען זיך נישט אַדורכקוועטשן... מען האָט געהאַט אינדערהיים צימערן, האָט מען געקענט אין זיי שפּאַצירן — גאַנצע פעלדער זאָג איך אייך!... ווייל אינדערהיים האָט מען געוואוסט, אַז מען לעבט... מען האָט זיך פיינט געהאַט צו שטיקן... מען האָט ליב געהאַט רחבות.

— הייסט עס, אַז אינדערהיים בין איך אויך געווען בבחינת „לענדלער", אָבער אַלץ הייסט אַ „לענדלער"... אינדערהיים, ווען חיה־ריווע, וועלכע האָט ביי מיר אָפּגעוואוינט צוועלף יאָר, האָט נישט געהאַט צו צאָלן פאַר דער דירה, נו, האָב איך איר עפּעס געטאָן? — חס ושלום! מיר האָבן געוואַרט, מיר האָבן געוואוסט, אַז זי איז, נעבעך, איינע אַליין די פאַרדינערן, ווייל איר יאָסל־דוד איז אַ ייד אַ גאָרנישט. דאָס הייסט, נישט קיין גאָרנישט, ווייל דער ייד איז געווען אַ ייד אַ למדן, אָבער צו פּרנסה איז ער געווען גאָרנישט און דעם גאַנצן עול פון פּרנסה האָט זי געטראָגן אויף זיך, די חיה־ריווע... נו, איז אַז זי האָט נישט געצאָלט, איז וואָס? און אַז זי איז איינמאָל אונז געווען שולדיק פאַר אַ יאָר און אַ האַלב דירה־געלט, איז דען אונז איינגעפאַלן זי צו „מאַכן צו מופן", ווי מען זאָגט דאָ? — וואָס הייסט? זי איז דאָך געווען פאַררעכנט כמעט פאַר אַן אייגענע... אַריין אין דער משפּחה... האָבן מיר געוואַרט!

— אָבער דאָ וועט אייך קאָלומבוסעס אַ „לענדלער" וואַרטן? — צאָלסטו, ביזטו אַ פיינער מאַן, נישט — מוף!*). אי, מען זאָל זיך רעכענען מיט אומשטענדן? אפשר האָב איך נישט, קען נישט?... — אַמעריקע איז אַ מדינה פון רוצחים. מען שטעלט דיר אָן די האַק איבערן האַלדז און דו גיב! ווען נישט, קוילעט מען דיר, ווי אַן אָקס...

*) קלייב זיך אַרויס.

— יע, און אָט נעמט אַפּילו אַזאַ זאַך טאַקע, ווי באָרדערס*): אינ־דערהיים באָרדערס. — און דאָ!... איז אינדערהיים אַ שכן, האָט מען אים אַריינגענומען אין הויז צוליב פריילעכקייט וועגן. אָט, זאָל זיין נאָך אַ מענטש אין הויז! אָבער דאָ נעמט מען אַריין אַ באָרדער, — און מען האָט אים פיינט... אין אַמעריקע האָט מען זיך ליב פיינט צו האָבן!... ביי אונז אינדערהיים האָבן מיר חיה־ריוועון גערעכנט פאַר איי־גענער משפחה, און האָט איר עפּעס אויסגעפּעלט, האָט איר מיין אַלטע ע״ה אַלץ געגעבן: זאַלץ, פעפער, אַ ציבעלע. און וואָס נישט? אָבער דאָ אַ באָרדער גיט מען אים אַ בעטל, אַ טישל, אַ שטול, — און דאָס איבעריקע — מעג ער זיך אויסגיין פון הונגער...

— ווער קוקט זיך אַרום אין אייער אַמעריקע אויף אַ באָרדער? צי עסט ער, צי שטאַרבט ער פון הונגער? איך האָב דאָ די ערשטע צייט געוואוינט ביי מיינעם אַ זון, איצט וואוין איך שוין אַליין אין רומס... נו, האָט ער געהאַלטן אַ באָרדער אויך... מיין זון איז דווקא נישט קיין אָרעמאַן, איז אין ביזנעס און האָט אַ גרויסע דירה... איז האָט דער באָרדער, ווייזט אויס, אַן איידעלער יונגערמאַן, פון די היימישע לערנער, געוואוינט ביי מיין שנור איבער אַ יאָר, און פאַר דעם יאָר, פרעג איך אייך, האָט מען דעם מאַן אַמאָל איינגע־לאַדן צום טיש? — אַ פרעמדער אין הויז!... און איך זאָג אייך, דער מענטש האָט געהונגערט. איך האָב עס דערקענט אָן זיין פּנים... רוף איך זיך אָן איינמאָל צו מיין שנור: טאָכטער, גלויבסטו נישט, אַז דער שכן אונזערער הונגערט אונטער? ענטפערט זי מיר מיט כּעס: שווער! וואָס איז דאָס אייער עסק! זאָג איך: סטייטש, אַ מענטש אין איין הויז מיט אונז? זאָגט זי: ווען ער וואָלט געוואָלט אַרבעטן, וואָלט ער נישט געהונגערט. ווער הייסט אים ליגן גאַנצע טעג אויף די ביכלעך! — איר הערט אַ לשון! וואָלט דאָס געקענט פּאַ־סירן אינדערהיים? אַזאַ בחור, אַ לערנער, וואָלט מען דאָך פאַרצוקערט... און אויב מען האָט אַ טאָכטער, וואָלט מען אים מקרב געווען, ווייל טאָמער וועט אפשר גאָר זיין אַ שידוך... אָבער דאָ אין אַמעריקע איז אַ לאַנד פון כּולו חומר... ווער דאַרף דאָ לערנער און איידעלע יונגעלייט? — פאַרדינער דאַרף אַמעריקע! עך, אייער אַמעריקע!

*) קוואַרטיראַנט.

# טענה נומער 64.

## אָן טעם.

אַ יידענע אין די טיפע פערציקער, אַ היימישע, מיטן היימישן טיכל נאָך, און מיטן היימישן קרעכצעלע און קוקעלע.

צעשמועס איך זיך לעצטע וואָך מיט איר וועגן פארשידענע ענינים, ביז מיר קומען אַרויף אויף אַמעריקע.

— דאָס לעבן טויג דאָ נישט, — צערעדט זיך די יידענע. — עס איז קיין לעבן נישט! אַט נעמט אַפילו אַ ביסל גוטע זופּ... נו, האָט מען עס אין אַמעריקע? — איך בין דאָך אַ גוטע באַלעבאָסטע און איך גיי אַליין אין „מאַרקעט"*), קלייב אַליין אויס די בעסטע טשיקען און קאָך אַליין, און נישט קיין גרויסע טעם אויך, ווייל מישטיינס געזאָגט, פאַר וועמען! אַז מיינע עלטסטע קינדער זענען מיר אַוועק־געשטאָרבן, — אַ זון און אַ טאָכטער. יונגע ביימעלעך, — זי ווישט זיך אָפּ אַ טרער. — ביידע נישט דערלעבט אַפילו ביז פופצן יאָר... האָב איך נישט מער ווי איין קינד, אַ טאָכטער. באַלד ניינצן יאָר. אַ שיין מיידל, אַ געראָטענע. און איך און מיין אַלטער... איז, פאַר־שטייט איר דאָך, אַז איך דאַרף נישט קאָכן קיין גרויסע טעפּ, — און דאָך, ווען איך קאָך אָפּ דאָס ביסל זופּ, האָט עס קיין טעם נישט... פרעג איך אייך: פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? דאכט זיך, דאָסזעלבע ביסל זופּ אינדערהיים איז געווען אַ דערקוויקונג, אַ פאַרגעניגן אין מויל צו נעמען, זיס ווי צוקער, און דאָ איז דאָס זויער...

— איר זענט דאָך עפּעס שוין לענגער פאַר מיר אין אַמערי־קע, פרעג איך אייך, גיט מיר צו פאַרשטיין דעם שכל: פאַרוואָס איז אינדערהיים די זופּ אַ מאכל מלכים, — און דאָ גאָרנישט?...

איך רעד אַלעמאָל מיט מיין אַלטן וועגן דעם, ווייסט ער אויך נישט. אים געפעלט סתם גאָרנישט דאָ, ער ליידט אויפן מאָגן... אינדערהיים געווען אַ געזונטער ייד, אַ גיבור! מיר זענען געווען קרעמער, פלעגט

*) מאַרק.

ער איינער אַליין אויפהייבן אַ זאַק מעל און אַרויפלייגן אויפן פּלייצע. פון זעק ציבעלע און קאַרטאָפל איז דאָך אָפּגערעט... און דאָ איז ער אַ חלוש, הוסט, קרימט זיך... אַמעריקע האָט פון אים געמאַכט אַ תל... כאָטש ער אַרבייט, דאַכט זיך, דאָ גרינגער, ווי אינדערהיים.

— וואָס טוט ער? — ער גיט אַכטונג אויף אַ שאַפּ ביי זיינעם אַ ברודער. יענער איז טאַקע אַן עושר, אַ חזיר, דאָך אַן אַמעריקאַנער ברודער... גיט מיינער אַכטונג אויפן שאַפּ... וואָס הייסט עס? עס הייסט, ער קערט אויס, זעט אַז די מאַשינען זאָלן שטיין אויף די פּלעצער, גריים צו אַלץ, וואָס מען באַדאַרף צו די מאַשינען... איך ווייס, עס איז, דאַכט זיך, נישט שווער... נאָר מיינער באַקלאָגט זיך: ער קאָן דעם שטויב נישט פאַרטראָגן, די פּלייצע ברעכט אים, און די לופט... און אויך צאָלן האָט דער ברודער, דער חזיר, געמעגט מער. ער צאָלט אונז בלויז פופצן דאָלאַר אַ וואָך... עס איז זייער ווייניק. אַ גליק נאָך, וואָס דאָס מיידל מיינע טראָגט אויך אַריין פופצן דאָלאַר, זי איז אַ בוכהאַלטערקע... אַ גרויסע קענערין, אַ בריה! צוזאַמען איז עס שוין עפּעס... אָבער איר ווייסט דאָך, אַ מיידל אין אַמעריקע דאַרף האָבן אַ סך: אירע פופצן דאָלאַר גייען כמעט אַוועק אויף איר אַליין... כאָטש מיין טאָכטער איז נישט ווי די אַמעריקאַנער קינדער: זי גיט אַלץ אָפּ דער מאַמען, ברעגנט די פּיידע*) — גלייך דער מאַמען! — אָבער עס וואַרעמט זיך דען אָן?... דאָס דאַרף זי אַ קלייד, דאָס דאַרף זי אַ שוך און היטעלעך... קיין, עין הרע, אַ מיידל פון ניינצן יאָר, דאַרף זי שוין!...

— אַלזאָ, איך האָב אייך געוואָלט זאָגן וועגן זופּ. איז פרעג איך אַלעמאָל ביי מיין אַלטן, וואָס איז די מעשה מיט דער היגער זופּ, וואָס זי האָט קיין טעם נישט? זאָגט ער: איך וועל דיר דערקלערן, עס איז צוליב דריי טעמים: ערשטנס, טויג דאָ נישט די טשיקען. צווייטנס, איז עס, ווייל מען קאָכט אויף גאַז... און, דריטנס, ווייל דאָס היגע וואַסער איז קיין וואַסער נישט...

— הייב איך אָן מיט אים „ספּאָרען": ניין, זאָג איך, די טשיקען טויג יע... וועסט מיר נישט איינשמוסן, אַז איך בין נישט קיין מבין אויף אַ הון!... איך קאָן אַפילו אינדערפינסטער אָנטאַפּן וואָס איז אַ גוטע הון און וואָס נישט... און וועגן פייער גלויבט זיך מיר אויך נישט. וואָס איז דער חילוק, זאָג איך, דער פייער, יענער פייער...

*) געהאַלט.

פייער איז פייער! אַבי עס ברענט! איז סיידן דאָס וואַסער... אויף דעם, זאָג איך, ווייס איך שוין נישט. דאָס היגע וואַסער שמעקט מיר טאַקע נישט... עס האָט נישט דעם היימישן טעם...

— און ווי דענקט איר? אָבער איר ווייסט וואָס מיין אַלטער טענהט: אַז דער גאַז איז אויך אַ סך שולדיק. איר פאַרשטייט, ער זאָגט, אַז דער גאַז האָט אַ שלעכטן ריח... און דער ריח גייט אַריין אין דער זופּ... אַ פייער פון האָלץ, זאָגט ער, איז גאָר אַנדערש, — אָבער גאַז איז גאַז...

— אַזוי, צי אַזוי, — מען קאָן אין אַמעריקע נישט קריגן קיין רעכט ביסל זופּ... אוי!... איך בין שוין דאָ געווען אויף חתונות, בריתן און גלאַט שמחות. אומעטום זופּ, נאָר אומעטום האָט עס קיין טעם נישט... און ווען איך פאַרזוך פרעמדע זופּ, זע איך, אַז מיין זופּ איז שוין בעסער...

— איר זאָגט, אַז עס האָט וואָס צו טאָן מיטן מאָגן? אפשר זענט איר גערעכט, אָבער איך פרעג אייך: פאַרוואָס האָט מען איבּ־דערהיים נישט געליטן אויפן מאָגן? אינדערהיים האָט מען דאָך אויך געהאַט מאָגנס!

איך זאָג אייך, אַמעריקע טויג נישט! אָט נעמט טאַקע מיין טאָכטער, זי איז דאָך שוין גאָר אַ יונגע קינד, און זי ליידט שוין אויך אויפן מאָגן... און זופּ, זאָגט זי, קאָן זי גשמט פאַרטראָגן... און אויף טשיקען איז זי אויך אַ קנאַפּער בעלן... וואָס זשע דען? די גיב איר סענדוויטשעס פון פוילן פלייש, פון וואורשט, וואָס מען פאַרקויפט אין די סטאָרס! — אָט דאָס, זאָגט זי, שמעקט איר! היינט גיי ווייס וואָס פאַר אַ לאַנד דאָס איז? די זופּ, וואָס די מאַמע קאָכט, טויג נישט, און פוילער וואורשט איז געשמאַק...

— איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, איר וועט דאָך לאַכן פון אַ יידענע, איר קענט זיך לאַכן, אָבער איך זאָג זיך מיינס: אַז געהרגעט האָט געמעגט ווערן דער, וואָס האָט אויסגעטראַכט אַמע־ריקע!...

## טענה נומער 65.

### אומעטום ווייבער.

איך האָב זיך באַקענט מיט אַ גרינעם יונגנמאַן אין אַ מילכיקן רעסטאָראַן. עס איז גצוועזן אינדערפרי, אָבער איך און דער יונגער־מאַן האָבן זיך ביידע נישט געאיילט. מיר האָבן ביידע נישט געאַרבעט דעם טאָג. זופּט דער יונגערמאַן פון גלאָז די קאַווע, מיט רעש און האַסטיקייט, און ער רעדט, און די אויגן דערביי פינקלען ביי אים.

— זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, ווער האָט אַנטדעקט אַמעריקע? — איר זאָגט: קאָלומבוס, אַ מאַן, אַ מאַנסביל? — זאָג איך אייך, אַז עס איז שקר וכזב!... ניין און נישט? פאַרוואָס? איר פאַרשטייט? איך האָב זיך מיין סברה: ווען אַ מאַנסביל, אונזערער אַ ברודער, געפינט דאָס לאַנד, וואָלט עס דאָך געווען אַ לאַנד פאַר מאַנסביל — איאָ, צי ניין?... אָבער אַזוי ווי אַמעריטשקע איז אַ לאַנד נאָר פאַר ווייבער, איז דערפון געדרונגען, אַז קאָלומבוס איז געווען אַ יידענע...

— מיין ליבער פריינט, איך מיין נישט קיין לצנות, איך מיין עס באמת: וואָס אַמעריקע איז, איז זי זיך, אָבער קיין מדינה פאַר אונז, מאַנסביל, איז זי נישט... עס איז די אמתע ווייבערישע מדינה. אַ מלוכה פאַר פרויען. און איר וועט עס מיר נישט קענען אָפּליי־קענען ... חוצדעם, וואָס ווייבער זענען דאָ, לויט מיין רעכנונג, פינף מאָל אַזויפיל, ווי מענער, געפינט מען זיי גלאַט אומעטום... וואו דו גייסט און שטייסט און פאָרסט, — רק ווייבער און ווייבער!... אָט נעמט די גאַזעטן, די „פייפערס": איז ווער פאַרנעמט דאָרט דעם הויפּט־פּלאַץ? — ווייבער! נקבות! חוץ פאָרטרעטן פון ווייבער און אַקטריסעס, שרייבט מען דאָרט אויך נאָר פון זיי... די איז אַנטלאָפן מיט אַן אַנדער מאַן, די גט זיך... די האָט חתונה און אַזוי כסדר. פאָרסט אין קאַר, — ווייבער! און דו מוזט זיי נאָך אָפּטרעטן דיין פּלאַץ אויך, ווייל ווען נישט, שטייען זיי איבער דיר און שפּיזלען

דיך מיט די אויגן, ווי רוצחים... און קומסטו צו צום הויז, א״ז עס באַלאַגערט מיט ווייבער. און נאָך מיט שמאַלציקע ווייבער דערצו... דו קומסט פון שאַפּ, אַ מידער, אַ צעבראָכענער, קוים וואָס דו פּלאָנטערסט מיט די פיס, און זיי אַלע, אויסגערוטע אויסגעפּאַשעטע, זיצן צעשפּרייט אויף בענקלעך און רעדן רכילות... און קומסטו אַרויף צו זיך אין הויז, — איז ווידער אַ ווייב. און שוין דיין ווייב! און נאָך וואָס פאַר אַ ווייב! אַ ווייב, וואָס שילט און שרייט און קרימט זיך און וואַרפט זיך און ברוגזט זיך. — עס הייסט: איר קומט נאָך רעשט פון אייך... און אַפילו ווען גאָט העלפט שוין און מען אַרבעט נישט אַ טאָג און מען גייט זיך דורך איבער בראָדוויי אָדער פינפטע עוועניו, און וועמען זעט מען דאָרטן מער פון אַלץ? ווידער ווייבער, נקבות!

הכלל, אַמעריקע איז פול מיט ווייבער, איז אַ לאַנד פאַר ווייבער... זיי זענען דאָך די אמתע באַלעבאַטים פון לאַנד. און מיר, די מאַנסביל, די כלומרשטע קנאַקערס, ליגן דאָ אין דער ערד, קייען די ערד... גרין, צי געל, ווערן מיר פאַרשוואַרצט, דרייען די קאַטערינקעס אָדער זענען גאָר שמירער, ווי איך, הענגען אויף די לייטערס, שטעלן איין דאָס לעבן און וואָס? — כדי צו ברענגען דער ווייב די „פיידע“ און זי זאָל אייך נאָכדעם אויסציילן צוויי קוועטשערס *) אין קעשענע!!!

— איך זאָג אייך: קאָלומבוס איז געווען אַ יידענע. און אויב אַפילו אַ מאַנסביל, איז ער געווען אַ פּאַנטאָפל-מאַן.... ער איז מן-הסתם געלעגן אונטערן ווייבערישן קנאַפּל און גלייך ווי ער האָט געפונען אַמעריקע, האָט ער זי אָוועקגעגעבן דער ווייב, ווי מען גיט אַוועק די פיידע, — אויס מורא... און איך פרעג אייך, וואו איז יושר? אַמאָל, אינדערהיים, דערציילט מען, האָט, פאַרקערט, אַ יידענע געאַרבעט אויפן מאַן, איז עס אויך געווען נישט יושרדיק, אָבער דער מאַן איז, לכל הפחות, געווען אַ לערנער, האָט געקליבן מצוות,— און דערפאַר וואָס זיין יידענע האָט אים געשפייזט, האָט ער איר פאַרזאָרגט מיט אַ חלק עולם הבא. אָבער דאָ אין אַמעריטשקע? — מיט וואָס פאַר אַן עולם הבא באַזאָרגן די ווייבער זייערע מענער? מיט אַ האָרב, מיט אַ ראַק, מיט סוכאָטע באַזאָרגן זיי, אָט וואָס!

— איך זאָג זיך מיינס: פאַר אונז, מאַנסבילן, דאַרף ערשט אַ

*) פון וואָרט "קוואָדער", אַ פערטל טאַלער.

קאָלומבוס געבוירן ווערן און אונז געבן אַ נייע אַמעריקע. איר הערט דעם סקאַנדאַל? אַמאָל איז כאָטש געווען איין פּלאַץ, וואָס איז געווען פריי פון ווייבער, — דער באַרבער-שאָפּ! דאָס, האָט מען געוואוסט, איז פאַר מענער. און ווען אַ מאַן האָט זיך געוואָלט ראַטעווען אַ ווײַלע פון זיין מרשעת, איז ער אַנטלאָפן צום באַרבער... ער האָט געוואוסט, אַז אין אַ באַרבער-שאָפּ שעמט זיך אַ יידענע צו גיין אים זוכן... אָבער איצט איז שוין אויך דערדאָזיקער „טרענטש״*) פאַרנומען געוואָרן פון שונא: זיי גייען שוין אין באַרבער-שאָפּ פונקט ווי די מאַנסבילן און נאָך מער!

— איר הערט, אַנומעלטן בין איך געקומען נעמען אַ „העיר-קאט״**) קום איך אַריין. — ערשט דער באַרבער-שאָפּ איז אָנגעפּיקעוועט מיט ווייבער, ווי אַ יאַטקע, און אַ טומל איז דאָרטן, — אַ שרעק! איינע שניידט די האָר, אַז עס שניידט ביים הארצן... איינע רייניקט די נעגל... איר פאַרשטייט, שוין די נעגל אויך!... אַמאָל האָט עס אַ פרוי געטאָן אין מקווה מיט צניעות, און היינט ביי אַ באַרבער פאַר די אויגן פון די מאַנסביל! פע, מיך אַרט נישט די פרומקייט, אָבער איך האָב פיינט עפנטלעכקייט... פאַראַן זאַכן, וואָס אַ מאַן טוט אויך נישט בפרהסיא, בפרט אַ פרוי... איז ווען איך האָב עס דערזען, האָב איך געוואָלט פאַרקירעווען צוריק, אָבער איך האָב זיך געשעמט און איך בין געבליבן און איך בין געזעסן ווי אויף הייסע קוילן... קוים איבערגעקומען דעם העיר-קאַט...

— יע, יע, מיין פרייבט, אַמעריקע איז אַ ווייבערשע מדינה, זייער מלוכה! וואָס זיי ווילן, פירן זיי אויס. ווילן זיי נישט האָבן קיין קינדער, — האָבן זיי נישט. זיי האָבן די דעה! ווילן זיי אַרונטערשניידן די צעפּ, שניידן זיי, דער מאַן קען גאָרנישט זאָגן... און ווילן זיי, אַז דער מאַן זאָל קויפן אַ מאַשין, — פאַרמשכונט ער זיך און קויפט... און דער פערד זיצט ביי רעדל און שוויצט, און זי זיצט ווי אַ פריצטע און קאָמאַנדעוועט... און אָט „לויפן״***) שוין די ווייבער גאָר פאַר גובערנאַטאָרן אויך און איר וועט זען: די ווייבער וועלן נאָך אין אַמעריקע ווערן פרעזידענטן אויך... און דאַן מעגן מיר, מאַנסביל, זיך אָפּזעגענען מיטן לעבן!... זיי וועלן אַרויסגעבן אַ באַפעל: מיר זאָלן קינדלען אויך... יע, יע קינדלען! וואָס

---

*) שוק-גרוב, טראַנשיי. **) אָפּשערן זיך.
***) קאַנדידירן פאַר אַ פּאָליטישן אַמט.

מיינט איר ס'קען נישט זיין? אויף אַמעריקאַנער ווייבער איז אַלץ צו גלויבן... לאַכט נישט. עס איז שוין גאָר קיין געלעכטער נישט... אַבערקעלנער, נאָך אַ גלעזל קאַווע!

## טענה נומער 66.

### האָט קיין פּאַריבל נישט.

צערעד איך זיך מיט אַן עלטערן יידן וועגן אַמעריקע, זאָגט ער צו מיר אַזוי:

— איך שעם זיך אייך צו זאָגן, נאָר אין אַמעריקע בייסט מיר... כ'ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר עס בייסט... און מיינט נישט, אַז איך וווין דאָ שלעכט — ח"ו! הלוואי ביז מיין לעצטן טאָג נישט ערגער — איך וווין ביי מיינער אַ טאָכטער, אין אַ פּאַלאַץ, אין אַן אייגן הויז, זי איז אַ רייכע, מיין טאָכטער, מען קען זאָגן, אַ נגידותטע — נאָר עס בייסט...

— און מיינט נישט, אַז איך בין אַ ייד פון יענע יידן, וואָס היטן זיך נישט, וואָס גייען אָפּגעלאָזן... ווי איר קוקט מיך אָן, גיי איך דווקא ריין... און ביי אונז איז דאָ אַ וואַנע אין הויז, און אַ שפּריץ אויך. און איך נעם אַ פּאָר מאָל אַ וואָך אי אַ וואַנע, אי אַ שפּריץ, ווייל צייט האָב איך, ב"ה, גענוג. איך טו גאָרנישט... און דערצו כאַפּ איך זיך אַריין פון צייט צו צייט אין אַן אמתער באָד אויך... אַ היימישע, אַ טערקישע און פאַרע זיך גוט אויס... ווייל איר ווייסט דאך, אַז ווי אַ וואַנע זאָל נישט זיין גוט, און ווי אַ שפּריץ זאָל נישט זיין נאָך בעסער, — קומט עס נישט צו אַ היימישער באָד... איר פאַרשטייט, פאַרע איז דאָך פאַרע... און ווי איר הערט, באָד איך זיך גענוג, און דאָך בייסט מיר...

— זייט איך בין דאָ, בייסט מיר. שוין אַ קימאַ־לן פון צוועלף יאָר. אַן אַנדערער וואָלט געקענט זאָגן — וועש. מען בייט נישט איבער אַזוי אָפט די וועש... איז דאָס אויך נישט... אי איך האָב גענוג וועש, אי איך בייט... ווייל, ווי געזאָגט: צייט האָב איך גענוג, פּונקט ווי אַ

קיסער... און איך קען אויך, ווי אַ קיסער, זיך פֿאַרגעניגן צו בייטן אַ גאַנצן טאָג די וועש... ווייל מיין טאָכטער האַלט מיך בכּבוד גדול. און וועש איז דאָ ביי מיין איידעם געַנוג, ער איז טאַקע אין דעם מסחר פֿון וועש... ער האָט אַ סטאָר פֿון וועש, אונטערוועש און אויבערוועש, און נישט אַזוי א סטאָרקע, אַ קרעמל, נאָר אַ סטאָר — אַ קראָם! ווי מען רופט עס ביי אייך „האָלסייל". איינציקווייז פֿאַרקויפֿט ער נישט, ווען אַפילו איר גיט אים אַ מיליאָן פֿאַר אַ העמד...

— און די וועש, דאַרפֿט איר וויסן, איז אויך גוטע, דינע, פֿון די בעסטע אין אַמעריקע, אַזוי זאָגט מיין איידעם. און דאָך בייסט מיר... און איר הערט? — איך שעם זיך אייך אויסזאָגן: איך זיץ אַמאָל אין הויז, און דאָס הויז איז פֿול מיט געסט, ביי מיין טאָכטער איז אַלעמאָל געסט, עס איז אַן אָפֿן הויז, כאָטש איך האַלט ווינציק וואָס פֿון די אַמעריקאַנער געסט. אַ היגער גאַסט קומט און פֿרעסט זיך אָן, רעדט אָן רכילות — און גייט צוועק... מען הערט דען אַפֿילו אַ לייטיש וואָרט פֿון אַ היגן גאַסט? איך רעד שוין נישט פֿון תּורה, זאָל שוין זיין נישט קיין תּורה, אָבער אַזוי אַ לייטיש וואָרט, פּאָליטיקע, וועלט-זאַכן, ווי אינ-דערהיים, — נאָר וואָס דען? מען באַרעדט, מען לייגט אַרויף יעדעס מאָל אַ נייעם באַקאַנטן אויפֿן טיש און מען שינדט פֿון אים די הויט... „דער לעבט מיט דער"... „די לעבט מיט יענעם"... „דער איז אַנטלאָפֿן פֿון דער ווייב, — דער האַלט ביי אַנטלויפֿן"... איך זאָג אייך, ס'איז ממש אַ בזיון צו הערן... אָבער ווו קען מען אַנטלויפֿן? עס איז דאָך נישט שיין — הערט מען! איז אַזוי זיצנדיק און הערנדיק, דערפֿיל איך ווי עס הייבט מיר אָן בייסן... אַלע ווייטלע מער... און איך זאָג אייך: איך וואָלט אַ וועקגעגעבן אַן אייגענס פֿאַר איין קראַץ, —איין קראַצעלע אין פּלייצע... אָבער מען קען דאָך נישט, מער פֿעלט מיר נישט, ווען מיין איידעם דערזעט, ווי זיין שווער קראַצט זיך... מיין איידעם איז זייער אַ שטרענ-גער...

— איר פֿאַרשטייט? איינמאָל האָט שוין פּאַסירט מיט מיר אַן אומגליק: „מיין איידעם האָט מיך גענומען אין טעאַטער און געזעסן זענען מיר אין א באָקס*), ווי מען רופט עס... מיין איידעם, מיין טאָכ-טער, זייער אַ פֿריינט, עפּעס אַ דאַנטיסט מיט דער ווייב, מיין אייניקל, זאָל לעבן, אַ יונג מיידל — אַ ציג, און דעם דאַנטיסטס אַ מיידל, — אויך אַ ציג. האָט מען געזונגען און געטאַנצט, זיך משוגע געמאַכט ווי

*) לאָזשע.

דער שטייגער פֿון אַ טעאַטער. איך האָב דאָס נישט שטאַרק ליב, איז מיר געווען זייער סומנע, נישט גוט ביז חלשות... און נאָכדעם, ווען ס'איז ליכטיק געוואָרן, האָט מיין איידעם אַרויסגענומען אַ קעסטל שאָ־קאָלאַד. פּלוצלונג האָט מיר גענומען בייסן, — אָבער אַזוי, הערט איר, ווי נאָך קיינמאָל נישט, זינט איך בין אין אַמעריקע... וואָס זשע טוט מען? האָב איך פֿאַרגעסן, אַז איך זיץ אין טעאַטער און אין „אַ באָקס", און האָב זיך געגעבן אַ קראַץ, אָבער טאַקע נישט מער ווי איינעם, ווייל גלייך האָב איך זיך געכאַפּט... אָבער קומענדיק אַהיים, האָט מיר מיין איידעם גענומען אויפֿן פֿאַרהער: שווער לעבן, ווייסט איר, אַז אין אַמע־ריקע זענען דאָ וואַנעס? זאָג איך: יאָ, כ'ווייס... זאָגט מיין ליבער איידעם ווייטער: און ווייסט איר, שווער לעבן, אַז אויך אַ שפּריץ איז דאָ אין אַמעריקע? זאָג איך: איך ווייס... אָבער צו וואָס דערציילט איר עס מיר?... מאַכט ער: איר זייט אַ גרינגער ייד, אָט פֿאַרוואָס איך דער־צייל עס אייך! איר קומט אין טעאַטער און קראַצט זיך, ווי אין אַ באָד? וואָס איז, איר מיינט, ס'איז כאַנדריקאָווקע, האַ? נישקשה, איך האָב געזען און דער דאָקטאָר האָט אויך געזען... האָב איך פֿאַרשוויגן: ווייל וואָס וועל איך דאָ גיין לייקענען... איך ווייס, אַז איך האָב זיך געקראַצט...

— פֿרעג איך אייך: ווי קומט עס? — פֿאַרוואָס בייסט מיר דאָ? איך פֿאַרשטיי נישט... אינדערהיים האָט מיר נישט געביסן, ווען אַפֿילו איך בין געווען אונטערוועגנס און האָב נישט געקענט בייטן דאָס העמד אַזוי אָפֿט און בין געשלאָפֿן אין אכסניות, — און דאָ בייסט... זאָל עס זיך נעמען פֿון דעם, וואָס אינדערהיים בין איך געווען פֿאַרנומען, נישט אַרומגעגאַנגען ליידיק, נישט געווען קיין עובר־בטל? און דאָ זיץ איך אויף קעסט און טו גאָרנישט. אפשר איז אין דעם טאַקע די שולד?... כ'ווייס? און איר הערט, אַלעמאָל כאַפּט מיך אָן דאָס בייסעניש דווקא, ווען ביי אונז אין הויז זענען דאָ געסט...

— און איינמאָל האָב איך עס דערציילט מיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַ ייד אַ חכם און אַ למדן. אויך שוין אַן עלטערער מענטש, וועלכער טוט דאָ אין אַמעריקע אויך גאָרנישט, פּונקט ווי איך. רופֿט ער זיך אָפּ צו מיר: ר' מאָטל! אין אַמעריקע מוז בייסן אונזערן אַ מענטשן... ווייל די לופֿט טויג דאָ נישט פֿאַר אונז און די מענטשן טויגן דא נישט פֿאַר אונז... און אין אַמעריקע, זאָגט ער, בייסט נישט נאָר אונז, נאָר אַלעמען, ווייל ס'איז אַזאַ מדינה, זאָגט ער, ווו עס בייסט, — נאָר וואָס דען, די היגע מענטשן זענען אַזוי פֿאַרנומען, אַזוי פֿאַרהאַוועט, אַז זיי האָבן קיין

קיין צייט נישט זיך אַ קראַץ צו טאָן... און איר און איך האָבן צייט... קראַצן מיר זיך...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין אַלטער האָט געענדיקט:

— איר וועט דאָך קיין פאַריבל נישט האָבן אויף מיר: אָט האָט מיר איצט געגומען בייסן אין פּלייצע — אַן אימה! און איך מוז זיך אַ קראַץ טאָן... האָט קיין פאַריבל נישט.

## טענה נומער 67.

### ווער דאַרף אים?

— אַמעריקע-גנב מיט אירע קונצן! — אָט אַזוי מאַכט צו מיר אַנומלט אַ ייד — מען האָט דאָ אויסגעטראַכט ווייס איך וואָס, וואַנעס-שמאַנעס, עלעקטריק און אַ סינק... און אָט נעמט טאַקע אָט דעם סינק. פרעג איך אייך, ווער דאַרף אים? אינדערהיים, די פאַמיליצע, האָט מען געוואוסט, אַז עס גייט פאַר דער בהמה, איז, הייסט עס, מיט אַ טאָלק און מיט אַ שכל. זי גיט דיר מילך און דו איר די פּאַמוינוצע, אָבער פאַר וועמען גייט דאָ דער סינק? האַ? אויף אַרויסצעלאָזן דאָס אומריינע וואַסער? זאָגט איר... יע, וואָלט דאָך עס געווען גוט, ווען עס איז אַזוי... אָבער דער סינק איז דאָך סיי ווי סיי אַלעמאָל פאַרשטאָפּט!... ביי יעדער באַלעבאָסטע איז דער סינק פאַרשטאָפּט, ווייל אַזוי זענען שוין די היגע באַלעבאַטעס... וועט איר זאָגן, אויף צו האַלטן די אומריינע כלים נאָכן עסן? איז פרעג איך אייך, ווער דאַרף עס האַלטן אומריינע כלים? נישט מער, נעמט מען גלייך, תיכף ווי מען עסט אָפּ, און מען צעוואַשט זיי ריין?... וואו איז דער שכל, אַז מען דאַרף נאָכן עסן לאָזן די כלים זיך ווייקן אין סינק? האַ? נישטאָ קיין צייט? גייט מען ווינציקער אין די מואוויס! וואו שטייט עס געשריבן, אַז מען

מוז לויפן אַלע טאָג אין די מואוויס, און אַז נישט מואוויס, איז אַפילו גלאַט שטיין מיט די ווייבער אין דרויסן ביי די טרעפּ און שמועסן? אויך נישט קיין דין, שמועסט מען ווינציקער!... באַרעדט מען מיט צען שכנים ווייניקער אַ טאָג!...

— איך זאָג אייך, די מעשה מיטן היגן סינק איז חוץ אַלעמען גלאַט אַן אומגליק... איר פרעגט, וואָס איז דער אומגליק?... דער אומגליק איז מיטן איבערלויפן... אַלץ לויפט דאָך אין אַמעריקע, איז דער סינק אויך... און ווידער טאַקע צוליב דעם, וואָס ער איז שטענדיק פאַרשטאָפּט... און אַז דער סינק לויפט זיך איבער, — איז ביטער, איז צרות... פאַרפלייצט עס די קיך און אַמאָל דערלאַנגט עס אויך אין אַנדערע חדרים און עס ווערט אַ מבול און מען דאַרף קלייבן וואַסער... און די שכנים פון אונטן קומען צו לויפן, שרייען און געוואַלטעווען, אַז דער סילינג*) פאַלט ביי זיי אַרונטער... אַז מען האָט זיי פאַרנעצט די סאָליד מאַהאַגאַג**) און עס ווערט אַ מחלוקת... און ווען גאָט העלפט, אַז מען טרעפט נאָך אויף אַן איטאַליענער אַ שכן, כאַפּט מען קלעפּ אויך...

און איך פרעג אייך, ווער דאַרף עס האָבן? פון קאָלומבוסעס גליקן קומען אַרויס נישט מער ווי צרות... הייגט וואו איז דאָס היטן זיך מיט די קינדער? ווען עס איז נישטאָ קיין סינק, דאַרף מען דאָך נישט מורא האָבן, אַז אַ קינד וועט צוגיין צום סינק און זיך אָפּבריען די הענטלעך... אָדער סתּם אַפילו אָפּגיסן זיך פון קאָפּ ביז די פּיס...

אינדערהיים האָט מען דערפון נישט געוואוסט... און איך פרעג אייך, ווער קאָן אין אַמעריקע בכלל איינהיטן אַ קינד? אין דרויסן נישט... מאַשינעס, וועגענער, פערד, טייוואָלים, משחיתים... און אין הויז אויך נישט... איז נישט דער סינק, איז די געז... דאָס איז אויך אַ גוטער אומגליק אין אַמעריקע, אָט די געז... מען דאַרף שטענדיק מורא האָבן: זענען דאָ קינדער אין הויז, דאַרף מען זיך שרעקן, אַז זיי זאָלן נישט אָפּדרייען די געז, און זענען נישטאָ קיין קינדער, נאָר עלטערע מענטשן, דאַרף מען ווידער מורא האָבן פאַר דער געז. אָדער מען פאַרגעסט צו פאַרדרייען די געז, אָדער מען נעמט אַליין אַ געז-פּייפּע***). הכּלל, עס איז אַן עסק מיט געז ביי קאָלומבוסן! די לעצטע צייט הערט מען, ווי אַלטע מענטשן, זקנים אין די אַכציקער, שטאַרבן

*) סופיט. **) מעבל פון רויט-ברוינעם האָלץ. ***) גאַז-רער.

פון געז... צי על פי סיבה, צי על פי רצון, — נאָר מען שטאַרבט... און וואו איז דאָס געהערט געוואָרן אַזאַ זאַך אויף דער וועלט?

אָבער אינדערהיים, מיין פריינט, האָט מען דערפון נישט געוואוסט... איר פאַרשטייט, אַז עס איז דאָ אַזאַ גרינגער טויט אונטערן האַנט, כאַפּט אייך אָן אַמאָל אַ חשק... און ווער איז פאַרהיט דערפון? אָט דאָס איז אייער אַמעריקע מיט אירע סינקס און געז... דאָ איז אַ לאַנד, וואו אַפילו די בעסטע זאַכן פאַלן דיר אויס „באָקאַם“...

אָט נעמט אייך אַזאַ זאַך, ווי די היגע „דאָמב-וויעטערס“... דאַכט זיך שוין גאָר אַ גוטע זאַך, אַ כשרע, א ניצלעכע,—טויג עס אויך נישט... ווייל עס איז אַמעריקע!... ערשטנס טויג עס נישט, ווייל דורכן דאָמב-וויעטער רעדן זיך די ווייבער אויך דורך... מען שטייט אָפּ שטונדן לאַנג און מען שמועסט... און חוץ אַרונטערלאָזן שמוץ מיטן דאָמב-וויעטער, באַשמוצט מען אויך די שכנים און דאָס קינד בריט זיך דערווייל אָפּ און דאָס טעפּל ווערט פאַרברענט... צווייטנס: גנבים. מען זאָגט, אַז דורכן דאָמב-וויעטער קענען אַריינקומען גנבים אין הויז... אויף די היגע גנבים קען מען אַ״ך גלויבן... און, דריטנס, האַלט איך, אַז ווען נישט די געז און דער סינק און דער דאָמב-וויעטער וואָלטן די היגע ווייבער נישט געווען אַזוי צעלאָזן... אַז אַלץ קומט זיי דאָ אָן אַזוי גרינג... פייער, — אַ דריי אָפּ און עס קאָכט זיך שוין!... וואַסער, — אַ דריי אָפּ און עס גיסט זיך שוין!... און דער דאָמב-וויעטער פאַרשפאָרט אַרויסצוטראָגן און אַרויפצוטראָגן. מען שיקט אַרויף און אַראָפּ, מיטן דאָמב-וויעטער. און וויבאַלד עס איז דאָ אַזוי גרינג צו לעבן, פאַר די ווייבער, מיין איך, איז דערפאַר בושעווען זיי, קריכן אויפן קאָפּ... נישקשה, אינדערהיים האָבן זיי נישט געהאַט קיין צייט: איינהייצן דעם אויוון, אַרויפברענגען וואַסער, אַרונטערטראָגן די פאַמויניצע דער בהמה, — דאָס איז אַלץ אַרבעט, און עס איז נישט געבליבן קיין צייט אויף בושעווען און דערגיין דעם מאַן די יאָרן... אָט אַזוי איז עס מיט אייער אַמעריקע, די בעסטע זאַכן טויגן דאָ נישט, ווייל עס איז אַמעריקע!...

## טענה נומער 68.

### אַ מכּה גיב איך זיי!...

אויף דער איסט-סייד זענען דאָ אַ היבשע צאָל יידן מבטלים. עס זענען דאָ מבטלים אויף אַלע זאַכן פון דער וועלט. איך האָב שוין דאָ געפונען אַ יידן, וואָס האָט געמאַכט צו גאָרנישט דעם היגן הימל. עס איז קיין הימל נישט! — האָט ער געטענהט. — עס איז אַ שמאַטע, וואָס הענגט איבער אונז, נישט קיין הימל. דער ריכטיקער הימל, זאָגט ער, איז אין יוראָפּ... און וואָס פאַר אַרגומענטן איר האָט קעגן דעם יידן נישט אַרויסגעשטעלט, האָט נישט געהאָלפן: עס איז קיין הימל נישט, — און פאַרטיק!

אַנומלט האָב איך אויך געטראָפן אַ יידן אַ חקרן, וואָס האָט מבטל געמאַכט אַלע בענק אין אַמעריקע. ער האַלט נישט פון די בענק, האָט ער געטענהט. און זיי זענען נישט זיכער אויך. — וואָס הייסט, נישט זיכער? — האָב איך גענומען איינטענהן. — זיי זענען דאָך איצט אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג? אָבער מיין טענה האָט נישט געהאָלפן. הערט נאָר, וואָס פאַר אַ טענה דער ייד האָט אַוועקגעלייגט:

— אונטער דער רעגירונג, פּשש! — האָט מיין ייד געלאַכט. — איך פרעג אייך: ווי קען אַ רעגירונג אַכטונג געבן? ערשטנס: איז דאָך אַ רעגירונג זייער אַ פאַרנומענער מענטש; זי האָט גענוג אויף איר קאָפּ אָן די בענק אויך... און, צווייטנס, וואָס מיינט איר, אַ רעגירונג וועט זיך שטעלן היטן יעדע באַנק? איך זאָג אייך, — מאַכט דער ייד, — אַז עס זענען נישטאָ קיין זיכערע בענק. די גאַנצע זיכערקייט ליגט אין די שטיינער. איר ווייסט, ווי מען מאַכט אַ באַנק? מען נעמט אַ געוויינלעך הויז און מען מויערט אונטער מיט שטיינער, ווערט עס אַ באַנק... נישט פון ציגל, נאָר פון שטיינער, כאָטש לויט מיין מיינונג, וואָלט פון ציגל געווען אַ סך בעסער. יעדערער וואָלט כאָטש געקאָנט אין אַ צייט פון אַן אָנזעץ זיך נעמען אַ ציגל... אָבער אַ שטיין איז שווער אַרויסצונעמען...

זאָג איך צום יידן: אָל-רייט! אָבער דאָס זענען דאָך נישט מער ווי חכמות, איינדערמתן מעג מען אַ באַנק טרויען. און הלוואי האָב איך נאָר דאָס געלט, וואָס איך וואָלט זיי פאַרטרויט.

— און איך וואָלט זיי נישט געטרויט, — מאַכט דער ייד. — איך, ווען איך האָב געלט, וואָלט איך שוין געפונען וואו דאָס צו באַהאַלטן.

— למשל? — פרעג איך.

— אין דער ערד, — מאַכט דער ייד. — נישטאָ קיין בעסערע זאַך ווי באַהאַלטן געלט אין דער ערד. מען נעמט אַ קריגל און מען לייגט אַריין דאָס געלט און מען באַהאַלט אויף אַ זיכערן פלאַץ. דאָס איז געוויס זיכער.

לאַך איך: דאָס איז נישט זיכער אין אַזאַ שטאָדט ווי ניו-יאָרק. וואָס מיינט איר, עס איז איינדערהיים?

— היים, שמיים! — מאַכט דער ייד. — אַז מען וויל, קען מען דאָ זיך אויך פירן, ווי אינדערהיים. ערשטנס: קויפט מען זיך אַ הויז אונטערן שטאָט, — האָט מען ערד, און דאָן באַהאַלט מען דאָס געלט אין דער ערד. איך זאָג אייך, עס איז פיל זיכערער, ווי ביי אַ פרעמדן באַנקיר. וואָס הייסט, — ווערט דער ייד צעקאָכט. — איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי נעמען עס מענטשן און טרויען אַ פרעמדן יידן! מיט וואָס איז ער עס אַזאַ בטוח, פרעג איך אייך? — איר הערט אַ מעשה, איך בין אַנומלט געגאַנגען מיט מיינעם אַ פריינט, גייען מיר אַזוי און שמועסן. נאָכדעם נעמט מיין פריינט און ווייזט מיר אויף אַ יידן מיט אַ בייכל, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען. איר ווייסט, זאָגט ער, ווער דער מאַן איז? — ווער? — מאַך איך. — דער מאַן איז אַ באַנקיר... — אָט, אָט דער מאַן? — מאַך איך. — און וואָס זשע זעט מען דאָס אויף אים אַזוינס, וואָס מען טרויט אים געלט? — מאַך איך. — אַ בייכל? נו, איז ווי אַז ער פאַרלירט דאָס בייכל, האַ?...

— הערט מיך, וואָס איך וועל אייך זאָגן, — מאַכט דער ייד, — מיין געלט קענען זיי נישט האָבן. שוין בעסער אָפּגעבן דער ווייב, זאָל זי האַלטן אין זאָק... איר הערט אַ מעשה: אַמאָל האָט מיך מיינער אַ לאַנדסמאַן איינגערעדט איך זאָל נעמען קלייבן געלט אין אַ באַנק. בין איך אַוועק... איז עס מיר תּיכף נישט געפעלן געוואָרן... איר הערט אַ חוצפה — איך ברענג אים געלט, איך טרוי אים, אַז איך פרעג ביי אים גאָרנישט!... איך טרוי אים! און ער נעמט מיך אויף אַ גאַנצן „דאָפּראָס"... פונוואַנען קום איך? ווי אַלט איך בין?

ווי הייסט מיין טאטע און מאמע? איך פרעג אייך: איז דאס נישט קיין חוצפה?... איז וויבאלד ער האט עס מיך גענומען פרעגן, גיב איך אים א זאג: מיסטער, ס'איז נישט אייער עסק. ווילט איר נעמען דאס געלט — נעמט, און אויב נישט — דארף מען נישט... האט מיך יענער נאך אנגעקוקט ווי א משוגענעם, האב איך גענומען און בין אוועק...

— איך זאג אייך, — מאכט דער ייד ווי א טריומפירער, — נישקשה, מיך קאן מען אין אמעריקע נישט אפנארן. אי, איר זאגט: ווי קומט עס, וואס א וועלט לויפט און טראגט געלט אין די בענק? איז זאלן זיי זיך טראגן געזונטערהייט! מיך ארט עס נישט... און אז א וועלט לויפט אין מואווינג פיקטשורס? קאנטריס? און אז א וועלט איז דא סתם משוגע — דארף איך אויך זיין משוגע?!

— איז נאך אלעמען, וואו האלט איר פארט אייער געלט?

— איך מיין געלט? — ערשטנס, האב איך נישט קיין געלט. פונוואנען? פון מיינע גרויסן פארדינסטן? פון ארבעטן קען מען קיין געלט נישט שפארן. דערהויפט נאך, ווען איך בין נישט קאלומבוסעס אן אפרייטאר, נאר א היימישער שניידער... איך, פארשטייט איר מיך, אייל זיך נישט; זאל זיך אייער אמעריקע איילן און ארויסיאגן פון זיך די נשמה. איך בין נישט פון אייערע מענטשן, און אז מען איילט זיך נישט אין אמעריקע, קען מען דא נישט שפארן קיין געלט... נאר, ווי געזאגט, ווען איך האב אפילו געלט, טראג איך עס אויך נישט אין די בענק. א מכה גיב איך זיי!

## טענה נומער 69.

### פלוצלונג — נאדיר!

מיר האבן זיך באקענט אין בראנקס פארק לעצטע וואך. דער טאג איז געווען א שיינער, כמעט א זומערדיקער, איך זיץ זיך אזוי און ווארעם זיך אויף דער זון, — ערשט עס קומט צו א ייד פון א

יאָר עטלעכע און פופציק, מיט אַ גרוי בערדל, זעצט זיך לעבן מיר און גלייך גיט ער אַ קרעכץ אין הייבט אָן רעדן:

— אַן עולם-הפוך אייער אַמעריקע! אַ פאַרקערטע מדינה!

— וואָס איז מיט דער אַמעריקע? — ווער איך גלייך פאַראינ-טערעסירט.

— אַן עולם-הפוך! — מאַכט דער ייד און רוקט זיך צו נענטער צו מיר. — קוקט נאָר אָן, ווי די זון שיינט עס! ווי וואַרעם עס איז, אמתער זומער! און עס איז דאָך שוין נאָך אַלע ימים טובים! און צו וואָס טויג עס?

— וואָס הייסט, צו וואָס טויג עס? — מאַך איך. — דאָס איז דאָך דווקא גוט, הלוואי האַלט אַזוי אָן אַ גאַנצן ווינטער...

— עס טויג נישט! — זאָגט דער ייד מיט עקשנות. — אַלצדינג, מיין פריינט, איז גוט אין דער צייט. זומער דאַרף זיין זומער, ווינטער — ווינטער און אָסיען — אָסיען. עס איז שלא כּדרך הטבע. איר פאַר-שטייט, עס איז שוין נאָך די ימים טובים. מען האָט שוין אָפּגעזאָגט „הכּל הבל" און פלוצלונג, נאַ דיר, צעשיינט זיך גאָר די זון, און ווו איז דער הכּל הבל?

— דאָס רופט מען אין אַמעריקע „אינדיאַנער זומער", — דערקלער איך אים.

— אינדיאַנער, — שמידיאַנער! — עס איז אַמעריקע!... און עס טויג נישט... — מאַכט דער ייד מיט גרויס ביטול. — עס איז נישט גוט צוליב אַ סך פּרטים. ערשטנס: צוליב דער פאַרקילונג. אַ מענטש ווייסט דאָך נישט אין אַמעריקע וואָס אָנצוטאָן... וואַרעמע וועש, צי זומער-וועש, אַ ווינטערמאַנטל, צי גאָר אָן אַ מאַנטל... עס איז וואַרעם, און דאָך ווער קאָן וויסן? מען איז דאָ דען זיכער? און, צווייטנס, איז עס קעגן תּשובה... איר פאַרשטייט?... ווען מען דאַוונט זיך אָן, מען קלאָגט זיך אָן, פאַר די ימים נוראים און מען טוט תּשובה, און נאָכדעם קומט אסיען, ווי אינדערהיים: רעגן, ווינטן, בלאָטע, קעלט, — האַלט זיך די תּשובה. מענטשן ווערן אומעטיק און פאַרטראַכטן זיך. מען הייבט אָן זאָרגן וועגן ווינטער, וועגן אַריינבעמען אין הויז אויף ווינטער, און עס שטימט מיט תּשובה... אָבער דאָ, אין אַמעריקע, ערשט נאָך ימים נוראים, אָבער ווער? וואָס? וועמען? — עס איז גאָר צוריק זומער און נאָך שע-נער, ווי זומער... און עס טויג נישט. עס שטימט נישט... עס איז נישט לפי רוח הזמן... איר פאַרשטייט מיך, צי נישט?...

— איך פאַרשטיי אייך, מיסטער, — ענטפער איך, — אָבער נאָך צלעמען זענען פאַרט שיינע וואַרעמע טעג בעסער, ווי קאַלטע!

— מיט וואָס איז דאָס בעסער? — מאַכט דער ייד און ציט זיך אויס אַנטקעגן דער זון. — אינדערהיים איז געווען בעסער, אָבער נישט דאָ... ווער דאַרף די שיינע וואַרעמע טעג, ווען זיי זענען נישט אין דער צייט?!... עס איז אַזוי ווי פלוצלונג זאָל אַ ייד אויף דער עלטער קריגן צוריק די יוגנט און די תאווה אויף אַ ווייבל... עס טויג נישט... ווייל איינמאָל אַלט, כסדר אַלט... אָסיען דאַרף זיין אָסיען... איר פאַרשטייט? ווען עס איז דאָ אַ ריכטיקער אָסיען, ווי אינדערהיים, ווייסט מען נאָכדעם ווי אַזוי טייער צו האַלטן דעם זומער... און אַז עס קומט פסח, ווערט מען גאָר אַ נייער מענטש... אָבער דאָ, ווער ווייסט וואָס מען זאָל טייער האַלטן? און דערפאַר זענען די היגע מענטשן צעלאָזן... הפקר. זיי ווייסן נישט, וואָס עס קומט זיי און וואָס עס קומט זיי נישט על פי דרך הטבע.

איך האָב גאָרנישט געהאַט וואָס צו באַמערקן און דער ייד האָט זיך צעוואַרעמט אַנטקעגן דער אַמעריקאַנער זון און האָט ווייטער גערעט:

— און אָט נעמט טאַקע דעם פּאַרק גופא. איז פון איין זייט פאַלן בלעטער, און די ביימער זענען שוין נאַקעט, און פון דער צווייטער זייט, וואַרעמט די זון און עס איז ווי זומער... איז פרעג איך אייך: ווי שיקט זיך עס? ווי פּאַסט עס? איר זאָגט, עס איז שיין? — זאָג איך אייך, עס איז גאָרנישט שיין... ווייל שיינקייט איז נאָר דאַן גוט, ווען עס איז מיט אַ טאַלק, ווען עס פּאַסט זיך... ווען עס איז אין צייט... איר ווייסט, ווי עס קוקט מיר אויס אייער אָסיען! ווי די היגע יידן. איר באַגעגנט אַ יידן, שוין עט-עט אַוועק אויף יענער זייט, מען זעט, אַז ער איז שוין מער דאָרטן, ווי דאָ... און דאָך בחורט ער זיך, איז געגאָלט... אַ גלאַטע מאָרדע, און טראָגט אַ הוט, ווי אַ יונגער... אַי, עס וואָלט אים גיכער געפּאסט אַ באָרד, כדי מען זאָל זען, וואו ער האַלט... נו, איז עס דאָך דערפאַר אַמעריטשקע... אָבער ווען, מיינט איר, נאַרט מען? — זיך אַליין! אָט דאָס, וואָס איך זאָג: אַ מענטש איז אַלט, גיי ווי אַן אַלטער, פאַרשטעל זיך נישט... און אויך מיט דעם היגן אָסיען איז אַזוי: צו וואָס פאַרשטעלט ער זיך? פלוצלונג, נאַ דיר גאָר אַ זון, אַ וואַרעמקייט, ווי זומער... אַז עס פּאַסט דאָך אים נישט צו די קליידער? איר פאַרשטייט מיך, צי נישט?

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. מיין ייד האָט זיך פאַרטראַכט און אַזוי, זיצנדיק אונטער דער זון, איינגעדרעמלט.

## טענה נומער 70.

### וואָס שטופּט מען זיך?

— קאָלומבוס האָט געמעגט זיך אויסדרייען הענט און פיס, איידער ער האָט זיך געלאָזט אויסגעפינען אַמעריקע! — אָט אַזוי האָט אַ ייד, אַ גאַנץ פעסטער ייד, אַ היימישער בעל-עגלה, דאַכט זיך, אַנומלט פאַר מיר אָנגעהייבן זיין טענה צו אַמעריקע. — ס'איז אַ לאַנד פון שטופּן זיך, רק מען שטופּט זיך דאָ. מען פאָרט צו דער אַרבעט, — שטופּט מען זיך: מען פאָרט צוריק פון דער אַרבעט — שטופּט מען זיך; מען גייט אין טעאַטער — שטופּט מען זיך; הערן אַ חזן — שטופּט מען זיך אויך. און איך פרעג אייך, פאַרוואָס האָט מען זיך אינדערהיים נישט געשטופּט? אויך אינדערהיים האָט מען געאַרבעט, אָבער ווער האָט געוואוסט פון איילן זיך? און איז מען געגאַנגען אין שול, — האָט יעדערער געוואוסט זיין פּלאַץ און מען האָט זיך נישט געדאַרפט שטופּן. איר הערט אַ מעשה, איך בין נישט פון די יידן, וואָס שטופּן זיך, ווייל איך האַלט זיך ביי מיינס: איז באַשערט אַ גליק, וועט עס קומען — און אַן אומגליק, ח"ו, וועט עס דאָך אַוודאי קומען, היינט וואָס איז דאָ דאָס שטופּן זיך? און דערצו בין איך אַ דזשענטעלמאַן אויך... גיי איך מיר אַזוי לעצטן שבת אין גאַס, איינל זיך נישט, צייל די טריט, און פּלוצלונג ווערט אין גאַס אַ געלויף, מען לויפט — אַ שרעק! וואָס לויפט מען, פאַרוואָס לויפט מען, ווייס איך נישט... קלער איך: וואָס עס זאָל נישט זיין — איך וועל נישט לויפן... און איך גיי זיך מיין וועג לאַנגזאַם.

איז וואָס מיינט איר, וואָס? — מען לאָזט נישט! יעדערער, וואָס לויפט פאַרביי, גיט מיר אַ שטופּ...

שריי איך אויס: מיסטער, וואָס שטופּט איר זיך, די וועלט איז אייך ווינציק? גיט אויף מיר יענער אפילו נישט קיין קוק און שטופּט זיך ווייטער.

אָבער אָט איז געוואָרן גאָר ענג. מען האָט זיך אַזוי צוזאַמענגעשטופּט, — אַז אַ שרעק! און וואָס איז די מעשה? עפּעס אַן „עקסידענט": אַ ווייבל האָט געפּאַטשט איר מאַן... פאַרוואָס, פאַר וועמען? ס'איז נישט מיין עסק... איך ווייס נישט און וויל נישט וויסן און איך גלויב, אַז קיינער ווייסט נישט...

אָבער דער עולם שטופּט זיך צום הויז, און וויל נאָר זען מיט די אויגן דעם געפּאַטשטן... איך אָבער אייל זיך אַלץ נישט, ווייל וואָס איז דאָס מיין דאגה? ס'איז מיין אַמעריקע?... ווייבער פּאַטשן די מענער? זאָלן זיי... און וואָס האָב איך דאָ וואָס צו טאָן? איך קען זי דען, איך קען אים דען? ס'איז דען ווי אינדערהיים, וואָס מען קען יעדן איינעם?... אייל איך זיך טאַקע נישט. אָבער די אַמעריקאַנער פערד איילן זיך יאָ... שטופּן זיך, און שטופּנדיק זיך, שטופּן זיי מיך... איך זאָג אייך, אַ שרעק!

שריי איך צו אַ יידן, אַז איך וויל זיך נישט שטופּן, וואָס האָט איר צו מיר?

וואָס שטופּט איר מיך? קוקט מיך יענער אָן ווי אַ משוגענעם, און גיט מיר נאָך אַ גרעסערן שטופּ.

און וואָס, מיינט איר, האָב איך געזאָלט טאָן... האָב איך גענומען שטופּן און געגעבן יענעם אַזאַ שטופּ, אַז ער איז געפאַלן...

מען האָט נאָך מיך אַרעסטירט. אמת, יענער איז געפאַלן שלעכט... זיך צעבלוטיקט... אָבער וואָס בין איך שולדיק?... איך האָב זיך דען געוואָלט שטופּן? נאָך אַ גליק, וואָס איך האָב אַ קרוב, וואָס אַרבעט ביי אַ לאָיער*), איז ער געקומען און האָט מיך אַרויסגענומען...

נו, פרעג איך אייך, איז דאָס אַ מדינה?... אַ מענטש, וואָס וויל זיך נישט שטופּן, מאַכט מען, ער זאָל זיך יאָ שטופּן...

און איך פרעג אייך וואו איז דאָ דער שכל, מען וויל זיין אַן איידעלער מענטש אין אַמעריקע און מען לאָזט נישט... און אָט אַזוי איז אַלע טאָג, ווען איך פאָר צו דער אַרבעט. איך שווער אייך, אַז איך וויל זיך נישט שטופּן, ווייל איך האָב צייט, נו, וועל איך קומען מיט אַ פערטל שעה שפּעטער אַהיים, וואָס ברענט דאָ? וועל איך

*) אדוואָקאַט.

אַרײַנכאַפּן פון דער ווײַב מיט צוויי קללות ווינציקער... אָבער מען קאָן זיך נישט העלפן, עס איז אַמעריקע: מען מוז זיך שטופּן, און שטופּסטו זיך נישט, — שטופּט מען דיך... און אַ ברירה האָסטו, דו מוזט זיך אָנהייבן שטופּן... ווײַל ווען נישט... קען מען פון דיר מאַכן אַ קניש... איז שוין בעסער מאַכן פון יענעם אַ קניש...

און אַט וועל איך אײַך דערצײלן נאָך אַ מעשה. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק פאָר איך אין בראָנזוויל צו אַ קרוב, צו גאַסט... איז פרעג איך אײַך, איז דאָך עס שוין שבת און נישט צו דער אַרבעט, און דאָך שטופּן זיך אונזערע ייִדעלעך... וואָס, ווער, ווען?... מען שטופּט זיך. קײנער האָט קײן צײַט נישט, — אַ געוואַלד... איז קום איך צו צום קאַר, ווער קאַר? וואָס קאַר? — עס שטײען אַזויפיל מענטשן, אַז עס הייבט אָן שווינדלען אין די אויגן, און יעדערער וויל זײַן דער ערשטער... נו, שטעל איך זיך אַוועק אָן אַ זײַט און באַשליס: נײן, איך וועל זיך נישט שטופּן... אַזאַ געוואַלטיקע מציאה בראָנזוויל, אַז מען דאַרף זיך נאָך שטופּן און אײַנשטעלן דאָס לעבן דערפאַר? שטײ איך אַזוי פון ווײַטן... אָבער פּלוצלונג דערפיל איך, ווי מען טראָגט מיך... און מען שרײַט: קאָמאָן! סעי, מיסטער, וואָס שטייט איר, ווי אַ גולם! און איך גיב אַ קוק, ערשט איך בין שוין אין מיטן פון „קראַוד“*) און מען שטופּט מיך פון אַלע זײַטן, אַזוי, אַז די געדערעם זינגען בײַ מיר שירה... און וואָס זאָל איך טאָן? מוז איך זיך אויך שטופּן!... און דאָ פאָראויס פאַר מיר, זע איך, שטייט דווקא אַ דאַר ווײַבל, הויט און בײנער. און זי האָט נאָך פעקלעך אויך... דאַרף איך דאָס, הייסט עס, מיט איר פירן מלחמה... וויל איך דאָך נישט, פאַרשטייט זיך, וואָס בין איך אַ גזלן, וואָס? איך וועל דאָס ווײַבל געבן אַ שטופּ, איז ווער ווייסט וואָס פון איר קען ווערן... ווײַל איר זעט דאָך, איך בין דאַנקען גאָט, נישט קײן שוואַך מענטשעלע און מײנע אַ האַנט, אַז איך לייג אַוועק אויף עמעצן, פילט זי זיך... ווײַל איך, הייסט עס, זיך נישט שטופּן, שרײַען אַלע הינטער מיר און מען שטופּט מיך: „סעי, מיסטער, וואָס שטייט איר דאָ, שמונה עשרה? — קאָמאָן! קאָמאָן! און אַ ברירה האָב איך, איך נעם זיך שטופּן און דאָ דערהער איך, אַז דאָס ווײַבל קוויטשעט. — אַ שרעק... איך האָב איר, הפּנים, אַ צו פעסטן שטופּ געטאָן... הכּלל, איך וויל זיך אומקוקן, אײַנהאַלטן, — אָבער דאָ שרײַט מען נאָך העכער: סעי, מיסטער, שלאָפט נישט, קאָמאָן! קאָמאָן! און איך פיל, ווי אײנער

*) געדרענג.

האָט זיך איינגעגעסן אין מיין פּלייצע ווי מיט די ציינער... אַ ברירה האָב איך, גיב איך זיך ווייטער אַ שטופּ, — — און דאָ הערט זיך נאָך אַ העכערער קוויטש... און מיר דאַכט, דאָס ווייבל פּאַראויס פאַרוואָרפט שוין דעם קאָפּ... און דאָ ווערט אַ קוויטשעריי פון נאָך ווייבער... און איך דערפיל, ווי מען שלאָגט מיך... הענט פליען אי־בער מיין קאָפּ, און מיין היטל איז שוין נישטאָ... הכלל: וואָס זאָל איך אייך לאַנג מוטשען, מען האָט מיך נאָך אַרעסטירט אויך... דאָס ווייבל האָט מען צוגענומען אין האָספּיטאָל... און איך האָב נאָך גע־האַט צרות אויך, און אַ נס, וואָס מיין קרוב, וואָס אַרבעט ביי אַ לאָיער, איז געקומען און האָט מיך ארויסגענומען... פרעג איך אייך, איז דאָס אַ מדינה? ווילסט זיין אַ פיינער מאַן און קענסט נישט... ווילסט זיך נישט שטופּן און מען צווינגט דיך צו שטופּן זיך... נו, האָט נישט געמעגט קאָלומבוס אויסדרייען הענט און פיס, איידער ער האָט זיך געלאָזט קיין אַמעריקע, האַ?

## טענה נומער 71.

### רק מען וועגט דיך!

— קאָלומבוס מיט זיינע ליגנס! — אָט אַזוי מאַכט צו מיר אַנומלט אַ ייד. — ס'געהערט אַ מעשה? — רק מען וועגט זיך אין אַמעריטשקע! וואו מען גיט זיך אַ קער, שטייט אַ וואָג און מען וועגט זיך! איך האַלט עס פאַר אַ שרעקלעכן שטות. וואָס הייסט, אַ מענטש זאָל זיך וועגן? וואָס איז דען אַ מענטש — אַ בהמה, צי וואָס? וואָס איז דען דאָ אַ מענטשן וויכטיק, וויפל ער וועגט, האַ? קויפט מען דען אַ מענטשן אויפן פונט, האַ? און דאָס האָט איינגעפירט אייער אַמע־ריטשקע: קינד און קייט וועגט זיך דאָ... גלייך ווי אַ קינד ווערט

געבוירן, ווענט מען עס... אַ גוואַלד. מען דאַרף עס גייטיק וויסן?!
אַט האָט מען אינדערהיים נישט געוואויגן קיין קינדער — און וואָס?
איז מען נישט אויסגעוואַקסן? — און נאָך ווי אויסגעוואַקסן! און
איך פרעג אייך: צו וואָס דאַרף מען עס? ווען מען קומט דערפון
אַרויס? און אַז איר ווילט, איז דאָס אַ דערנידערונג אויך. דעם גייסט
וועגט מען דאָ נישט, נאָר דאָס פלייש. „רוח" איז דאָ גאָרנישט, נאָר
דער „בשר" איז דער עיקר... נו, מילא, קינדער איז נאָך ווי צו
דערליידן, אָבער גרויסע, דערוואַקסענע באַלוואַנעס, ווען זיי שטעלן
זיך אויך אויפן וואָגן זיך וועגן, איז עס אַ אמתע חלשות... פוי!

— און גוט וואָלט נאָך געווען, ווען די וואָגן זענען, לכל הפחות,
אמתע, אָבער דאָ אין אַמעריקע איז דאָך נישטאָ קיין אמתע וואָג...
אָט נעמען זיי און גיבן אייך אַן אמתע וואָג! און אויב די וואָג איז פאַלש,
איז דאָך אַוודאי אַ נאַרישקייט צו וועגן זיך?...

— איר הערט, ווען איך קוק זיך צו אַמאָל, ווי אַ יידענע אַ
בהמה אָדער אַ מאַנסביל אַ פערד שטעלט זיך אַוועק אויפן וואָג,
און ווען זיי דערזעען, אַז זיי איז צוגעקומען אַ פונט, זענען זיי
זיך פשוט מחיה, ווילט זיך מיר אויסשרייען:

— שוטים, פערד, בהמות! און אַז אייך איז צוגעקומען אַ פונט
פלייש, איז וואָס? — איז נאָך אַ פונט פלייש פאַר די ווערעם!

— ניין, ניין! אָט דער מנהג פון וועגן זיך איז נאָר אין אַמע-
ריקע! אינדערהיים ווייסט מען נישט דערפון. און ווען מען וועט עס
גאָר איינפאַלן צו שטעלן זיך אויפן וואָג? דאָס איינציקע מאָל, ווען
מען פלעגט אַ מענטשן אָפּוועגן ביי אונז אינדערהיים, איז ביים
„פריזיוו". איז דאָס טאַקע אויך געווען אַ גזירה... און יעדערער האָט
געוואָלט דערפון אַנטלויפן... זיך ראַטעווען... דאָס איז געווען מיט
צוואַנג, על פי גויט, אָבער מיטן גוטן ווילן אַ מענטש זאָל זיך נע-
מען וועגן, — דאָס נישט! דאָס איז דאָך שוין אמתער שטות...

— און איך האַלט דעם גאַנצן ענין פון וועגן זיך פאַר אַ
שווינדל אויך, אויף אַרויסצוכאַפּן סענטן ביים היגן עולם. ווייל מען
האָט איינגערעדט אַלעמען, אַז דאָס איז צוליב געזונט. ווער געזונט?
וואָס געזונט? איך בעט אייך: וואָס האָט וועגן זיך צו טאָן מיט
געזונט? און אַז אַ מענטש וועגט מיט צען פונט מער, איז ער דען
געזינטער פון איינעם, וואָס וועגט ווייניקער? געזונט איז דען נאָר
פלייש? געזונט איז דאָך גייסט אויך! יע, עס הייבט זיך גאָרנישט

אָן און עס לאָזט זיך גאָרנישט אויס... דאָס איז מען גאָרנישט אויסן אייער געזונט, נאָר אייער סענט. דאָס סענטעלע, אָט דאָס איז דער אומגליק פון אַמעריקע... דער סענט איז דאָ ביליק און מען שלעפּט אים אַרויס ביי אייך מיט אַלערליי קונצן... אי, דער סענט אַליין קומט דאָ אָן נישט אַזוי גרינג, מען דאַרף געגוג שוויצן אויף אים, — איז דאָס נעמען די פערד נישט אין אַכט... און צוליב דעם איז דאָ די יוגנט אַזוי צעלאָזן... אַלץ צוליב דעם סענט... פּאַפּאַ, פּאַפּאַ, גיב אַ פּעני! — און דער נאַרישער טאַטע גיט... און די קינדער טראָגן עס אין די מאַשינקעס, און דער טאַטע אַרבעט שווער ביי דער מאַשין און עס גייט אַוועק צו דער מאַשין... אַ פּעני אויף קענדי, אַ פּעני אויף פּינאַטס*), אַ פּעני אויף גאָם, אַ פּעני אויף אַפּוועגן זיך און עס קלויבן זיך אָן געגוג פּענעס...

— איך וויל אייך דערציילן אַ מעשה. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר צוריק, בין איך קראַנק געוואָרן, האָב זיך פּאַרקילט. ס׳איז דאָך אַמעריקע-גנב מיט אירע „קאָלדס“ — רק מען פּאַרקילט זיך! האָב איך געהוסט און געהוסט, ביז מיין ווייב האָט מיר איינגערעדט, איך זאָל אַריבערגיין צו אַ דאָקטאָר, — בין איך אוועק, כאָטש איך האַלט ווייניק פון אַמעריקאַנער דאָקטוירים. געקומען צום דאָקטאָר, הייסט ער מיר זיך אויסטאָן און ער נעמט מיך און ער שטעלט מיך אַוועק אויף דער וואָג. זאָג איך צו אים: „דאָקטאָר, וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַ הוסט מיט אַ וואָג? לאַכט ער: „ס׳האָט שוין יאָ אַ שייכות... אַלץ האָט אַ שייכות... זאָג איך צו אים: „דאָקטאָר, איר האַלט פון וועגן זיך? לאַכט ער און קוקט מיך אָן, ווי אַ ווילדן. און כך הוה: ער האָט מיך אָפּגעוואויגן און פאַרשריבן אַ מעדעצין צום הוסט און איך הוסט נאָך עד היום הזה...

אָט דאָס איז אייער אַמעריקע מיט איר וועגן זיך. איך זאָג אייך: אַז איך גיב אייך דערפאַר קיין צעבראָכענעם סענט נישט! ס׳איז אַ שטותעריי און נישט מער!

*) פּיסטאַשקעס.

# טענה נומער 72.

## טראָג זיך אָפּ, ברודערל!

— אַמעריקע איז קיין לאַנד נישט, עס איז אַ מדבר, אַ ווילדערניש! — אַזוי מאַכט צו מיר אַנומלט מיינער אַ באַקאַנטער, אַ חקרן, אַן עלטערער ייד. — ווייל האָט איר דען געזען אין דער גאַנצער וועלט נאָך אַזאַ לאַנד, וועלכע זאָל אַזוי פיינט האָבן אַלטע מענטשן, ווי אַמעריקע? אינדערהיים איז אַן אַלטער מענטש דאָס אויבערשטע פון שטויסל און דאָ אַן איבעריקע זאַך... אַ שמאַטע!...

— איר טרייבט אַ ביסל איבער, — רוף איך זיך אָן.

— איך טרייב שוין גאָרנישט איבער! — מאַכט דער עלטערער ייד.—איך דערטרייב נאָך נישט... אַמעריקע איז אַ לאַנד, וואו מען האָט פיינט עלטערע מענטשן, דאָס איז אַ פאַקט... אַמעריקע איז אַ לאַנד פאַר קינדער. אמת, קינדער זענען אַ הויכער ענין... איז אָבער ווען גערעדט, ווען די קינדער ווייסן ווי אָפּצוגעבן כבוד זייערע עלטערן, ווי אָפּצודאַנקען... אָבער ווי עס פירט זיך דאָ, איז עס ערגער, ווי אין אַ וואַלד. עס קומט אויס אַזוי: האָסט אויסגעהאָדעוועט קינדער און פאָדער פון זיי גאָרנישט, טראָג זיך אָפּ וואָס שנעלער...

איך האָב געשוויגן און דער אַלטער האָט ווייטער גערעדט:

— און ווייסט איר, ווער איז דערין שולדיק?

— ווער ווייסט? — ענטפער איך.

— שולדיק זענען אין דעם די רעדלעך. אַמעריקע איז אַ לאַנד פון רעדלעך. אַלץ גייט דאָ אויף רעדלעך: תיכף ווי אַ קינד שטעלט זיך דאָ אויף די פיסלעך, קויפט מען אים רעדלעך, הייבט ער זיך אָן רעדלען... „קידי קאַרס", אויטאָמאָבילטשיקעס, בייסיקעלס, וועגעלעך, סקייטס, — אַלץ רעדלעך און רעדלעך. און קינדער ווערן דאָ לויפערס, שנעל-פאָרערס, יאָגערס, און זיי געוויינען זיך אָפּ פון גיין און זיי ווייסן נישט, ווי זיך צו באַגיין מיט עלטערן.

— און טאַקע, איך פרעג אייך, — מאַכט דער ייד, — וואָס האָט פאַר אַ ווערט אַן עלטערער מענטש אין די אויגן פון אַ יונגן צוציק, ווען ער פאָרט אויף רעדלעך און דער טאַטע אָדער דער זיידע גייען צופוס?... ביי אַזעלכע אומשטענדן מוז דער יונגער דור אַוועק ווייט פון די עלטערן, ווייל דער גייט בדרך הטבע און יענער לויפט ווי אַ שוואַרץ יאָר!

— עך, אינדערהיים, — מאַכט דער ייד מיט אַ קרעכץ, — איז גאָר געווען עפּעס אַנדערש. אינדערהיים זענען אַלע דורות געגאַנגען גלייך. און מען האָט געהאַט רעספּעקט פאַר דעם זיידן, דעם פוסגייער. מען האָט געוואוסט, אַז על פּי דרך הטבע מוז אַן עלטערער מענטש גיין אַ ביסל פּאַמעלעכער... מיט אַ שטעקן אַפילו. אויך דאָס איז נישט געווען קיין שאַנדע... אָבער דאָ ווייסט מען דאָך נישט פון דער נאַטור. דאָ איז אַלץ קעגן דער נאַטור... און אַ קינד ווערט גלייך געשטעלט אויף רעדלעך און עס מיינט, אַז די גאַנצע וועלט מוז לויפן און זיך רעדלען!...

— מיר געפעלט נישט די היגע קינדערדערציאונג. ווען איך בין דאָ אַ דעה־זאָגער, וואָלט איך פאַרבאָטן די קינדער אָט די אַלע וועגעלעך און רעדלעך... קינדער טאָר מען נישט איינגעוויינען צו לויפן שנעל, ווייל די שטראָף איז: *זיי אַנטלויפן.*

און אַזוי ווי דער טאַטע גייט צופוס, קען ער דאָס קינד נישט אָניאָגן...

— וואָס זשע וואָלט איר געגעבן די קינדער אַנשטאָט רעדלעך?— שטעל איך מיין יידן אַ פראַגע.

— וואָס געגעבן? — מאַכט דער ייד. — ס'איז דאָ גענוג וואָס צו געבן!.. ערשטנס, דאַרפן קינדער בכלל מער זיצן און ווינציקער אַרומלויפן... אַז מען זיצט, לערנט מען... איר געדענקט, וויפל שעה אַ טאָג מיר פלעגן זיצן אין חדר? — און דערפאַר האָבן מיר טאַקע עפּעס אויסגעלערנט...

— איר פאַרשטייט? — דערקלערט מיר דער ייד. — פאַרוואָס זאָגט מען: ער איז געזעסן על התורה ועל העבודה און נישט געלאָפן? ווייל לויפנדיק קען מען קיין תורה נישט לערנען... תורה איז ישיבה, זיצן... זיצן און לערנען. און דערפאַר קענען די היגע קינדער גאָרנישט, ווייל זיי זיצן קיינמאָל נישט אײַן. אין גאַס לויפן זיי אום אויף רעדלעך. און אפילו

אין הויז לויפן זיי. און אין סקול*) וואָס, מיינט איר, טוען זיי? — אויך דאָרט לויפט מען אום! פון טרעפּ אויף טרעפּ... זיצן איז נישט אין דער היגער נאַטור...

און דערפאַר האַלט איך נישט פון די היגע קינדער! — פאַרענדיקט דער ייד זיין געשפּרעך. — היגע קינדער שפּילן זיך גאָרנישט, נאָר זיי לויפן אום... זייער גאַנץ שפּיל איז אַ יאָגעניש, אַ לויפעניש אויף רעד-לעך... אינדערהיים אַ קינד פלעגט זיך שפּילן אין זאַמד, גראָבן, האַקן, בויען שטיבעלעך, און אַלץ שטיל, רויק, און מיט אַזאַ קינד האָסטו גע-קענט אויסרעדן אַ וואָרט... אָבער דאָ, איך וויל אַמאָל זאָגן מוסר מיין אייניקל, — איז ווער הערט מיך? ווי איך רעד נאָר אויס איין וואָרט, אַהאַ! ער איז שוין אַ מייל ווייט פון מיר... ער האָט זיך שוין אַוועק-געראָדלט... די היגע קינדער זענען נישט קיין קינדער, נאָר טייוואָלים אויף רעדלעך... עס רעדט גיך, עס עסט גיך, עס גייט שנעל, עס לויפט... און ווען עס ווערט אויסגעהאָדעוועט, איז עס שוין נישט געוויינט צו טראַכטן... און דאָ, ביי אַזעלכע אומשטענדן, ווען אַ מענטש ווערט אַלט און קען נישט נאָכיאָגן, איז ער אויסגעשפּילט, דאַרף מען אים אַרויס-וואַרפן, ווי אַ צעבראָכן רעדל פון אַ וועגעלע.

— גיין, מיין פריינט, דאָס היגע לעבן טויג נישט, — שליסט דער ייד זיין קלאָג-ליד. — דאָ, אין אַמעריקע, אַז מען האָט קינדער, איז מען אַ גזלן אויף זיך אַליין... מען האָדעוועט אויס רוצחים... אי, ווען עס ווענדט זיך אָן מיר, וואָלט איך דאָ שוין געמאַכט אַ טאָלק!... איר ווייסט וואָס נאָך איך וואָלט געטאָן? איך וואָלט, ראשית, אָפּגעשאַפט דעם מקור פון די רעדלעך. איך מיין די בייבי-קערידזשעס. אָט דאָס איז דער אָנהייב פון דעם אומגליק... ווי מען נעמט נאָר אַרויס אַ קינד אין גאַס, איז גלייך אויף רעדלעך... און דערפון איז אַ דאָפּלטע צרה: ערשטנס, פירט מען איבער די קינדער, מען געוויינט זיי צו צו די רעדלעך, און, צווייטנס: טאַקע די ווייבער גופא. אויך זיי צעלאָזט מען מיט די קערידזשעס... ווען פרויען וואָלטן זיך אומגעטראָגן מיט קינדער, אָנשטאָט זיי צו פירן, וואָלטן זיי געהאַט עפּעס אַ יאָך, אַן אַרבעט... אָבער אַזוי ווי עס פירט זיך דאָ, איז עס אַ גרינג לעבן: מען לייגט אַריין דאָס אין וועגעלע — און היידאַ! און חוצדעם, איז אַפילו דעם קערידזש פירן אויף די היגע ווייבער ווינציק וואָס, נאָר מען שפּאַנט איין דעם פערד, דעם מאַן, ער זאָל פירן... און אַזאַ פרוי לעבט זיך אַזוי גרינג, איז קיין חידוש נישט, וואָס מען אַנטלויפט פון די מענער... ווי איר זעט, הענגט איין זאַך אָפּ אָן

דער צווייטער: די רעדלעך פירן איבער אי די מאַמעס, אי די קינדער... ניַשט גוט צו לעבן אין אַזאַ מדינה!... נישט גוט!

## טענה נומער 73.

### שדים, נישט קיין קינדער!

— איר הערט, — האָט מיין לאַנדסמאַן, יאָסל, מיט מיר פאַר־פירט אַ שמועס וועגן אַמעריקע. — איר הערט, אינדערהיים האָב איך נישט געגלויבט אין שדים, אָבער דאָ, אין אַמעריקע, גלויב איך יע. איך פרעג אייך: וואָס זענען די היגע קינדער, אויב נישט קיין שדים? קינדער זענען זיי זיכער נישט... אַז גיין גייט עס נישט ווי קיין מענטש, נאָר עס שפּרינגט אונטער... עסן עסט עס נישט, — עס שלינגט... רעדן רעדט עס נישט, — נאָר עס גוואַלדעוועט... און זעט מען אין גאַס ווי זיי שפּילן באַל און ווי זיי שפּרינגען און פייפֿ־דערן, קוקן זיי דאַן זיכער אויס, ווי שדים... בכלל, זאָגט מיר, קע־נען דען קינדער אַזויפיל זיך אָנאַרבעטן? עס זענען שדים, נישט קיין קינדער!

— היינט נעמט אַ היגע הויז, איז עס דען נישט פול מיט שדים און רוחות? אינדערהיים אַ הויז איז געווען אַ הויז, ווענט — ווענט... אָבער דאָ, לייגסט זיך ביינאַכט און שלאָפסט נישט, הערסטו, ווי מען גייט אַרום איבער דיר און אונטער דיר, און פון די ווענט שושקעט מען זיך...

— איך זאָג אייך, אַ היגע הויז איז פול מיט נישט־גוטע...

היינט וואָס איז דער טעלעפאָן... לאָמיך זיך נישט נאַרן... איר ווילט טאַקע מיר איינשמועסן: המצאות, שכל, עלעקטריק... איך גלויב נישט אין די אַלע זאַכן! ביי מיר איז אַ טעלעפאָן, — אַ נישט־גוטער... עס זיצט אַ שד אין אַ טרייבל און ער רעדט פון דאָרטן אַרויס... און איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך בין כמעט

ווי זיכער, אַז אַלע צרות אין דעם היגן פֿאַמיליע-לעבן שטאַמען פֿון טריפֿהנעם טעלעפֿאָן... איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה: מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך געווען אַ באָרדער, האָב איך געוואוינט ביי אַ פֿאָר-פֿאָלק... האָבן זיי נישט געלאַדעט... אַ יונג פֿאָר-פֿאָלק, פֿלעגט מען זיך רייסן... איך האָב דאַן נאָך נישט געאַרבעט, פֿלעג איך זיצן אינדערהיים. איז הערט איר, גלייך ווי דער מאַן פֿון מיין מיסעס פֿלעגט אַרויס פֿון הויז, פֿלעגט זי צולויפֿן צום טעלעפֿאָן און נעמען רעדן אין ענגליש... זי פֿלעגט רעדן זייער זיס און לאַנג... און נאָכדעם פֿלעגט גלייך אַראָפּקומען אַ יונגערמאַן און זיי פֿלעגן זיך פֿאַרשליסן אין סאַלע... און ביי מיר איז שוין דאַן געבליבן, אַז דער טעלעפֿאָן איז דאָ שולדיק מער ווי אַלץ... און איך האָב זיך שוין געקליבן זאָגן מיין מיסטער, אַז אויב ער וויל, אַז זיין ווייב זאָל ווערן צו אים גוט, זאָל ער אויסקאַסעווען דעם טעלעפֿאָן, אָבער איך האָב עס נישט געזאָגט... איר פֿאַרשטייט, איך האָב זיך מיישב געווען: צו וואָס זאָל איך זיך מישן אין פֿרעמדע עסקים? און דערהויפּט, ווען עס איז דאָך נאָך אין אַמעריקע! ... הכלל, איינמאָל האָט מיין מיסעס עפּעס גערעדט מער ווי אַלעמאָל אין טעלעפֿאָן... געוויינט אַפֿילו און געלאַכט... און נאָכדעם האָט זי זיך איינגעפּאַקט און נאָכדעם איז זי אַוועק און איז שוין מער נישט געקומען... מן הסתם טאַקע מיט יענעם יונגנמאַן, און ווען דער מיסטער איז געקומען אַהיים, האָט ער מער קיין ווייב נישט געפֿונען... נו, וועט איר מיר איינשמועסן, אַז דער טעלעפֿאָן האָט אין דעם נישט קיין האַנט?

— איך זאָג אייך, דער טעלעפֿאָן איז נישט קיין כשרע כלי.

און וואָס איז דער פֿאָנאָגראַף? — טאַקע, ווי זאָגט איר, עדיסאָן... איך גלויב אייך, עדיסאָן איז אַ גרויסער מענטש, אָבער גאָר אָן דער הילף פֿון נישט-גוטע קען זיך עדיסאָן אויך נישט באַגיין... איר וועט מיר נישט איינשמועסן אַז אַ רעקאָרד*) קען אַרויסגעבן אַ מענטשלעכע שטימע אָן דער הילף פֿון נישט-גוטע! ביי מיר איז עס קלאָר, אַז שדים זיצן אין דערדאָזיקער כלי... און איר הערט, ווען איך קום אַמאָל צו אַ לאַנדסמאַן און מען שטעלט אָן דעם פֿאָנאָגראַף, פֿאַרשטאָפּ איך די אויערן... דערהויפּט קען איך נישט ליידן אָט די אַמעריקאַנער טענצלעך און האָפּקעס... פֿילט איר דען נישט, אַז ליילית

*) פֿאָנאָגראַף-דיסק.

און דער אַשמדאי רעדן פון זיי אַרויס? ס׳אַרא קוויטשעריי, — פונקט ווי מען קוילעט חזירים...

זעט איר... אַ חזן איז נאָך צו דערליידן... כאָטש אויך די היגע חזנים זעגען נישט דאָס, וואָס אינדערהיים. ווייל ווי קען אַ חזן זינגען דורך אַ מאַשינקע? קיין נסים זענען נישטאָ. אויב די היגע חזנים האָבן זיך פאַרבונדן מיט די נישט-גוטע, מיט די קעס-טעלעך און רעקאָרדס... נאָר דאָך איז אַ חזן פאָרט עפּעס אַנדערש... ווי אַמעריקע מיט אירע מאַשינקעס און רוחות זאָלן אים נישט מאַכן טמא, — בלייבט נאָך אַלץ עפּעס פון דער קדושה... אָבער פון מיינט-וועגן וואָלט מען אויך די חזנים נישט געשפּילט אויפן פאָנאָגראַף!...

— און דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אָט נעמט, למשל, די סאָב-וויי, איז עס אויך נישט קיין כשרע זאַך... מילא, אויף דער ערד, פאַרשטיי איך נאָך, אָבער אונטער דער ערד האָט עס געוויס וואָס צו טאָן מיט נישט-גוטע. און איר הערט, איך האָב נישט ליב צו פאָרן מיט דער סאָבוויי... איך בין אַמאָל געפאָרן, איז עס אַזוי שנעל געלאָפן, ווי אַ שד וואָלט זי געטראָגן און איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן און געזאָגט תהלים...

— ניין, מיין פריינט, — האָט מיין לאַנדסמאַן, אַ ייד אַ זקן, פאַרענדיקט. — אַמעריקע איז אַן אומריינע מדינה... זי איז פול מיט רוחות, און דערפאַר טויג דאָ נישט דאָס לעבן, ווייל וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון נישט-גוטע?

## טענה נומער 74.

### דאָס אַמעריקאַנסקע לשון.

מאַכט אַנומלט צו מיר אַ ייד אַזוי:

— ווי איר זעט מיך אַ יידן, האַלט איך נישט פון אייער אַמעריקאַנסקע לשון. פאָלגט מיך, ס׳איז קיין לשון נישט, דאָס ענג-

לישע לשון... אַט, למשל, נעמט רוסיש, גויש, איז עס אַ לשון, עס האָט אַ טעם, עס איז קלאָר, יעדעס וואָרט ווערט אַרויסגערעדט, ווי אַ מענטש דאַרף אַרויסרעדן. און אַפילו, אַז אַ גוי זידלט זיך, איז אויך דאָ וואָס אָנצונעמען... אָדער נעמט טאַקע אונזער יידיש — איז עס אויך אַ לשון, מען קען עס פאַרשטיין. מען רעדט ווי אַ מענטש, — אַפילו די פוילישע און די גאַליציאַנער... אָבער ענגליש — דאָס איז דאָך מער געכאַפּט, ווי לשון... מען רעדט נישט, נאָר מען כאַפּט, און דערביי געוואַלדעוועט מען נאָך... און דערביי קרימט מען זיך די פּנימער, ווי משוגעים, און מען צעעפנט פיסקעס, — אַ שרעק! איך זאָג, עס איז קיין לשון נישט. איך האַלט נישט פון דעם...

— איר מיינט, אַז איך רעד נישט קיין ענגליש? — איך רעד! פאַרוואָס זאָל איך נישט רעדן? נישט קיין סך, נאָר איך רעד! אַט דאָס, וואָס איך דאַרף, רעד איך. און איך דאַרף נישט קיין סך... איך בין אַ מסתפק במועט — אָבער איך האָב עס נישט ליב... מיט ענגליש איז אַזוי: אָדער מען קייט די ווערטער, ווי טשואינג גאָם, אָדער מען געוואַלדעוועט, ווי ווילדע... איך האָב דאָ אַ שוועסטער-קינד, גייט ער אין אין קאַלעדזש*), נו, איז אַזאַ בחור האָט דאָך שוין געדאַרפט קענען רעדן, ווי אַ מענטש, איז אויך ער שרייט... ווי ער עפנט נאָר אַ מויל ביים רעדן, איז כאַטש נעם און פאַרשטעל די אויערן...

— כ׳פרעג אייך, וואָס געוואַלדעוועט דאָ אזוי דער לשון? צו וואָס דאַרף עס אַזוי געוואַלדעוועט? און אַפילו מיידלעך שרייען דאָ אויך... אינדערהיים אַ מיידל, אַז עס רעדט — זינגט זי, רעדט זי שטיל, צניעותדיק, אַ חיות צו הערן! און רעדט זי רוסיש, איז ווי אַן אמתע פּריצטע!... און דאָ? — אַ מיידל שרייט, ווי אַ בחור, איר הערט, די היגע בתולות שטעלן זיך ביים פענסטער אַמאָל רופן איינע די צווייטע, אַ חברטע, וואָלט איך זיי אָפּגעגאָסן מיט זודיק וואַסער... מען קען עס נישט הערן!

— היינט האָט איר געהערט, ווי מען רעדט ענגליש דאָ ביים שפּילן אין באָל? מען שרייט! איר קענט דען כאַפּן אַ וואָרט... אסור! מען געוואַלדעוועט... מען לויפט, ווי משוגעים און מען שרייט. קאָלומבוס מיט זיינע קולות... און האָט איר אַמאָל פאַרשטאַנען דעם ענגליש פון אַ קאָנדוקטאָר? אינדערהיים פלעג איך אויך פאָרן אויף

*) אוניווערזיטעט.

באַנען, געווען אַ סוחר, נישט ווי דאָ, און פלעגט דער קאָנדוקטאָר אויסרופן אַ סטאַנציע, פלעגט זיין אַ חיות צו הערן, קלאָר און דייט־לעך: „סטאַנציע באַראַנאָוויטש!" און דאָ, אַז איך פאָר אין די בראנקס, פאַרשלאָף איך אַלעמאָל, ווייל דער קאָנדוקטאָר רופט אונטער דער נאָז אין טערקיש... מען קען דען כאַפּן אַ וואָרט, וועלכע סטאַנציע ער רופט אויס?

— איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, — מאַכט דער ייד, — אַמעריקע וועט נאָך סוף כל סוף האָבן דעם סוף פון קורחן. פאַרוואָס? ווייל זי שלינגט ווערטער, דערפאַר מוז זי די ערד איינשלינגען... איך פרעג אייך, וואָס איילט מען זיך דאָ אַזוי? גאָרנישט! מען שלינגט!

— איר הערט, איך האָב אַ לאַנדסמאַן, איז ער אַ ייד אַן עושר, אַ מאַנופעקטשורער ביי לײדיס ווייסטס*). אַ ייד אַ גביר... פון דער־היים דווקא אַ ישיבה־בחור, אַ טאַטנס אַ קינד, אַ למדן, אַ משכיל, מיט אים איז געווען אַ חיות צו רעדן... ער פלעגט שמועסן פון פּאָליטיק, אַ פאַרגעניגן, יעדעם וואָרט אַ פערל... אָבער דאָ, אין אַמעריקע איז ער געוואָרן אַ גראָבער יונג, דאָס, וואָס ער האָט געלערנט אינדערהיים, האָט ער פאַרגעסן, און דאָ האָט ער גאָרנישט געלערנט. וואָס זשע דען? ער רעדט נאָר ענגליש!.. יידיש קיין וואָרט נישט, אַפילו נישט מיט מיר... מילא, זאָל זיין ענגליש! איז אָבער די צרה, מען פאַר־שטייט נישט קיין וואָרט, וואָס ער רעדט... ער שלינגט, ווי הייסע בולבעס... אַ וואו איז אַהינגעקומען זיין צחות הלשון? קאָלומבוס, אַז ברענען זאָל ער!... און דערצו האָט ער נאָך אַ טבע, ער רעדט נישט מיטן פולן מויל, ווי אַ מענטש דאַרף רעדן, נאָר מיט אַ ווינקל בלויז... אין איין ווינקל מויל האַלט ער אַלעמאָל אַ דיקן ציגאַר און פיפקעט, און מיטן צווייטן רעדט ער... און איך זאָג אייך, מען פאַרשטייט קיין וואָרט נישט און דערביי קרימט ער זיך נאָך, ווי ער וואָלט אייך גע־טאָן אַ גרויסע טובה...

וואָס דאַרף מען זיך נאָך קרימען, פרעג איך אייך?..

— דאָס מיינט נישט, — מאַכט דער ייד, — אַז ער טוט קיין בייזנעס נישט מיט זיין לשון... ביזנעס טוט ער! הלואי טוען מיר עס ביידע אין צען יאָר אַרום, נאָר ווער דאַרף זיינע ביזנעס, אַז דער צלם אלקים פעלט... אַז ער רעדט נישט ווי קיין מענטש!..

— היינט נאַט נעמט אַ היגן פּאָליסמאַן, קען מען דען פאַרשטיין

*) פאַבריקאַנט פון פרויען־בלוזעס.

וואָס ער רעדט? "אינדערהיים, אַז אַ רוסישער פּאָליסמאַן פלעגט אַ זאָג טאָן „סטופּאַי", פלעגט עס זיין דבורים! אָבער דאָ, אַז אַ פּאָליסמאַן הייסט אייך גיין — ווייסט מען נישט, צי מען דאַרף גיין, צי מען דאַרף זיך צוזעצן... איר הערט אַ מעשה: אָט דאָ, מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, גיי איך אין גאַס פאַרטראַכט, אַריינגעטאָן אין מיינע מחשבות, ערשט פּלוצלונג הער איך, מען שרייט אויף מיר. קוק איך זיך אַרום — אַ פּאָליסמאַן! וואָס ער שרייט, ווייס איך נישט... איך הער קולות, אָבער נישט מער... שטעל איך זיך אָפּ — שרייט ער נאָך שטאַרקער. הייב איך אָן גיין — שרייט ער ווידער. ווייס איך נישט וואָס צו טאָן — ביז גאָט האָט געהאָלפן, ער איז צוגעלאָפן צו מיר און מיר געגעבן אַ שטופּ אויף צוריק... דאַן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער מיינט, אַז איך זאָל גיין צוריק. און וואָס איז די מעשה — אַ פייער! אַמעריקע מיט אירע שריפות! דאָ אַז עס ברענט, זעט מען דאָך נישט, וואו עס ברענט, — איז פונוואַנען זאָל איך וויסן?...

— איך זאָג אייך: אַמעריקע האָט נישט קיין לשון, ווייל ווי קענען די היגע מענטשן זיך אויסלערנען גוט רעדן, אַז מען האָט דאָ קיין צייט נישט?

## טענה נומער 75.

### אַי, די הרובע!

זיצט אַנטקעגן מיר אַ פאַרבענקטער ייד און פון זיין מויל פאַלן שטיקער בענקשאַפט:

— אַך! מיר האָבן גאָרנישט געוואוסט, ווי גוט עס אונז געווען אינ- דערהיים!... אָט נעמט כאָטש די הרובע, די היימישע הרובע? איז וואו האָט איר עס דאָ? — נישטאָ אַזאַ זאַך! אַי, ווי עס בענקט זיך אַנאַ נאָך דער הרובע! איר פאַרשטייט? מען קומט זיך אין אָוונט אַהיים,

אין דרויסן איז קאַלט, טאַקע אמת קאַלט, נישט ווי דאָ אין אַמעריקע... וואָס ווייס מען דאָ פון קעלט? — ווייס איך!... איז קומט מען זיך אַ היים, אַ דערפרוירענער, און מען טוט זיך אויס און מען רוקט זיך צו צו דער הרובע און דאַן ווייס מען, אַז מען לעבט אויף דער וועלט... מען שטעלט זיך, פאַרשטייט איר מיך, מיט דער פלייצע צו דער הרובע און עס ווערט אייך ווארעם אין אַלע גלידער, און עס ווערט אייך גוט. און אויב איר ווילט, קענט איר נעמען אַ ספר אין האַנט צורוקן, דעם טיש צו דער הרובע, און לערנען... און עס איז אייך אי ווארעם, אי איר טוט עפּעס אויך... איר פאַרשטייט? וואו האָט איר עס דאָ אַזאַ באַקוועמ-לעכקייט... סטים? — פע! ווער קען זיך עס שטעלן ווארעמען לעבן סטים? עס האָט דען אַ טעם? און וואָס איז דאָס פאַר אַ ווארעמקייט? חלשות!.. איך ווייס נישט, מיר נודיעט פון אייער סטים... און דערצו מאַכט אייער סטים אַ טומל... עס זשומעט און רוישט, פע! אָט נעמט טאַקע די היימישע הרובע, איז זי שטיל, רויק, באַלעבאַטיש... זי ווייס, ווי דאַרף געבן ווארעמקייט, אָבער אייער סטים טומלט און טומלט, און און מאַכט געוואַלדן, פייפט... און עס קומט צו עפּעס, איז נישטאָ וואָס צו זען... איך זאָג אייך, הערט איר, די היימישע זאַכן זענען געווען בעסערע און קליגערע. אַ היימישע זאַך איז געווען טאַפּאָרנע, געזונט, אָן קונצן... עס האָט נישט געפייפט און נישט געדונערט, אָבער עס האָט געגעבן ווארעמקייט.

— אי, אי, אי! וואו נעמט מען דאָ אין אַמעריקע די היימישע הרובע!... איך דערמאָן זיך אָן די לאַנגע ווינטעראָוונטן, איך מיט מיין הינדע באַשען, ע״ה, פלעגן זיך זעצן מיט די פלייצעס צו דער הרובע, און מיר פלעגן זיך אָנהייבן דערמאָנען... וואָס פלעגן מיר זיך נישט דערמאָנען!... אין דרויסן האָט דער ווינט געוואויעט, אַ שניי האָט גע-שאָטן... עס איז געווען אַ מורא אַרויסצוגיין אין גאַס, אָבער מיר, איך מיט מיין אַלטער, זענען זיך געזעסן לעבן הרובע און האָבן דערמאָנט זיך, ווען מיר זענען געווען חתן-כלה... וויאַזוי מיר האָבן חתונה געהאַט... און אַזוי כסדר. מיר פלעגן אַזוי לאַנג רעדן' ביז מיין הינדע באַשע, גע-ווען אַ שוואַכע יידענע, פלעגט איינשלאָפן טאַקע דאָ זיצנדיק ביי דער הרובע. דאַן פלעג איך אָוועקגיין און אויסבעטן אַליין די בעט און נע-מען טאַקע מיין אַלטעטשקע אָט אַזוי אויף די הענט. איך בין געווען אַ בריה אַ ייד. קוקט נישט, וואָס איצט זע איך אויס אַ חלוש... אַמעריקע... דער שאַפּ, צרות... העט!... אָבער אינדערהיים געווען אַ גבר אַ ייד,

לעבעדיקער I באַנד.

פאַר מיינעם אַ פאַטש פלעגט מען ציטערן. פלעג איך נעמען מיין הינדע באַשען און זי אַוועקגעטראָגן אָט אַזוי אין בעט, און וואָס איז איצט? — גאָרנישט, נישטאָ קיין הינדע באַשע, נישטאָ קיין הרובע. איצט ביך איך אַ באָרדער, וואַלגער זיך ביי מיינער אַ שוועסטערקינד אין קיך... און דאָרטן איז קאַלט און שמוציק, אַ שרעק!... וואַלגער איך זיך ביי מיין שוועסטערקינד, ווייל אַ ברירה האָב איך? קיין גרויסער באַרדינער בין איך נישט. אַרבעט אין שאַפ ביי אַ לאַנדסמאַן, קער אויס, ראַם צו, טראָג עפעס אַרויף... גאָר-נישט, עס איז נישט קיין אַרבעט און נישט קיין געלט... אָט, מען פטרט די עטלעכע יאָר, וואָס איז נאָך געבליבן צו לעבן... און מיין שוועסטערקינד נעמט ביי מיר דריי דאָלאַר אַ מאָנאַט פאַר שלאָפן אין קיך... זי זאָגט: עס איז אַ מציאה... ווייל ביי אַן אַנדערן וואָלט זי געקאָנט נעמען אַכט אָדער צען... ווייל אירע רומס זענען, זאָגט זי, מיט אימפּרואָוומענטס, מיט סטים... זאָג איך צו איר: וואָס טויגן די אימפּרואָוומענטס און די סטים, אַז אין קיך איז קאַלט?... זאָגט זי: עס קען נישט זיין קאַלט, ווייל אין קיך גייט אַ פּייפּ*) פון סטים... זאָג איך: אמת, די פּייפּ גייט טאַקע, אָבער קיין סטים גייט נישט... דרייט זי זיך אַוועק און ענטפערט מיר נישט... וואָס וועט זי מיר ענטפערן? זי ווייסט דען אַליין נישט, אַז די פּייפּ איז שטענדיק קאַלט!

אי, אי, אי, די הרובע! די היימישע הרובע, וואו נעמט מען! איר פאַרשטייט, מען קומט אַן אָנגעהאָרעוועטער פון שאַפ, עס ברעכן די ביינער, און עס איז נישטאָ צו וואָס זיך צוצושטעלן... גיי וואַרעם זיך לעבן דער קאַלטער פּייפּ! און דאָס שלאָפן איז מיר אויך נישט גוט... די אַמעריקאַנער בעטלעך, זאָלן זיי נישט געדאַכט ווערן... רק עס רופעט און סקריפּעט, און לייגט מען זיך אַוועק, איז האַרט... איין גליק נאָך, איך האָב געבראַכט פון דערהיים מיין פוטערל: אַן אַלט פוטערל. שוין געדינט מיר אַ שיינע צענדליק יאָר. אַן אמתער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט... שוין גוט אויסגעקראָכן... אַך, איז דאָס אַמאָל געווען אַ פוטער!... דאָ וואָלט ער זיכער ווערט גע-ווען אַ הונדערטער, און אפשר נאָך מער. מען זעט דען דאָ אַזעלכע פוטערס? וואו? ווען? וואָס? געמאַכט האָב איך אים נאָך דער חתונה, ווען די געשעפטן זענען אַוועק גוט... איך האָב געהאַט אַ

*) אַ רער.

באַקאַליי-קראַם... אַ גוט געשעפט... און אויפגעגנייט האָט מיר אים טאַקע מיין הינדע באַשעס אַ בּרודער, אַ טייערער שניידער געווען, פּשש! וואו זעט מען גאָר איצט אַזעלכע שניידער? ער, אַז ער פלעגט געבן אַ שטאָך, איז עס געווען מיט גאָלד צו גלייך... גאָלדענע הענט! האָט ער עס מיר אויפגעגנייט... קיין געלט אַפילו נישט געוואָלט נעמען ביי מיר... ביי אַ שוואָגער, האָט ער געזאָגט, נעמט ער נישט... איז אַז איך פלעג אין דעם פוטער אַרויס אין גאַס, פלעגן מיר אַלע מקנא זיין, — אַ גביריש פוטערל! און טאַקע וואַרעם איז ער אויך געווען!... אָבער די יאָרן לויפן, מען רייבט זיך אָפּ, און דער פוטער איז אויך אָפּגעריבן געוואָרן... און מיין הינדע באַשע פלעגט שוין צודעקן מיט אים די קינדער... אָבער ווען איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע, קלער איך זיך, מען דאַרף נעמען דעם פוטער, טאַקע אַן אַלטער, אַן אָפּגעריבענער, — אָבער פאָרט אַ פוטער!... און כך הוה — איך האָב נישט קיין חרטה... ער קומט צוניץ!... אַי, קומט ער צוניץ, אַ כפּרה צען אַמעריקאַנער קאָלדרעס פאַר מיין איין פוטערל... איר פאַרשטייט, ווען עס איז מיר קאַלט און ווען איז מיר נישט קאַלט? מען ווערט שוין אַלט, ליבער פריינט, נישטאָ אַמאָליקע כּוחות, — איז כמעט יעדן טאָג דעק איך זיך צו מיט מיין היימישן פוטערל... מיין שוועסטערקינד איז אַפילו אין כעס, זי שרייט, אַז מען דאַרף אים אַרויסוואַרפן. עס נודיעט, זאָגט זי, פון דעם פוטערל... עס איז אַ שמאַטע, זאָגט זי, ער מאַכט אָן שמוץ אין הויז!... נאַר מאַלע וואָס זי זאָגט... איך וואַרף אים נאָך נישט אַרויס!... ער איז נאָך איצט אויך וואַרעמער פאַר מיין מאַנטל, וואָס מיין שוועסטערקינד האָט מיר איינגעהאַנדלט פאַר ניין דאָלאַר... אויך אַ סחורה! איר פאַרשטייט, עס איז נישט קיין קונץ אַרויסצואוואַרפן... נישט קיין קונץ... שוין צייט צו גיין... מען דאַרף זיך אָפּטראָגן... אַ גוטן טאָג!...

# טענה נומער 76.

## ווער דארף אַ קאָפּ?

מאַכט צו מיר אַ ייד פון די האַלבע מלמדים און האַלבע קאָסטימער-פּעדלער *):

— אָט וועל איך אייך באַווייזן, אַז אַמעריקע איז בלויז אַ מדינה פון הענט און פיס. קאָפּ און האַרץ פעלט דאָ אינגאַנצן, אַן איבעריקע זאַך. אָט נעמט אַ צייטונג, נו, איז האָט איר ערגעץ באַגעגנט, אַז מען זאָל פאָדערן: „קאָפּ פארלאַנגט"? — ניין! „הענט", — דאָס יע... ווער דארף דאָ אַ קאָפּ? און כדי צו ווערן אַ „האַנט", מוסטו דאָ בלויז האָבן פיס, צו גיין זוכן אַ דזשאַב. ווען איינער איז גרינג אויף די פיס און קומט פריער פון אַנדערע, כאַפּט ער אַ דזשאַב...

אָדער אָט נעמט די היגע ווייבער, איז וואָס איז זייער גאַנצע עובדה? — זיי שטייען און רעדן רכילות!... איך פרעג אייך, וואו נעמען זיי גאָר אַזעלכע געזונטע פיס, אָפּצושטיין גאַנצע טעג און רעדן אויפן סטופּ**) שטייט מען און מען רעדט... ביים קצב שטייט מען און מען רעדט... אין גראָסערי שטייט מען און מען רעדט... און אין הויז שטייט מען ביי די טירן און מען רעדט נאָך אַלץ... עס איז אַן עסק מיט פיס...

אינדערהיים אַ פרוי האָט זיך געקאָנט אַוועקזעצן שעהן-לאַנג און צירעווען אַ זאָק, פארריכטן עפּעס, אָבער דאָ קען אַ פרוי נישט איינזיצן. ווייל דאָ באַשטייט זי בלויז פון פיס, און אַפילו די זאָקן, וואָס זיי טראָגן, איז אייך בלויז צו ווייזן די פיס...

און אָט נעמט טאַקע זייערע ווייבערשע מאָדעס, איז עס אויך בלויז אַן עסק מיט די פיס. מאַכן אַ קליידל, וואָס ווייזט די גאַנצע פיס אינגאַנצן אָדער האַלב...

— איך זאָג אייך, קאָלומבוסעס מדינה שטייט נאָר אויף אירע פיס. און דערפאַר איז עס אַ מדינה אָן אַ קאָפּ...

---

*) הויזירער. **) אריינגאַנג פון הויז.

אָט נעמט דאָס היגע יונגוואַרג, איז האָט איר אַמאָל דאָ געזען אַ חברה יונגוואַרג זאָל זיצן און פאַרברענגען, ווי מענטשן? נאָר וואָס דען? עס שטייט אויף די גאַסן און דריגעט מיט די פיס...
זיצן איז נישט אין דעם היגן שטייגער.

אָדער אָט נאַט אייך אַ היגן ביזנעסמאַן, איז אינדערהיים קומסטו אַריין צו אַ יידן אַ סוחר, איז עס אַ קאָפּ־מענטש, קענסט מיט אים שמועסן, רעדן צום קאָפּ, און דאָ, דו קומסט אַריין אין אַן אָפּיס*) צו אַ יידן אַ סוחר, איז ליגט ער אויסגעצויגן אויף דער שטול מיט די פיס אויפן טיש און עס קומט אויס: רעד צו די פיס...

— איר פאָלגט מיך: אַמעריקע איז אַ מדינה פון רגלים.

האָט איינער דאָ גוטע געזונטע פיס, איז ער אָלרייט, — ווען נישט, טויג ער נישט.

אַרבעטן אַרבעט מען דאָ ביז מען קען זיך האַלטן אויף די פיס.

און קען אַ מענטש נישט שטיין זייער פעסט אויף די פיס, מעג ער זיך האָבן דעם בעסטן געזונטסטן קאָפּ, איז ער שוין אויסגעשפילט, אַ שמאַטע!...

— און נאָך עפּעס וועל איך אייך זאָגן: ווער עס האָט אויגן און קוקט זיך צו גוט צום היגן לעבן, זעט ער, אַז אַלע באַקלאָגן זיך דאָ אויף די פיס. אַז אַלע האָבן דאָ קראַנקע פיס...

איך האָב אַ לאַנדסמאַן, איז ער אַזוי אַ גאַנצן געזונטער מענטש נאָך נישט קיין אַלטער מאַן, האָט ער אָבער פיס. ער באַקלאָגט זיך, אַז די פיס טוען אים וויי...

און וואָס איז דער חידוש? — ער איז אַ פּרעסער. און אַ פּרעסער מוז שטענדיק שטיין.

האָט ער אַ ווייב, דער לאַנדסמאַן מיינער, איז זי אַ יידענע אַ גיבור, אַן אמתער קאָזאַק. בלוט שפּריצט פון איר פּנים. גאָר קיין יידיש פּנים נישט, איז אויך זי באַקלאָגט זיך אויף די פיס... עס ברעכן איר די פיס...

פון וואָס? — טאַקע מן הסתּם פון פעטקייט. אַז אין אַמעריקע קלייבט מען אויף זיך שמאַלץ... אַלע קלייבן אויף זיך און דערפון ברעכן די פיס...

און דערצו איז דאָ נאָך אַן אורזאַך: דאָס אומלויפן און דאָס שטיין. אַז רק מען שטייט דאָ...

* קאַנטאָר.

אַט נעמט די היגע „ליינס" און „נעקסטען", איז ווער האָט דער־פון געוואוסט אינדערהיים? — אָבער דאָ איז אויף יעדער זאַך דאָ אַ „נעקסט": מען גייט אין מילך־סטאָר, — שטיי! צום בוטשער, — שטיי! פּאָרסט אין קאַר, — שטיי! זיצן איז דאָ נישט איינגעפירט... מען האַלט דאָ נישט פון דעם...

און וואָס איז דער סך הכל: מען קומט אין די מיטעלע יאָרן, האָט מען שוין נישט קיין פיס.

אַ נאַרישע לאַנד, אַמעריקע! אַלע שטייען דאָ!

און איר הערט אַ מעשה, אַפילו די היגע רבנים זיצן דאָ אויך נישט. אַנומלט בין איך אַריין צו אַ היגן רב וועגן עפּעס אַן ענין, איז אַז מען פלעגט קומען צו אַ היימישן רב, פלעגט מען אים געפינען זיצנדיק על התורה ועל העבודה, און דאָ קום איך אַריין, — דער רב שטייט... הייב איך אָן מיט אים צו רעדן, בעט ער מיך נישט זיצן און זעצט זיך אַליין אויך נישט, — ער האָט קיין צייט נישט... און ער הערט מיך אויס שטייענדיק...

אַלע זענען דאָ שטענדיק אויפן וועג. מען האָט קיין צייט נישט...

און וואָס קומט דערפון אַרויס? קאַליקע פיס קומען דערפון אַרויס!

אָט דאָס איז, וואָס איך טענה: אַמעריקע איז אַ מדינה פון פיס... זיצן? חס וחלילה! מען עסט דאָ שטייענדיק, מען קושט די קינדער שטייענדיק, מען טוט ביזנעס שטייענדיק, מען שלאָפט שטייענדיק אין קאַר...

און זיצן זיצן נאָר מענטשן, וואָס אַ קאַר האָט זיי איבער־געפאָרן די פיס, אָדער פאַרברעכער אין תפיסה.

ניין! עס איז נישט גוט אַזאַ לעבן, נישט גוט!

## טענה נומער 77.

### אַלץ געפּאַרבט!

— איך קען אַלץ סובל זיין דאָ ביי קאָלומבוסן, — צערעדט זיך מיט מיר אַ ייד, — נאָר נישט אייערע געפּאַרבטע ליפּן. מילא, אַז מען

פאַרבט האָר, פאַרשטיי איך נאָך, אָבער ליפּן? – איר פאַרשטייט, האָר אַז מען פאַרבט, איז, לכל הפּחות, נישט שעדלעך. עס איז אפשר שיין אויך. אויך די באַקן, אַז מען מאַכט צו רויט, איז אומשעדלעך און מען קען אָפּנאַרן אַ נאַרישן בחור אויך. אָבער פאַרבן די ליפּן איז פּשוט שעדלעך פאַרן געזונט... מען שמירט אָן די ליפּן מיט סם און נאָכדעם קאַלכט מען אָן און מען ווערט פאַרסמט און דערפאַר זענען די היגע ווייבער אַזעלכע מרשעתן. פול מיט סם.....

– און נאָך אַ זאַך פרעג איך אייך: ווי פאַרשטייען נישט די היגע נקבות, אַז מען זעט תּיכּף אָן, אַז עס איז געפאַרבט? אַז מען פאַרבט האָר, קען מען אָפּנאַרן, באַקן אַמאָל אויך – אָבער ליפּן, דאָ זעט מען דאָך גלייך, אַז די פאַרב ליגט! און דערהויפּט ווען מען גיט אַ קאַפּעטשקע אַ לעק מיטן צינגל, אַנטשולדיקט, ווערט דאָס דאָך גלייך קעווטיק... און נאָך אַ זאַך איז מיר אַ חידוש אויף אייערע אַמעריקאַנער מיידלעך. מילא, פאַרבן די ליפּן, אָלרייט – מען מעג, עס איז אפשר שיין... מילא, זאָל שוין זיין געפאַרבט. אָבער איך פרעג אייך, צו וואָס לעקן זיי נאָך די פאַרב? אַזוי געשמאַק איז דאָס? הא? פע! עס איז פּשוט חלשות! – הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, אַז פון דער צווייטער זייט איז גאָר קיין חידוש נישט, וואָס מען פאַרבט זיך די ליפּן. ווייל וואָס איז דען דאָ נישט געפאַרבט? מען זאָגט, אַז אַפילו פלייש פאַרבט מען דאָ אויך. מען נעמט אַלט פלייש, וואָס ווערט ווייס פון ליגן און מען פאַרבט עס אָפּ און מען פאַרקויפט עס פאַר פרישע... וואָס, איר גלויבט נישט? איך ווייס עס! היינט וואו איז פּוטער? אויך פּוטער פאַרבט מען דאָ, זאָגט מען.

– אַלץ איז דאָ געפאַרבט. אָט נעמט אַפילו אַ היגע הויז. איז עס גאָרנישט מיט גאָרנישט. הוילע רוחניות. ווענט פאַפּירענע, די סטעליע האַלט זיך אויף נסים, און דאָך זעט עס אויס ווי עפּעס רעכטס. פאַרוואָס זשע? ווייל מען באַשמירט עס מיט פאַרב... און ווען דו קומסט אַריין אין די נייע הייזער, איז ממש פּאַלאַצן. – אַלץ געפאַרבט ווייס, ציכטיק. אָבער די מעשה איז, אַז מען זעט נישט אַרויס וואָס אונטער דער פאַרב טוט זיך, פּונקט ווי מיט די היגע ווייבער...

– איך זאָג אייך, אַז מען ווייסט דאָ נישט דעם טעם פון אַ ריכטיקן לעבן. וויבאַלד פאַרב, איז דאָך דערצו קיין שיעור נישטאָ...

וואָס קען מען דען נישט פֿאַרשמירן און פֿאַרדעקן? און דערפֿאַר עס איך דאָך נישט קיין פֿלייש זייט איך בין אין אַמעריקע. שוין אַ קימא לן אַכט און אַ האַלבֿ יאָר האָבֿ איך נאָך נישט פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון היגן פֿלייש... ווייל חוצדעם, וואָס מען האַלט, אַז דאָ איז נישט כשר, איז עס נאָך געפֿאַרבט...

און צו וואָס דאַרף איך זיך אָנעסן מיט סם? איר זאָגט, עס איז דאָ כשר פֿלייש אויך? — איך גלויבֿ עס נישט... ווייל איך גלויבֿ נישט דעם היגן וואָרט „כשר”. אינדערהיים האָט מען נישט געדאַרפֿט אָנשרייבן „כשר”, מען האָט געוואוסט, אַז עס איז כשר. אָבער דאָ איז דאָך אַלץ טריף, ווי חזיר. נו, נעמט מען אַ ביסעלע פֿאַרבֿ און מען שטעלט אַרויף „כשר”, און עס ווערט כשר... איך פֿרעג אייך, וואָס פֿאַר אַ באַטרעף האָט עס אָפּצופֿאַרבן אַ פֿענסטער מיט „כשר”? אַ ביסל פֿאַרבֿ קאָסט דאָ נישט טייער...

— אין אַמעריקע, מיין פֿריינט, לעבן אַלע ווי די אַקטיאָרן אין טעאַטער. מען פֿאַרבט זיך... קענט איר וויסן אין טעאַטער, ווער עס איז יונג און ווער עס איז אַלט, אַז מען איז פֿאַרשמירט? אַזוי קענט איר דאָ וויסן בײַ אייך אין אַמעריקע... ניין, מיך וועט איר נישט אָפּנאַרן!... און אָט נעמט אַפֿילו אַזאַ כשרע זאַך ווי פּוטער. איז פֿרעג איך אייך, צו וואָס פֿאַרבן פּוטער? נאָר מען פֿאַרבט!... האָבֿ איך אַמאָל געפֿרעגט מיינעם אַ באַקאַנטן, אַ געוועזענעם סוחר פֿון מילך און פּוטער, האָט ער מיר דערקלערט... אין אַמעריקע, זאָגט ער, ווייסט דאָך קיינער נישט ווי אַ ריכטיק שטיקל פּוטער דאַרף אויסזען. איז קומט אַריין אַ יידענע און בעט פּוטער. גיסטו איר ווייסן פּוטער, זאָגט זי: ניין! דאָס איז נישט די ריכטיקע פּוטער... זי וויל געלע פּוטער! וואָס טוט אַ ייד? — נעמט ער און ער פֿאַרבט אָפּ די ווייסע, און עס ווערט געל.

— און איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן: איך בין זיכער, אַז אַלע צרות אין דער היגער פֿאַמיליע קומען אַרויס פֿון די געפֿאַרבטע ליפּן. ערשטנס, טאַקע דעם סם. אויסער וואָס די ווייבער עסן זיך אַליין אָן מיט דעם סם פֿון דער פֿאַרבֿ, טיילן זיי נאָך איין די מאַנסבילן אויך, — און אַלע זענען פֿאַרסמט... און, צווייטנס, קען דאָך דאָ אַ מאַנסביל קיינמאָל נישט וויסן, ווען ער נעמט פֿאַר אַ ווייבֿ, און ער מוז אַריינפֿאַלן... אינדערהיים, וואו מען פֿאַרבט נישט ליפּן, דערקענט יעדער מאַן תיכּף ומיד, וועלכע פֿרוי עס איז

אַן ארורה, אַ מרשעת... כאַפּט מען די פּיס אויף די פּלייצעס און מען מאַכט פּליטה... די בלויע ליפּלעך האָט אַ פרוי אינדערהיים נישט געקאָנט באַהאַלטן... אָבער דאָ פאַרפאַרבט מען אַזוי די ליפּן, אַז מען קאָן בשום אופן נישט דערקענען, וועלכע עס האָט בלויע און וועלכע עס האָט אמתע ליפּן. אַמעריקע-גנב!

און דערפאַר פאַלט מען דאָ אַריין: מען האָט חתונה מיט אַ מלאכל און מען קוקט זיך אַרום, אַז עס איז גאָר אַ טייוול...

— ניין, מיינע פריינט, אַמעריקע איז אַ מדינה פון בלאָף. מען ווערט דאָ געבוירן מיט בלאָף און מען שטאַרבט מיט בלאָף... ווייל איך האָב געהערט, אַז אויך די מתים פאַרבט מען דאָ צו... עס איז אַ מאָדע דערוויל נאָר ביי די רייכע... מען פאַרבט צו אַ בר מנן די באַקן, די ליפּן, און דערפאַר קוקן דאָ אויס אַ סך טויטע שענער, ווי די לעבעדיקע...

# טענה נומער 78.

## אַ משוגענע מדינה.

זאָגט צו מיר אַ ייד:

— איר הערט, איך זיץ ביים באַרבער און קוק אָן ווי משוגע אייער אַמעריקע איז. עס איז טאַקע באמת נאָר אַ משוגענע מדינה.

אויף וואָס מען פּטרט דאָס געלט? אויף גאָרנישט מיט גאָר-נישט! טאַקע לחלוטין אויף גאָרנישט!

עס איז טאַקע נאָר משוגעים, ווי די היגע מענטשן קענען אַזוי האַנדלען. איר הערט? גיט דער באַרבער אַ גלעט, — באַצאָלט מען אים דערפאַר! נעמט דער באַרבער און פירט דורך מיט אַ מאַ-שינקע איבערן פּנים, — באַצאָלט מען!... לייגט ער צו אַ הייסן האַנטוך צום פּנים, — באַצאָלט מען. טרייסלט ער אויס אויפן קאָפּ אַ פּאָר טראָפּן וואַסער, באַצאָלט מען!

פאַר אַלץ צאָלט מען דאָ!

און איך פרעג אייך, ווער דאַרף עס! וועמען נוצט עס? מילא, שערן זיך פאַרשטיי איך נאָך, אַ מענטש קען נישט גיין פאַרוואַקסן, ווי אַ ווילדער. מען רייסט דאָ אוודאי צופיל אַ פּאַס אויך פאַר שערן, אָבער מילא, פאַרפאַלן!... איר פאַרשטייט, שערן זיך דאַרף מען נישט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. אינדערהיים האָט מען געוואוסט אויף פּסח און אויף ראש השנה, אָבער דאָ אַלע ווייל. עס זענען דאָ מענטשן, זאָגט דער באַרבער, וואָס שערן זיך אַלע וואָך... נו, פרעג איך אייך, איז עס נישט משוגע? צו וואָס אַרויס-וואַרפן געלט? און אַלץ דערפאַר, ווייל דער באַרבער רעדט איין... אָבער ווי זאָגט איר: שערן זיך מוז מען... דאָסזעלבע מיט גאָלן זיך... טאַקע לויטן יידישן דין טאָר מען עס נישט. — אָבער, מילא, מנהג המדינה, אַלע גאָלן זיך... די ווייבער גלייכן עס... אָבער איך פרעג אייך: צו וואָס די מאַסאַזשן מיט די איבעריקע בלאָפּס? מען אַרבעט אין אַמעריקע זייער שווער, ביז מען קריגט דעם דאָלאַר, און נאָכדעם נעמט מען און מען טראָגט עס אַוועק דעם באַרבער פאַר גאָרנישט, פאַר אַ שמעק און אַ גלעט... נאַריש, זייער נאַריש! איר הערט, אַמאָל בין איך אליין געווען אַן עדות, ווי אַ יונגער-מאַן האָט באַצאָלט דעם באַרבער פאַר אַ שמעק און אַ גלעט דריי דאָלאַר... איך זאָג אייך נישט קיין ליגן, נאָר טאַקע דריי דאָלאַר! דער באַרבער האָט גענומען דעם יאָלד און אים אַוועקגעלייגט אויפן שטול און אים געגלעט און גענעצט, געפּאָכט אויף אים מיט פייער, טאַקע ממש פייער!... נאָכדעם געוואַשן דעם קאָפּ, און נאָכדעם געטרייסלט פון אַ פלעשל און נאָכדעם געהייסן באַצאָלן דריי דאָלאַר! אַזאַ חוצפה! איך בין געזעסן און האָב געברענט... אמת, עס איז נישט מיין געלט און נישט מיין עסק, אָבער עס איז דאָך אַ רציחה צוצוזעמען ביי אַ יידן דריי דאָלאַר פאַר גאָרנישט!... און איר הערט? ווען דער בחור איז אַוועק, רוף איך זיך אָן צום באַרבער: מיסטער, איר זענט אַ נישקשהדיקער שינדער! קוקט מיך דער באַר-בער אָן. אָט דאָס, זאָגט ער, רופט איר אָן שינדן? דריי דאָלאַר פאַר אַזוי פיל אַרבעט? אין אַן אַנדער באַרבער-שאַפּ קאָסט עס אַכט דאָלאַר! איר האָט דען אַ באַגריף, זאָגט ער, וואָס איך האָב דאָ פאַר דעם מאַן אַריינגעלייגט? איך האָב דאָך אים ממש געראַ-טעוועט!...

— מיט וואָס? — פרעג איך.

— מיט וואָס? — מאַכט דער באַרבער. — איר ווייסט, וויפל שוואַרצע פּינטעלעך איך האָב ביי אים אַרויסגענומען פון פּנים און שטערן!

מאַך איך: און וואָס וואָלט געווען, ווען די פּינטעלעך בלייבן ביי אים?... אָט האָבן מיר דאָך אינדערהיים געלעבט מיט פּינטעלעך און גאָרנישט!...

מאַכט דער באַרבער: מילא וואָס אינדערהיים! אינדערהיים ווייסט מען אויך פון אַ לעבן!

הײנט גיי רעד מיט אים? אָבער אויף אַ באַרבער וואונדער איך זיך נישט. איך פאַרשטיי, יעדער איינער זוכט דאָ צו מאַכן אַ לעבן... אָבער צו וואָס אַ מענטש גיט אויס דריי דאָלאַר פאַר גאָר־נישט, פאַר אַ שמעק און אַ גלעט, דאָס פאַרשטיי איך נישט!... עס איז נישט אנדערש, אַז מענטשן זענען דאָ פשוט משוגע... מען לאָזט זיך דאָ נאַרן, ווי קליינע קינדער... מען לייגט זיך ביים באַרבער און יענער נעמט איינרעדן דאָס און יענץ, און ער שלעפּט אַרויס די עטלעכע דאָלאַר... איר הערט? פאַר דעם געלט, וואָס מען פטרט דאָ אין אַ באַרבער־שאַפּ, האָט מען דאָך געקאָנט אויפטאָן ווער ווייסט וואָס. אָבער גיי רעד מיט די היגע משוגעים! מען וואָלט דאָך גע־קאָנט פאַר דעם געלט אויפבויען ארץ ישראל און וואָס נישט? אָבער ווער טראַכט דאָ וועגן ארץ ישראל? אַז דאָ קעניגט דער באַרבער, אַז דאָ דאַרף קיינער נישט קיין תכלית, נאָר אַ שמעק און אַ גלעט... און דער עיקר, מען נאַרט זיך דאָ... אַ יונגערמאַן, שוין נישט קיין יינגעלע, קומט אַרויס פון באַרבער אַן אָפּגעסקראָבעטער, אַן אַרומגעגלעטער, מיינט ער, אַז ער נאַרט אָפּ די וועלט... אָבער אינ־דערעמתן קען מען די וועלט נישט נאַרן... סקראָבע זיך היינט, סקראָבען זיך מאָרגן, ווען דער פּנים איז צעקנייטשט, איז פאַרפאַלן... און קיין באַרבער קאָן דערצו נישט העלפן... פאַרפאַלן!...

# טענה נומער 79.

## נישטאָ מיט וועמען.

אַ ווארעמער ווינטערטאָג.

זיצט זיך אַן עלטערער ייד, זעט אויס צו זיין אַ בן תורה, אין בראנקס-פּאַרק, אויף אַ באַנק, זעץ איך זיך צו לעבן אים. עס געמט נישט לאַנג און מיר צערעדן זיך.

— כמעט אַ זומערדיקער טאָג! — מאַכט דער ייד אַ באַמערקונג.

— יע, — גיב איך צו, — אַ זומערדיקער.

— אָבער וואָס איז די פּעולה? — מאַכט דער ייד. — עס איז, דאַכט זיך, אַלץ דאָ גוט אין אַמעריקע: גרינגע ווינטערס, גוטע הייזער מיט, ווי זאָגט איר, „סטים", — און דאָך פעלט עפּעס...

— וואָס פעלט? — פאַראינטערעסיר איך זיך.

— וואָס? — גיט דער ייד זיך אַ הייב פון זיין פּלאַץ און פאַרריכט דעם ראָק. — אַ סך זאַכן פעלן דאָ. עס פעלט דאָ יידישקייט. עס פעלט פריינטשאַפט און דערהויפּט פעלט דאָ אַ שמעקטאַבאַק!...

— אַ שמעק טאַבאַק? — קוק איך אָן מיין יידן, צי ער מיינט עס ערנסט, צי ער לאַכט?

נאָר מיין ייד איז געווען ערנסט, און זיין פּנים האָט אויסגעקוקט פאַרזאָרגט, ממש ווי ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין.

— יע, מיין פריינט! — מאַכט ער און קוקט אויף מיר מיט פאַרזאָרגטע אויגן. — אַ שמעק טאַבאַק! מיר פעלט דער היימישער אמתער שמעק טאַבאַק, איר פאַרשטייט? — האָט זיך דער ייד צערעדט. — מען קריגט אַלערליי טאַבאַק אין אַמעריקע, שמעק-טאַבאַק אויך, אָבער עס איז נישט דאָס. עס קוקט אויס ווי שמעק-טאַבאַק, מען ניסט אַפילו פון דעם, אָבער עס איז פאָרט נישט דאָס...

עס פעלט דער היימישער שמעק טאַבאַק מיט זיין חריפות, שטאַרקייט און טעם... אינדערהיים, אַז מען פלעגט נאָר צוטראָגן דעם שמעק טאַבאַק צו דער נאָז, פלעגט זיך שוין וועלן ניסן, אָבער דאָ, — גאָרנישט. היינט ניסן צו ניסן איז אויך נישט גלייך... אינדערהיים, אַז מען פלעגט זיך צעניסן, פלעגט עס האָבן אַ טעם, עס איז געווען פאַרוואָס, אָבער דאָ ניסט מען אָן טעם און אָן ריח... גלאַט אַזוי, מען ניסט!...

— איר פאַרשטייט? — האָט זיך דער עלטערער ייד צוגערוקט צו מיר. — איר זענט נאָך אַ יונגערמאַן און פאַרשטייט נישט דעם ענין: שמעק-טאַבאַק ביי אייך איז נאָך אַלץ פון די הבלי העולם... — נאַרישקייטן. אָבער אין אונזערע יאָרן איז אַ שמעק טאַבאַק די איינציקע וויכטיקע זאַך אויף דער וועלט: מען גיט אַ שמעק, און מען דערפילט, אַז מען לעבט נאָך... איר פאַרשטייט? ביי אייך איז עולם הזה אַ קערטל, אַ גלעזל וויין, אַ געבראָטנס, אַן אשה יפה, אָבער ביי אונז, — איז שוין נאָר אַ שמעק טאַבאַק...

— און נאָך עפּעס, — מאַכט דער ייד, — וויל איך אייך דערקלערן, פאַרוואָס דער היגער שמעק טאַבאַק טויג נישט. איר פאַרשטייט? אַ שמעק טאַבאַק גייט קיינמאָל נישט אַליין: עס גייט אַזוי ווי ויקהל-פקודי,—צוזאַמען. אַ שמעק טאַבאַק גייט מיט פריינטשאַפט. שמעקן טאַבאַק אַליין האָט נישט קיין טעם, עס איז ווי דאַוונען ביחידות... איר פאַרשטייט, מיט דאַוונען ביחידות קען מען אויך דינען גאָט, אָבער בציבור דינט זיך גאָר אַנדערש... דיזעלבע תפילות האָבן גאָר אַן אַנדער זין... און דאָסזעלבע איז מיט אַ שמעק טאַבאַק. ווען מען נעמט אַליין אַ שמעק טאַבאַק, איז דאָס אויך נישט שלעכט, אָבער עס האָט בשום אופן נישט דעם טעם פון נעמען עס בציבור... איר פאַרשטייט? מען זיצט זיך אין דרייען אָדער אין פירן, און מען שמועסט דברי תורה, און נאָכדעם נעמט איינער פון אונז אַרויס די טאַבאַק-פושקע און איז מכבד, און יעדער איינער פון אונז שטעקט אַריין צוויי פינגער און נעמט אָן אַ ביסל טאַבאַק, אַזוי אַ נישקשהדיקן חלק און אַלע טראָגן עס צו צו דער נאָז... און אַלע גלייך טוען עס אַריין און אַלע גלייך צעניסן זיך... און אַלע זאָגן גלייך אַרויס דעם „צו געזונט”... דערפון, מיין פריינט, ווערט אַזוי וואַרעם אויף דער נשמה און ליכטיק, מען פילט, אַז מען איז נישט עלנט אויף דער וועלט... אַז עס זענען נאָך דאָ יידן תלמידי חכמים...

— אָבער דאָ, — האָט מיין ייד אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, — דאָ, אין אַמעריקע, קען מען נישט... עס איז נישטאָ מיט וועמען... בין איך פריי, איז יענער פאַרנומען, איז יענער פריי, בין איך פאַרנומען... און מען האָט דאָ סתם קיין צייט נישט... און אַ שמעק טאַבאַק האָט ליב, אַז מען נעמט זיך צו אים צייט... צו אַ שמעק טאַבאַק דאַרף מען זיך נישט איי״ן... מען דאַרף דערצו האָבן כוונה... און איר הערט? ווען גאָט העלפט און איר טרעפט שוין יאָ אַמאָל אין פּאַרק אַ יידן, ווי איך, איז אָדער ער שמעקט נישט, אָדער ער מאַכט עס אַזוי איילנדיק, אַז עס איז גאָרנישט כדאי...

— איר שמעקט? — ווענדעט זיך צו מיר דער ייד.

— ניין! — ענטפער איך.

— איך האָב געוואוסט, אַז נישט, — מאַכט דער ייד, — ווייל איר זענט נאָך צו יונג... און אין אייערע יאָרן שמעקט אייך עפּעס אַנדערש. אָבער אינדערהיים, הערט איר, איז אויך דאָס אַנדערש געווען: אינדערהיים האָבן אַפילו יונגע מענטשן פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ שמעק טאַבאַק... איר פאַרשטייט, ביי אַ יונגן שנעק איז געווען אַ גאַנצער כבוד, ווען אַן עלטערער ייד, אַ למדן, האָט אים מכבד געווען מיט אַ שמעק טאַבאַק... איר ווייסט, וואָס דאָס האָט געהייסן? עס האָט געהייסן דאָס אייגענע, וואָס ביי אייך, היינטיקע, הייסט אַ דיפּלאָמע... עס האָט געהייסן, ער האָט אַרויסגעקראָגן אַ דיפּלאָמע פון אַ זקן, סמיכה פון אַ בן תורה, אַז ער איז ראוי צו זיין אין אונזער חברותא... אָבער דאָ זענען נישטאָ נישט קיין זקנים, נישט זיין נערים... עך, מיין פריינט! עס בענקט זיך אַזוי נאָך דעם היימישן שמעק טאַבאַק און נאָך דעם היימישן סדר העולם... און איר פאַרשטייט, אַז ווען דאָ אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין ריכטי-קער שמעק טאַבאַק, איז עס גאָר קיין וואונדער נישט... ווייל צו וואָס רעכטער טאַבאַק, אַז עס זענען דאָ קיין רעכטע מבינים נישטאָ אויף אים, און קיין סך קונים אויך נישט? דאָ רויכערט מען ציגאַרן, סיגאַרעטן, אַלץ אַזעלכע פּוסטע נאַרישקייטן, אָבער אַ רעכטן שמעק טאַבאַק ווער דאַרף דאָ?

מיין עלטערער ייד האָט נאָך אַמאָל אַ קרעכץ געטאָן, אַרויס-גענומען לאַנגזאַם אַ טאַבאַק-פּושקעלע, אויפגעעפנט, אָנגענומען פאַר-זיכטיק מיט כוונה אַ ביסל טאַבאַק, אַריינגעטאָן וואו מען דאַרף און צענאָסן זיך מיט גרויס הנאה...

— אַז איר ווילט נישט, איך זאָל אייך מכבד זיין, — האַפּטשו! נו, איז בין איך זיך אַליין מכבד! — האַפּטשו! וואָס קען מען דאָ מאַכן, עס איז דאָך אַמעריקע!

## טענה נומער 80.

### אַלץ פאַר יענעם!

ס'איז געווען אַ פּאָר שעה נאָך „ליקוי חמה", קום איך אַריין אין קענדי-סטאָר נאָר צייטונגען, און, ווי דער שטייגער, ווען עס דערזעט מיך דער באַלעבאָס פון קענדי-סטאָר, לאָזט ער מיך שוין אַזוי גיך נישט אָפּ.

און רעדן רעדט ער אָן ציינער, קייט די ווערטער ווי גומי און און ווי אַן אַלטער מאַן, כאָטש ער איז נאָך נישט אַזוי אַלט.

— נו, וואָס זאָגט איר צו דער ליקוי חמה? געזען? — פאַר-פירט ער מיט מיר גלייך אַ שמועס.—איך האָב נישט געזען. אַז גע-הרגעט מעג ווערן אַמעריקע מיט אירע פּרנסות! מען קען נישט אָפּטרעטן!.. אַלעמען באַזאָרגט מיט שטיקער גלאָז און מיט ליכט צום פאַררויכערן דאָס גלאָז... איר ווייסט דאָך, אין אַמעריקע מוז מען אַ קאָסטאָמער צופרידנשטעלן... ליקוי חמה? גיב זיי אומזיסטע גלעזער און אומזיסטע ליכט, און איז נאָך ווינציק, קומען נאָך אַנדערע קאָס-טאָמער און ווילן, אַז איך זאָל זיך זיי אַליין שטעלן פאַררויכערן דאָס גלאָז אויך... אַמעריקע, זאָג איך אייך, איז נאָר אַ מדינה פאַר קאָסטאָמער. אַלץ איז דאָ פאַר זיי...

— ס'איז זייער וועלט! סטעמפּס? *) באַזאָרג זיי מיט סטעמפּס! איר ווייסט גאָרנישט, וויפל איך ווער אויסגעריסן פון די סטעמפּס. דער פּאָסט-אָפיס **) איז ווייט און דו גיי ברענג זיי סטעמפּס. און וועמען לאָזט מען אין סטאָר? איר זעט דאָך, אַז איך האָב נישט

*) פּאָסט-מאַרקעס. **) פּאָסט-ביוראָ.

וועמען! דאָס ווייב? ווײל זי מיט מיר נישט שטיין... זי זאָגט, אז איך בין צו לאַנגזאַם און רעד אַ סך... זאָגט זי: אָדער דו אָדער איך! וואָלט איך איר געלאָזט דעם כבוד... שיקט זי מיך אָבער אַהיים רוימען דאָס הויז. און אַכטונג געבן אויף די טעפּלעך און די קינדער. זאָג איך: שוין בעסער אין קענדי-סטאָר מיט פרעמדע קינדער, ווי אין הויז מיט די אייגענע.

— ווײל איר מיינט, איך האָב נחת פון מיינע קינדער? אַ מיידל האָב איך, איז זי אַ טייפּרייטערקע*), איז זי אַזוי שטאָלץ ביי זיך, ווי זי וואָלט געווען אַ רביצין! איין קלייניקייט, זי פאַרדינט דאָך 9 דאָלאַר אַ וואָך!.. איז העלפן אין קענדי-סטאָר שטייט איר נישט אָן... און דער טאַטע איז אַן „אָלד מען"**). אַנדערש רופט זי מיך נישט... כאָטש וואָס בין איך פאַר אַן „אָלד מען", אַז איך האָב נאָך אַ מיי-דעלע פון אַ יאָר זעקס?... נאָך אַ מיידל האָב איך, צוועלף יאָר אַלט, איז קומט זי דווקא יאָ אין סטאָר, זי האָט זייער ליב צו זיין אין סטאָר, אָבער זי העלפט נאָר עסן קענדי***) אַ שרעקלעכע לאַסוכע!.. אַזוי ווי אַ קאַץ... אַ גאַנץ קלוג קינד, אָבער אַ נאַשערקע... נו, איז טרייב איך זי פון סטאָר... איז בלייבט נאָר מיין באָי... אַ באָי שוין פון אַ יאָר 16... אַ גאַנץ געראָטענער, גייט אין הייסקול... האָלט ער אָבער אויך נישט שטאַרק פון מיין קענדי-סטאָר. און וויל אויך נישט העלפן.. זיין גאַנצע הילף איז זונטיק צו די פּייפּערס... איז אויך מיט רוגזא... און מיט וואַרפעניש. ער טוט מיר אַ געוואַלטיקע טובה, ער צעלייגט די פּייפּערס!... כאָטש איר מיינט, אַז ער מאַכט עס גיכער פון מיר? ווייס איך וואָס! — אַ טומל מאַכט ער! אמת, ביי מיר נעמט עס אַ ביסל מער, עס איז אַ פאַרדרייעניש מיט די סעקשאַנס... ס'איז דאָך אַמעריקע און עס איז אַן עסק מיט „סעקשאַנס" און איך ווער טאַקע צעמישט... ווער דאַרף עס אַזויפיל פּייפּערס? אָבער מער-וויג-ציקער, אַבי איך מאַך. וואָס איז די פעולה, אַז ער, מיין „קדיש", מאַכט עס שנעלער, אַז דערביי וואַרפט ער זיך און קרימט איבער דעם טאַטן... איין קלייניקייט, ער איז דאָך אַ היגער געבוירענער... און איך בין אַ „יוראָפּשער"... און טאַמער העלפט גאָט, אַז איך מאַך אַ טעות אין אַ „סעקשאָן", איז ער שוין אויפן פערד, ער שרייט אויף מיר. ווי אויף אַ טאַטן... און רופט מיך גרינער.

— און וואָס מיינט איר, אַז ער וואָלט געקומען העלפן זונטיק

*) סטענאָגראַפיסט. **) אַלטער מאַן. ***) צוקערלעך.

ביי די פּייפּערס צוליבן טאָטן? — ווייס איך וואָס! דעם טאָטן האָבן זיי אַלע אין דער ערד! עס איז דאָך אַמעריקע? — אַ הונט איז דאָ אַ טאַטע! נאָר ער טוט עס צוליב די „פּאָני פּיקטשעס"*) פון די „סאָנדעי פּייפּערס". ער גלייכט די „פּאָני פּיקטשעס", און ער האָט ליב זיך עסק'ן מיט זיי... זעט איר, צו די יידישע פּייפּערס וויל ער זיך נישט צורירן... דאָס לאָזט ער צו מיר!...

הכלל, איך האָב נישט געזען די ליקוי חמה... ביז איך האָב זיך אויסגעקליבן לויפן כאַפּן אַ קוק, איז שוין געוואָרן צוריק ליכטיק, און דערצו האָב איך נישט געהאַט מיט וואָס צו קוקן אויך... אַלע שוסטער גייען באָרוועס, די קאָסטאָמער אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע גלאָז און אַליין פאַר זיך גאָרנישט איבערגעלאָזט... אַמעריקע! אַלץ איז דאָ פאַר די קאָסטאָמער — זייער וועלט! מיט אַ קאָסטאָמער טאָר מען זיך נישט איינרייסן... אָבער צווישן אונז זאָל עס בלייבן, די קאָסטאָמער זענען גרויסע חזירים... נישט אַלע... עס זענען דאָ פיינע מענטשן אויך, אָט זייט איר אַ פיינער מאַן, אָבער אַ היבש ביסל חזירים... זיי פאָדערן זאַכן, פונקט ווי עס וואָלט זיי געקומט... די לעצטע צייט האָב איך עסקים מיט שטריק... אויף מיין אומגליק פאַלט אין אַמעריקע שניי... קיין ווינטער איז אַזוי נישט געפאַלן קיין שניי, ווי דעם ווינטער, — נו, איז באַזאָרג מיט שטריק אַלע קינדערשע שליטעלעך!... איר פאַרשטייט? שליטעלעך האַלט איך נישט, איך האָב פאַראיאָרן געפּריוווט האַלטן שליטעלעך, בין איך פון זיי בדלות געוואָרן. ערשטנס: איז נישט געוועזן קיין שניי... און צווייטנס: האָט מען ביי מיר אַ העלפט פון די שליטעלעך צוגנבעט... איר פאַרשטייט? אַ שליטל מוז מען דאָך האַלטן אין דרויסן... מען זאָל זען, אַז עס איז דאָ. נו, נו, גנבעט מען: ווינציק גנבים זענען דאָ אין אַמעריקע? נו, איז האָב איך באַשלאָסן! אויס שליטלעך! — בעמט דווקא פאַלן שניי, און מען פאָדערט שליטלעך, — האָב איך נישט... און עס איז בלויז אַ האַרצווייטיק: צו פרעמדע שליטלעך דאַרף איך געבן שטריק!... און נישט געבן קען מען נישט. מיט אַ קאָסטאָמער טאָר מען זיך נישט איינרייסן... און וואו זאָל איך זיך זיי אָננעמען אַזויפיל שטריק? אַמעריקע מיט אירע ווינטערס און שליטלעך! אַ שלעכטע מדינה, מען קען דאָ פאַר קיינעם נישט יוצא זיין!... און וואָס עפּעס נאָר שטריק? און וואו איז טאַקע סטעמפּס?... איר ווייסט דאָך, וואָס מען האָט פון סטעמפּס און דאָך

*) קאָמישע בילדער.

מוז מען זיי האַלטן... די קאָסטאָמער ווילן עס האָבן!... און עס וואָלט מיך נאָך נישט געאַרט די סטעמפּס, נאָר זיי גייען קויפן ער־געץ אַנדערש פּייפּערס און וואַסער, — און צו מיר קומט מען נאָך סטעמפּס, ווי אין אַ פּאָסט־אָפיס! און טאָמער, חלילה, גייען ביי מיר אַמאָל אויס סטעמפּס, — גלויבט מען מיר נישט, און איך מוז זיי שווערן מיט ווייב און קינדער! און אַפילו ווען איך שווער, גלויבט מען אויך נישט... עס איז דאָך אַמעריקע: ווער מען גלויבט מען דאָ יאָ? אַ ווייב גלויבט דאָך דאָ אַפילו אַ מאַן נישט! פונדעסטוועגן איז מיר אָן עברהי, וואָס איך האָב נישט געזען די ליקוי חמה. אַ פאַרקויפטער מענטש! מען קוקט דאָ די וועלט נישט אָן... עס איז דאָך אַמעריקע מיט אירע ביזנעס און קאָסטאָמער!..

## טענה נומער 81.

### פוסטע גאווה.

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן: אַמעריקע וועט סוף כּל סוף גוט נישט אָפּשניידן. סדום נישט סדום — נאָר עפּעס וועט געשען, ס'מוז געשען... און מיינט איר, פאַר אירע חטאים? — ניין, זינדיקע מלוכות פעלן נישט אויף דער וועלט, אומעטום ברענט דער גיהנום... און ווען דער איבערשטער וואָלט געוואָלט שטראָפן פאַר זינד, וואָלט ער די גאַנצע וועלט געדאַרפט חרוב מאַכן. די גאַנצע וועלט...

אָבער אויב איך גלויב, אַז אַמעריקע וועט סוף כּל סוף גוט נישט אָפּשניידן, איז דאָס נאָר צוליב איר גאווה און איר זיכערקייט. אַזוי זיכער אין זיך איז קיין מדינה נישט. אַזוי איינגעגלויבט אין זיך, — איז קיין פאָלק נישט.

— איך זאָג נישט, אַז אַ מענטש דאַרף זיך שרעקן, האַלטן אין איין ציטערן, — דאָס נישט. אָבער עפּעס א שטיקל מורא דאַרף ער דאָך האָבן... איז נישט פאַר גאָט, איז כאָטש, להבדיל, פאַרן אָפּ־

גאָט... נישט פאַר מלאכים, איז פאַר נישט-גוטע, פאַר שדים... — אָבער דאָ האָט מען פאַר גאָרנישט נישט קיין מורא, לחלוטין פאַר גאָר-נישט, און דאָס איז אַ שלעכטער סימן... אַ סימן רע... אַ היגער אַמעריקאַנער מענטש, ווען ער גייט איבערן גאַס, איז ווי ער וואָלט געגאַנגען ביי זיך אין הויז. און ביי זיך אין הויז טאָר אַ מענטש אויך נישט זיין אינגאַנצן זיכער... און בפרט אין גאַס. אַ היגער מענטש גייט מיטן קאָפּ פאַרריסן, און מיט אַזאַ זיכערקייט, ווי ער וואָלט געהאַט „אַ וחתמנו לחיים" אויף טויזנט יאָר ביי זיך אין דער קעשענע... — שטותים!

— אָט נעמט טאַקע אַ היגן יידן... איז אין גאָט גלויבט ער שוין נישט, נאָר וואָס דען גלויבט ער יאָ? אין די צייטונגען! דער „פּייפּער" איז ביי אים אנשטאט גאָט... און ער איז דערצו זיכער, אַז וואָס דער „פּייפּער" שרייבט, איז תורת לאָקשן, אַז איר קענט אים נישט איבערשפּאַרן...

אָט נעמט טאַקע די מעשה מיט דער ליקוי חמה... איז טאַקע אמת, אַז מיר זענען נישט קיין מוזשיקעס, קיין פּראַים, און גלייבן נישט, אַז פון אַ ליקוי חמה מוז אונטערגיין די וועלט. און מיר קריכן נישט אין די קעלערס צוליב דעם... אָבער דאָך אינגאַנצן זיכער קען מען אויך נישט זיין.

נאָך אַלעמען איז דאָך די וועלט פון כוכבים און מזלות נאָך נישט אויסגעפאָרשט... און נאָך אַלע חכמות האָט נאָך קיינער דעם הימל נישט דערגרייכט... אַפילו עדיסאָן אויך נישט. און ווי קאָן מען זיין אינגאַנצן זיכער?... טאַקע נישט שרעקן זיך ווי דער מו-זשיק אינדערהיים, אָבער אַ שטיק ספק מעג דאָך דערביי זיין... אַ שטיקל רעיון מעג דאָך אַ מענטש האָבן... און אינגאַנצן זיכער טאָר מען בכלל נישט זיין... אפשר פאַלט פּאָרט איין דער לבנה און זי פאַרטשעפּעט די זון?... מען קאָן דען וויסן?

הערט אַ מעשה, האָב איך אַ שוואָגערצן, אַ היגער, אַן אַמע-ריקאַנער, אַ גאָרנישט שבגאָרנישט, אַ פּוסטע כלי, נאָר אַ בעל-גאווה, וואָס צו אים איז נישטאָ קיין גלייכן... האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן ווייסער און איז זיכער אין זיך, ווי דער אַמאָליקער פּרעה מלך מצרים... וואָס איז? ער האָט אַן אייגענע פּעקטאָרי און אַ מאַשין און אַ הויז און לייענט ענגלישע פּייפּערס. אָל-רייט, זאָג איך, — אַלץ גוט, דו האָסט איצט געלט, אָבער נאָך אַלעמען,

ווי קאָן אַ מענטש זיין זיכער, וואָס עס קען מיט אים פּאַסירן מאָרגן?... איז קומט מיר צו רייד מיט מיין שוואָגערעץ טאַקע וועגן ליקוי חמה... פרעגט ער מיך: נו, וואָס דענק איך וועגן דעם? ענטפער איך: וואָס זאָל איך דענקען, איך בין נישט קיין אַסטראָנאָם!... זאָגט ער: „די פּייפּערס שרייבן: אין דער און דער שעה וועט די לבנה צודעקן די זון, נאָכדעם וועט ווערן צוריק ריין”... זאָג איך: מעג־לעך, אַז עס וועט יאָ אַזוי געשען און מעגלעך, אַז נישט... איך בין נישט מחויב צו גלויבן די פּייפּערס!

מאַכט מיין שוואָגערעץ: „הייסט עס, אַז דו וועסט זיך גאָר־נישט צוגרייטן דערצו, און איך האָב שוין צוגעגרייט בלויע ברילן און פאַררויכערטע גלעזער!” זאָג איך צו אים: איך בין נאָר גרייט אַלעמאָל, אַז מען זאָל מיך רופן אַהינצוצו... און דער רופער איז דער רבונו של עולם, אָבער גרייטן זיך, ווייל די פּייפּערס שרייבן, בין איך נישט מחויב!...

ווערט מיין שוואָגערעץ אין כעס און שרייט אויס: „דו ביזט אַ גרינהאָרן! אין אַמעריקע איז מען זיכער מיט וואָס מען טוט, דאָ איז נישט יוראָפּ!...”

זאָג איך: „שוואָגער טייערער, און פונוואַנען ביזטו עס אַזוי זיכער, אַז די ליקוי חמה וועט אריבער בשלום”?... מאַכט ער: „וואָס הייסט? ווען עס וואָלט זיין אַ סכנה, וואָלטן עס די פּייפּערס גע־שריבן”!...

זאָג איך: ביזטו, ליבער שוואָגער מיינער, אַ טיפּוש!... וואָס מיינסטו זיך, די פּייפּערס?... זיצן דען דאָרטן מלאכים? זאָגט ער: „אין אַמעריקע לעבט מען מיט אַ חשבון. דאָ איז נישט יוראָפּ, דאָ רעכנט מען אַלץ אויס אויף אַ האָר”...

זאָג איך: גוט, גוט, אויף אַ האָר... אָבער דער סוף פון אַלע אייערע חשבונות איז, אַז איר וועט זיך פאַררעכענען... ווייל, זאָג איך, דעם אמתן חשבון האָט ער, דער רבונו של עולם. ער האָט דעם ספר החיים והמות און ער פירט די ביכער...

מאַכט מיין שוואָגערעץ: „דאָס איז אַלץ אין יוראָפּ, ביי אייך אינדערהיים. דאָ אָבער האָבן מיר גוטע בוכהאַלטערס אָן דעם רבונו של עולם!”

איר הערט אַ חוצפּה? זאָג איך צו אים: וויבאַלד איר האָט

דאָ אין אַמעריקע אַזעלכע גוטע בוכהאַלטערס, טאָ פאַרוואָס באַנקראָ-טירט מען דאָ אַזויפיל?

האָט ער מיר שוין נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, מיין שוואָגערעך...

— אָט דאָס, וואָס איך זאָג: אַמעריקע מוז סוף כל סוף שלעכט אָפשניידן... גאָט מוז זי שטראָפן און אַלץ פאַר איר גאווה און זי-כערקייט. אַ מענטש מוז האָבן ספקות, טאָר נישט זיין זיכער... ווייל אויב יע, טאָ צו וואָס איז דאָ ע ר, דער רבונו של עולם?

# טענה נומער 82.

## שניידער אין אַמעריקע.

רופט זיך אָן צו מיר אַנומלט אַ היימיש באַלעבאַטישער ייד: — איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, מיר בענקט זיך נאָך אַ היימישן שניידער.

— וואָס עפּעס נאָך אַ שניידער? — פרעג איך.

— פאַרוואָס? — ענטפערט דער ייד. — ווייל מען דאַרף אים האָבן! ער קומט צונוץ, זייער צונוץ. אָט, למשל, וויל איך זיך מאַכן אַ מלבוש, ווי אינדערהיים, נישט קויפן פון די גרייטע. ווייל איך האַלט נישט פון די היגע גרייטע. איז אָבער נישטאָ קיין היימישער שניידער, וואָס זאָל עס מאַכן ריכטיק, ווי מען פלעגט עס מאַכן אינדערהיים, — נישטאָ!

— קען מען שוין גאָר דאָ נישט געפינען קיין אמתן שניי-דער? — פרעג איך.

— קען מען נישט! — מאַכט דער ייד מיט גרויס זיכערקייט, — נישטאָ!

אַן אמתער היימישער שניידער פאָרט נישט קיין אַמעריקע, ווייל ער קען אינדערהיים מאַכן בעסער ווי דאָ... און אַן אמתן שניי-

דער גלויבט מען גאָרנישט אין אַמעריקע... אַמעריקע דאַרף האָבן אייגענע געמאַכטע פּאַרטאַטשעס. קאָלומבוסעס שניידער, וועלכע קענען קיין פאָדעם אין נאָדל נישט אַריינרוקן.

— און מיינט נישט, אַז איך טראַכט אויס? — מאַכט דער ייד. — עס איז אַזוי: אַמעריקע איז דאָך פאַרקאָכט נאָר אין „האָריאָפּ" און אַ היימישער שניידער איז נישט קיין האָריאָפּניק... איז ווען אַזאַ מענטש קומט אַהער, מוטשעט ער זיך גוט אָן, ביז ער איז זיך מיישב און ווערט אויך אויס היימישער שניידער און ווערט אַ קאָלומבוסעס אָפּערייטאָר...

— עך! — מאַכט דער ייד. — ווי עס בענקט זיך נאָך אַ היימישן שניידער, וועלכער נעמט זיך צייט, עטלעכע טעג נעמט ער אַ מאָס און אַ וואָך גרייט ער זיך צום נייען, מאַכט הכנות, און ווען ער זעצט זיך נייען, יאָגט ער זיך אויך נישט. ער ווייסט, אַז דער עיקר איז, ער מוז מאַכן גוט. אָבער דאָ קומט איר אַריין צו אַ שנייהער אייננייען אַ קנעפּל, קען ער דאָס אויך נישט... הערט אַ מעשה: אַנומלט קום איך אַריין צו אַ שניידער אייננייען אַ קנעפּל. די מעשה איז געווען אַזוי: אין מיין היימישן פוטער האָט זיך אָפּגעריסן אַ קנעפּל און טאַקע מיטן פלייש, ווי מען זאָגט... וועל איך דאָך נישט וואַרטן ביז מיין שנור וועט מיר אייננייען... ווייל קיין ווייב האָב איך נישט, איר פאַרשטייט? ווען מיין גיטל לעבט, דאַרף איך נישט אָנקומען צו קיין שניידער... נאָר מיין גיטל איז שוין העט-העט, און איך וואַלגער זיך ביי אַ שנור, און ווער קען זיך שאַפן מיט אַ שנור, און אַפילו שאַפן קען אויך נישט העלפן, ווייל די היגע שנורן טויגן דען צו עפּעס?... נאָר צו שטיין ביים שפּיגל טויגן זיי, און מער טאַקע נישט!...

— הכלל, איך בין אַריין צו אַ שניידער. קום איך אַריין: — גוט מאָרגן! — גוט יאָר! קענט איר מיר אייננייען דאָס קנעפּל? — פרעג איך, — און ווייז אויפן פוטער. נעמט מיין שניידער באַטראַכטן און זאָגט: זעצט זיך צו, באַלד וועט אַריינקומען מיין אַרבעטער... געפעלט מיר שוין נישט, נאָר איך זעץ זיך... זיץ איך אַזוי און זע, ווי מיין ניעסשטשאַסטנער שניידער פאָרקעט זיך עפּעס מיט אַ מאַשין, וואָס מען פרעסט מיט איר... אַמעריקע מיט אירע מאַשינעס! און די צייט דערווייל לויפט... האָב איך שוין קיין געדולט נישט, זאָג

איך: — נו, וואו איז אייער אַרבעטער? מאַכט ער: ער וועט באַלד אַריינקומען. מאַך איך: און איר אַליין קענט עס טאַקע גאָרנישט איינניייען קיין קנעפּל? צעלאַכט ער זיך! איך? — ניין!... ווי קום איך דערצו? זאָג איך: אָבער עס איז דאָך אייער סטאָר און אויפן פענסטער שטייט דאָך געשריבן „טיילאָר"... איז מיינט עס דאָך שניידער?...

צעלאַכט זיך מיין ייד נאָך פעסטער: אויפן פענסטער? — ר' ייד, איר זענט אַ גרינער... מאַלע וואָס מען קען אָנשרייבן אויף אַ היגן פענסטער... עס איז טאַקע מיין סטאָר, אָבער איך אַליין בין פּונקט אַזאַ שניידער, ווי איר...

זאָג איך: אָבער?...

זאָגט ער: מאָדנער ייד, וואָס איר זענט! עס איז דען דאָס ערשטע געשעפט, וואָס איך האָב און וואָס איך קען אין אים אַליין גאָרנישט טאָן?... עס איז דאָך אַמעריקע! דאָ דאַרף מען בלויז האָבן געלט, און פאַר געלט קענט איר דאָ אַפילו אַ פּרעזידענט ווערן... אָט, למשל, נעמט טאַקע דעם היגן פּרעזידענט אַליין, איז וואָס מיינט איר, ער מוז אַלץ אַליין קענען? — ניין! ער דינגט מענטשן!... און זיי קענען שוין! אָט האָב איך פאַר מיין שניידער-סטאָר, זאָגט ער, געהאַלטן אַ פּיינט-סטאָר*) — נו, בין איך געווען אַ „פּיינטער? און פאַר דער „פּיינט-סטאָר" האָב איך געהאַלטן אַ פּרינטינג**), נו, האָב איך עפּעס געוואוסט פון פּרינטינג? — איך האָב געהאַלטן מענטשן און זיי האָבן שוין געוואוסט! מיין גאַנצע אַרבעט דאָ אין סטאָר איז צו מאַכן די „סטייטס" פאַר דעם פּרעס... איז דערצו דאַרף מען נישט זיין קיין שניידער...

— איר ווייסט, וואָס? — מאַכט דער שניידער צו מיר. — איך קען אייך פאַרקויפן מיין סטאָר... איך אַליין וויל גאָר גיין אין די בעקעריי-ביזנעס... איך האָב ליב בייטן ביזנעס...

אָט אַזוי האָט מיין שניידער גערעדט און גערעדט און איך בין געזעסן און געהערט און געקלערט: מעג נישט קומען אַ קלאָג צו קאָלומבוסן! אַ מענטש האַלט אַ שניידער-סטאָר און קען אַליין קיין קנעפּל נישט איינניייען.

עס איז אַוועק נאָך אַ האַלבע שעה אפשר, און דער אַרבעטער איז נאָך אַלץ נישט געקומען. רוף איך זיך אָן צום שניידער:

*) פאַרבן-קראָם. **) דרוקעריי.

— נו, מיסטער, וואָס וועט זיין? ביז וואַנען וועל איך וואַרטן?

מאַכט דער שניידער צו מיר אַזוי: אַט דערפאַר טאַקע וויל איך דאָך פאַרקויפן די סטאָר... די מעשה איז אַזוי: מיט גרינגע איז שווער אויסצוקומען... זיי איילן זיך נישט, זיי האָבן צייט, מיין אַר־בעטער איז אַ גרינער, אַ שניידער פון דערהיים און ער איילט זיך נישט... ער אַרבעט ביי מיר נישט פון טאָג, נאָר פון שטיק. איז ווען ער וויל, קומט ער אַריין, און נאָכדעם זיין אַרבעט—עס בודזשעט צו קוקן!... ער איז אפשר אַ גוטער אַרבעטער, — אָבער זייער אַ לאַנגזאַמער און אַמעריקע האָט ליב האַריאַפּ... ביי אים, אַז ער דאַרף איינניייען אַ קנעפל, איז דאס אַ שטונדע... און רעדט שוין נישט פון מאַכן אַ נייע קעשענע אָדער פאַרריכטן אַן אַרבל — דאָס איז שוין אַן עסק אויף אַ טאָג... אַי, ער אַרבעט דאָך פון שטיק און ער פאַר־דינט וואַסער אויף קאַשע? — אַרט עס אים נישט!... זיי טויגן נישט, די היימישע בעלי־מלאכות, מאַכט דער „שניידער"... עס איז שווער מיט זיי אויסצוקומען... אָבער וואָס טוט מען? אַז די היגע קענען קיין קנעפל נישט איינניייען... איך האָב שוין געהאַלטן קאַלומבוסעס אַ שניידער אויך... איז ער אַ קאַליקע. ווען עס קומט צו אַן אַרבל, בלייבט ער שוין גאָר שטיין, און געלט וויל ער דוקא גוט, — גיב אים געלט!... און דערפאַר טאַקע וויל איך פאַרקויפן מיין סטאָר... זייט זיך מיישב, מיסטער, און קויפט ביי מיר... עס איז אַ גוטע ביזנעס.

איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך האָב נישט געקויפט, און קוים מיט צרות זיך דערוואַרט אויף דעם אַרבעטער, און ביז יענער האָט מיר פאַרטיק געמאַכט מיין קנעפל, איז שוין געוואָרן מיטאָגצייט.

נו, איז זאָגט אַליין, איז עס אַ מדינה? אפילו אַ שניידער איז דאָ קיין שניידער נישט! ביזנעס, רק ביזנעס און שווינדל!

און ווייסט איר, וויפיל ער האָט ביי מיר גענומען פאַר אַ קנעפל? — אַ קוואָדער! איר פאַרשטייט, ער האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ חשבון: דאָס קנעפל אויסגעריסן מיטן פלייש, נו, דאַרף מען אַריינשטעלן אַ ניי שטיקל סחורה... און סחורה קאָסט געלט און נאָכ־דעם — זאָגט ער, אַז מיין קנעפל טויג נישט, עס איז אָנגעבראָכן... דאַרף מען האָבן אַ נייעם קנעפל. און נאָכדעם פאַר דעם נייען...

עס איז, זאָגט ער, אַ „באַרגיין״, אַ קוואָדער, דאָס טוט ער נאָר פאַר מיר... ביי אַן אַנדערן וואָלט ער גענומען אַ האַלבן דאָלאַר...

און איך האָב באַצאָלט... היינט זאָגט אַליין: מעג נישט קומען אַ קלאָג אויף קאָלומבוסן מיט זיינע שניידער?

## טענה נומער 83.

### בערג מיט פּאַפּיר.

איך האָב זיך אַנומלט באַקענט מיט אַ יידן אַ משכיל... אַ לעזער פון דערהיים נאָך, און מיר האָבן זיך צערעדט.

— אַמעריקע, — מאַכט דער ייד צו מיר, — איז אַ פּאַפּירענע מדינה. דאָ האָט קיין זאַך קיין ממשות נישט. אַלץ איז פּאַפּיר. און וואָס, וואָס, פּאַפּיר זשאַלעוועט מען דאָ נישט... נעמט אַ היימישע צייטונג, אַ העברעישע און אַ היגע, כ׳מיין אַן ענגלישע. איז יענע צייטונגען, די היימישע, האָבן געהאַט אַן אינהאַלט און ס׳איז געווען אַ „מועט המחזיק את המרובה״, און דאָ גיט מען אייך פּאַפּיר אַנשטאַט אינהאַלט און גייסט — חלשות!

אין אַ היימישער העברעישער און אפילו רוסישער צייטונג, איז געווען וואָס צו לייענען, מען האָט אויף ווינציק פּאַפּיר געשריבן טייערע זאַכן און דאָ — בערג מיט פּאַפּיר, און וואָס? — גאָרנישט... פּוסטע זאַכן... חלשות!

איך שווער אייך, אַז איך האָב צו אַמעריקע גאָרנישט. אָבער די בערג מיט פּאַפּיר אירע קען איך נישט סובל זיין... ס׳איז נישט לפי רוחי...

איך בין, קיין עין הרע, אַ ייד, אַ מטופל מיט בנים און בנות. און מיר פעלט גאָרנישט אין אַמעריקע. כ׳האָב צו קאָלומבוסן גאָרנישט דערלייגט. די קינדער אַרבעטן, און גאַנץ גוטע קינדער אויך, נישטאָ וואָס צו זינדיקן. ווערדליק אַמעריקע און אַמעריקאַנער קינדער, זענען זיי נאָך אַלרייט... און אין אַ הויז וואוין איך אַ פיינעם...

אַן אייגן הויז — און דאָך איז מיר ענג און אָפּט קען איך דאָס אייגענע הויז נישט פאַרטראָגן — און אַלץ צוליב דעם פּאַפּיר.

עס הייבט זיך אָן אַ טאָג מיט פּאַפּיר און עס ענדיקט זיך מיט פּאַפּיר.

און קומט זונטיק, דערטרינקט מען זיך ממש אין פּאַפּיר! אַלע מיינע קינדער, זעקס האָב איך זיי. לייענען צייטונגען און נישט צו איינע, נאָר צוויי און דריי, און יעדער קויפט באַזונדער, און קומט אינאָווענט, קומט זיך יעדערער מיט זיין בערגל... און דאָס הויז ווערט פול מיט בערג פּאַפּיר — חלשות!

און איך קען עס נישט פאַרטראָגן... ס'איז נישט לפי רוחי... ראשית, צוליב דעם „סך"... אין קען זיך נישט צוגעוויינען צו די גראָבע פּייפּערס די היגע, כאָטש איך בין שוין דאָ אַ קימא לן פון איין און צוואַנציק יאָר... איך קען נישט! עס איז פּאַרט נישט לפי רוחי...

שנית, איז לייען איך זיי נישט... ווייל וואָס וועל איך אין זיי לייענען? זיי פאַרמאָגן דען עפּעס?... איז דען ביי זיי דאָ „דברי הימים", ווי איך בין געוויינט? ס'איז אָדער אַדווערטייזמענטס, אָדער פּיקטשורס, אָדער מעשיות מיט גט-פּראָצעסן, אָדער רציחות, אָדער ווי מיינע קינדער רופן עס אָן „ספּאָרט". קען מען דאָס אָנרופן צייטונ-גען — ס'איז פּאַפּיר, און נישט מער! חלשות!

און שלישית: טאַקע וואָס טוט מען מיט אַזויפיל פּאַפּיר? אַרויסוואַרפן—נישט אַרויסוואַרפן? נאָך אַלעמען קאָסט דאָך עס געלט!... דאַן ווי נעמט מען און מען וואַרפט אַרויס „גייסטיקע זאַכן?" איך קען עס נישט... נישט געוויינט דערצו... איך פלעג אינדערהיים די „הצפירה" בינדן... וואָס הייסט אַרויסוואַרפן... האָט אָבער מיין יידענע אויך אַ דעה, און זי וואַרפט יאָ... זי זאָגט: נישטאָ קיין פּלאַץ... וואַרפט מען יאָ... איז עס אַ צווייענדיקע צרה: מען איז עובר אויף בל תשחית און מען פטרט געלט אומזיסט...

— ווייל ווייסט איר דען וואָס מיר קאָסט אָפּ פּייפּערס אַ וואָך? — ממון קרח! אוצרות קאָסט עס מיר!

און איך פרעג אייך איין זאַך: צו וואָס דאַרף מען געבן אַזוי-פיל פּאַפּיר, ווען מען מוז עס אַלצאיינס אַרויסוואַרפן? — צו וואָס?

— ווער, פרעג איך אייך, לייענט דאָ אַ צייטונג אויף אַן אמת. ווי מען האָט ביי אונז געלייענט אינדערהיים! אַז לייענען לייענט

מען דאָך דאָ „בחפזון”, פאַרנדיק אין טריין, און וואָס פאַר אַ טעם האָט עס?... וואָס פאַר אַ טעם קען עס האָבן? — חלשות!

איך, אַז איך נעם אפילו אַ יידישע צייטונג, זעץ איך זיך אַוועק אין הויז מיט כוונה, אפילו נאָך איצט, און לייען... וואָס הייסט, מען מוז דאָך נאָך אַלעמען צולייגן קאָפּ! עס איז, נאָך אַלע מעשיות, פאָרט פּאָליטיקע, „דברים העומדים ברומו של עולם”... און איך לייען נאָך איצט מיינע יידישע צייטונגען מיט כוונה, פּונקט ווי אינדער-היים. אמת, ס'פעלט דער דברי הימים, נישטאָ שוין אַזעלכע שרייבער, ווי די פון „דברי הימים”, נאָר ס'איז נאָך פאָרט עפּעס...

אָבער מיינע אַמעריקאַנער חברה, קומען שוין אַהיים מיט אויס-געלייענטע פּייפּערס... פרעגט זיי, וואָס, ווען, ווייסן זיי נישט. נאָר גאָרנישט, געלייענט, הייסט עס... אַ, צו וואָס ברענגען זיי אַהיים די פּייפּערס? איז ווייל ס'איז אַזוי שוין דאָ איינגעפירט, אַז לייענען לייענט מען פאָרנדיק און איילנדיק, און דאָס פּאַפּיר ברענגט מען אַהיים... צו וואָס? כּדי איך זאָל האָבן עגמת נפש... ווייל איך קען נישט פאַרליידן, וואָס וואו מען גיט זיך אַ קער, וואַלגערן זיך פּיי-פּערס און כּדי מיין יידענע זאָל האָבן וואָס אַרויסצוואַרפן...

איז פרעג איך אייך, וואָס איז דאָ דער שכל, וואָס אַמעריקע וואַרפט זיך אַזוי מיט פּאַפּיר? פאַרטאַכלעוועט אַזויפיל פּאַפּיר פאַר גאָרנישט... קאָסט עס דען קיין געלט נישט, האַ? מען האָט דאָך געקענט אויף דעם אַרויסגעבן די בעסטע ביכער, איך רייד שוין נישט פון ספרים? וואו ליגט דאָ דער שכל, וואָס מען קאָרמעט דאָ דעם עולם מיט פּאַפּיר, אנשטאָט מיט גייסט?... איך קען עס נישט באַ-נעמען... בשום אופן נישט!

## טענה נומער 84.

### ווער וועמען?

אַמאָלט האָט אַ ייד פאַר מיר אַוועקגעלייגט אַזאַ מין דרשה וועגן אַמעריקע:

— איר ווייסט, וואָס איז די צרה מיט אונזער יידישער אַמעריקע? וואָס זי איז קראַנק אויף כבוד!

אַלע ווילן דאָ כבוד! יעדער איינער שטייט און קוקט אויס די אויגן נאָך אַ ביסל כבוד! גיב אים כבוד!

און איר פאַרשטייט דאָך, אַז ווען אַלע ווילן כבוד, איז ווער וועט געבן כבוד? בלייבט דאָך שוין נישט ווער עס זאָל געבן... איר פאַרשטייט?

אין דער אַלטער היים האָט מען געוואוסט, אַז כבוד קומט דעם רב פון שטאָט, דעם דאָקטאָר, אַ ביסל אויך דעם שוחט און דעם אַפּטייקער. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויך דעם גביר פון שטאָט. אים קומט עס שוין נישט אַזוי, ווייל עס קומט אים, נאָר ווייל מען מוז, — ער איז דאָך פאָרט דער גביר פון שטאָט!

אָבער דאָ, אין אַמעריקע, ווילן כבוד אַלע, אָן אויסנאַם: דער אָרעמאַן ווי דער גביר, דער שלעפּער ווי דער אַריסטאָקראַט...

אין אַמעריקע זענען דאָך אַלע גלייכע מענטשן, און ווי באַלד אַזוי, פרעגט מיין לאַנדסמאַן, פון דערהיים אַ קאַליקע אַ שניידער און דאָ קאָלומבוסעס אַן אָפּערייטאָר, — פאַרוואָס גיט מען אים נישט קיין כבוד, און יאָשע-חיים דבורהס, דעם היימישן סוחר און למדן פון דערהיים, יע?...

דער עיקר אומגליק אין אַמעריקע איז וואָס אַלע באַלאַנגען דאָ צו דיזעלבע פאַריינען, אַרבייטער-רינג-ברענטשעס, אָרדענס און שולן. אַלע צאָלן דיזעלבע דיוס*) און מיינען, אַז זיי זענען דער-פאַר גלייכע יחסנים.

אינדערהיים האָט מען געוואוסט פון אַ קצבישער שול, פון אַ שניידערשער שול און פון אַנדערע שולן.

אין קצבישער שול האָבן געדאַוונט קצבים און זייער גלייכן, אין דער שניידערשער אויך.

אָבער דאָ, ביי קאָלומבוסן, דאַוונען אַלע אין איין שול (דאָס הייסט קיינער דאַוונט נישט), און דער קצב איז דער פּרעזידענט און דער שניידער איז דער סעקרעטאַר, און דער היימישער באַלעבאָס און למדן — דער שמש!...

איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אַ סדר עס קען שוין דאָ זיין?

---

*) מיטגליד-שטייער.

און דערפאַר ווייל דאָ האָט זיך אַלץ אויסגעמישט, ווייס קיי־נער נישט ווער ווען עס דאַרף אָפּגעבן כבוד...

ווייל קיין יחוס איז דאָך דאָ נישטאָ און פאַרוואָס קומט יע־נעם יאָ כבוד, און מיר נישט?

און אָט נעמט, — מאַכט צו מיר דער ייִד, — אפילו די היגע נשים.

אינדערהיים האָט אַ יידענע געוואוסט, אַז כבוד קומט דעם מאַן, ווייל ער איז פּאָרט דער מאַנסביל, דער פאַרדינער, דער פאַרזאָרגער אין ביידע וועלטן, און דער, וואָס קען לערנען...

אָבער דאָ וויל די פרוי מער כבוד פון דעם מאַן.

פאַרוואָס? ווייל ס'איז אַמעריקע! און אַלע זענען דאָ גראָבע יונגען...

און אפשר האָט טאַקע די היגע פרוי רעכט: ווייל אַזוי ווי דער היגער מאַנסביל קען נישט לערנען פונקט ווי זי, איז פאַרוואָס קומט אים דער כבוד און איר נישט?

און נאָך עפּעס: אַזוי ווי די היגע פרוי קען דאָך ווען זי וויל זיין פונקט אַזאַ גרויסע פאַרדינערין ווי דער מאַן (זי ווייס אויך די תורה פון גיין אין שאפּ), הייסט וואָס איז דער יחוס מיטן מאַן...

און איך זאָג אייך, ס'איז שלעכט! אַ מדינה מוז האָבן מדרגות: מענער מוזן זיין מענער און נשים — נשים!

מענטשן מוזן האָבן צו וואָס אַרויפצוקוקן! ווען אַלע שטייען אָבער גלייך, טויג עס נישט...

מענטשן מוזן האָבן וועמען אָפּצוגעבן כבוד, אָבער ווען אַלע ווילן נאָר כבוד פאַר זיך, צי ס'קומט זיי, צי ס'קומט זיי נישט — איז אַ ביטערער עסק...

אָט נעמט די היגע קינדער. איז וואָס? — אויך זיי ווילן נישט געבן קיין כבוד די עלטערן, נאָר ווילן גאָר, אַז מען זאָל זיי אָפּגעבן כבוד!

אויך דער אייגענער אומגליק, ווי מיט די ווייבער.

אַ היגע קינד שטעלט קיינעם נישט העכער פון זיך.

און דער פועל יוצא — די עלטערן ליידן...

איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן: איך האַלט פון קעסטעלעך.

ווען נח האָט געמאַכט די תּיבה, האָט ער פאַר יעדן מין חיה געמאַכט אַ באַזונדער קעסטעלע.

ווייל עס מוז זיין אָפּגעטיילט. יעדע באַשעפעניש מוז וויסן וואו זי באַלאַנגט, וואו איר פּ׳אַץ איז.

און אַזאַ איינטיילעניש איז גוט און געזונט נישט נאָר אין צייט פון אַ מבול און נישט נאָר פאַר חיות.

אויך מענטשן האָט מען געדאַרפט איינטיילן באַזונדער, יעדע־רער זאָל וויסן זיין קעסטעלע.

אַ ווייב אַ באַזונדער קעסטעלע, אַ ק׳נד אַ באַזונדער, אַ גע־לערענטן מענטשן זיין קעסטעלע און אַ פּראָסטן מענטשן, — זיינס...

אָבער וואו מען נעמט, ווי דאָ אין אַמעריקע, און מען מישט אַלץ אויס: איין קאַסטן פאַר אַלעמען, — טויג עס טאַקע נישט.

בלאָזט זיך יעדערער, ווייל אַז מען זאָל נאָר אים געבן כּבוד, ווייל קיינער נישט געבן קיין כּבוד דעם צווייטן...

ווייסט מען דאָ נישט דעם חילוק פון אַלט ביז יונג, פון למדן ביז עם הארץ...

און ביי מיר וועט נישט זיין קיין וואונדער, ווען אַמעריקע וועט זיך אַמאָל איבערקערן.

עס וועט זיין צוליב דעם, ווייל די היגע תּיבה טויג נישט.

און דער היגער „נח״ האָט קיין שכל נישט און האָט געבויט אַ קאַסטן אָן אָפּטיילונגען...

און חוץ אַן איבערקערעניש קענען די היגע מענטשן אויפעסן איינע די צווייטע פּשוט צוליב כּבוד, אַזוי ווי חיות עסן אויף איינע די צווייטע. ווייל פאַרוואָס נישט? ווער קען זיי אָפּהאַלטן אין דעם, אַז קיין עלטערער איז דאָ נישטאָ, קיין קליגערער אויך נישט, אַז אַלע זענען דאָ חכמים ביי קאָלומבוסן. אַלע!...

## טענה נומער 85.

### וואָס צו — איז איבעריק.

אַ ייד אַ בן תורה, אַן עלטערער, אַ היימישער. אַ מענטש, וואָס האָט ליב צו פּאַרטיפן זיך אין זאַכן. באַקענט האָב איך זיך מיט אים צופעליק, זוכנדיק צימערן. איך בין געגאַנגען זוכן נייע צימערן. קום איך אַריין אין אַ ניי הויז, נאָך נישט קיין באַוווינטס. געפין איך דאָרט דעם יידן. ער איז אויך געקומען אָנקוקן צימערן פאַר אַ זיינער אַ טאָכטער... צערעדן מיר זיך:

— געפעלן אייך די צימערן? — פרעגט ער מיך.

— יע, — ענטפער איך, — פיינע צימערן. עס איז נישטאָ וואָס אויסצוזעצן...

— איר זייט עפּעס אַ מבין וויפל לאָמפּן דאָ וועלן זיין? — ציט דער ייד מיין אויפמערקזאַמקייט, — אומעטום לאָמפּן. פון סטעליע, פון די ווענט, אומעטום!

— מיר געפעלט עס, — מאַך איך, — שוין צוליב דעם אַליין בין איך גרייט צו נעמען די דירה...

— יע, יע, — גיט מיין ייד אַ קרעכץ — אייך געפעלט עס... אוודאי געפעלט עס אייך, וואָס זשע דען, עס וועט אייך נישט געפעלן?

— און אייך? — פרעג איך.

— מיר? — מאַכט דער ייד. — מיר געפעלט עס נישט.

איך האָב דעם יידן אָנגעקוקט און מיין ייד האָט זיך צערעדט:

— פאַרשטייט איר מיך, יונגערמאַן, אַלץ דאַרף האָבן אַ מאָס. אפילו ליכט... וואָס צו — איז איבעריק. און ביי אייער קאָלומבוסן איז שוין צו ליכטיק... און צו וואָס דאַרף מען עס? און ווער האָט דערפון? אַלץ דאַרף זיין מיט אַ מאָס... פון אַסך ליכט ווערן קאַליע די אויגן — און דערפאַר טראָגן דאָ אַלע ברילן. מען זעט נישט מאַכן אין אַ הויז נאָך אַ פענסטער — נאָר נאָך אַ לאָמפּ... דאָס איז אַמעריקע!... דאָס אמתע גאָטס ליכט פון דרויסן פאַרהענגט מען ביי אייך מיט שמאַטעס.

מיט טונקעלע פאַרהאַנגען. און מען צינדט אָן עדיסאָנס ליכט... אַ געוואַל-טיקע חכמה! פשש, וואָס? פאַר אַן אויפטו!...

מען עסט דאָ ביים ליכט פון עלעקטריק. מען אַרבעט ביים ליכט פון עלעקטריק און מען ווערט אַלט פאַר דער צייט, געל ווי דאָס ליכט פון עלעקטריק...

ניין, יונגערמאַן. עס טויג נישט!... אַמעריקע האָט צופיל לאָמפּן! ליכטיקייט מוז האָבן אַ מאָס. טאָג און נאַכט מוזן זיך אונ-טערשיידן. עס דאַרף זיין אַ חילוק, און דאָ ביי אייך ווייס מען נישט קיין חילוק פון טאָג ביז נאַכט, אַז שטענדיק ברענט עלעקטריק...

מען האָט דאָ גענומען טאָג מיט נאַכט און אויסגעמישט... צוריק צום אַמאָליקן תהו ובהו און דאָס איז אַ חטא...

ווייל דער רבונו של עולם האָט גאַנץ שווער געאַרבעט ביז ער האָט אָפּגעשיידט טאָג פון נאַכט... גאַנץ שווער!

— איך פרעג אייך: צי וואָס האָט גאָט באַשאַפן די וועלט מיט אַ טאָג און אַ נאַכט? — עס מוז דאָך אין דעם זיין עפּעס אַ כוונה? און די כוונה איז: טאָג — צום וואַכן, צום אַרבעטן, און די נאַכט — צום רוען, צום שלאָפן. טאָג — הוצאה; און נאַכט — הכנסה. און וואָס טוט איר? איר האָט גענומען און געמאַכט אַ קאַשע פון חשבון... אַלץ אויסגעמישט און דערפאַר שטימט דאָ נישט די הכנסה מיט דער הוצאה...

— נישטאָ קיין אמתע נאַכט אין אַמעריקע, מיין פריינט! ניש-טאָ! און שולדיק זענען די נייע חכמות. עדיסאָן מיט זיינע לאָמפּן... און צו וואָס מאַכט מען דאָ, לאָמפּן? איר מיינט צוליב העכערע ענינים? צוליב פאַרשפּרייטן ליכטיקייט? — ניין! צוליב ביזנעס, כדי די „עלעקטריק בילס"*) זאָלן זיין גרעסערע... אַלץ איז אַ געשעפט... און איך פרעג אייך: צוואָס אָנשטאָפּן עדיסאָנען מיט גאָלד, ער איז דען ווינציק רייך?

— עך, מיין פריינט, ווי גוט עס איז געווען ביי אונז אַמאָל, אינדערהיים! ביי אונז אין הויז איז אינגאַנצן געווען איין לאָמפּ, — און דאָך איז געווען ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך, — שלום ושלוה! און וואָס איז די פּעולה, אַז דאָס גיסט זיך מיט ליכט פון אַלע

*) די רעכנונגען פאַר עלעקטריק.

ווינקלען, אַז אויף דער נשמה איז פינסטער און קיין שלום איז נישטאָ?

האָב איך נישט רעכט?

אינדערהיים האָב איך געוואוסט, אַז ווי נאָר נאַכט, דאַרף מען גיין שלאָפן, און דאָ איז דאָך כסדר ליכטיק. ווייסט מען טאַקע נישט ווען צו לייגן זיך, און מען גייט אַרום שטענדיק נישט אויסגעשלאָפן... און אַז אַ מענטש איז נישט אויסגעשלאָפן, איז ער גרייט צו באַגיין עוולות... געבירט ער שדים און רוחות...

אַמאָליקע מאַן און ווייב האָבן געוואוסט, אַז די נאַכט איז צום רוען און די ערגסטע ווייב פלעגט אַנטשוויגן ווערן ביינאַכט.

און היינטיקע מאַן און ווייב ווייסן נישט פון רו. מען צינדט אָן אַלע לאָמפּן אין די נעכט, און מען זיצט און מען רייסט זיך, ווי די קעץ...

— ניין, יונגערמאַן, איר האָט נאָך ווינציק געלעבט, ווייסט איר נישט די באַדייטונג פון רוען... ביי אייך וויבאַלד נאָך אַ לעמפּל, איז שוין אַ מציאה!...

ניין! עס טויג נישט אַ סך לאָמפּן! פון לעמפּלעך פאַרשפּרייטן זיך זינד אויף דער וועלט.

איך בין אַמאָל געווען אויף בראָדוויי ביינאַכט, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן אימה: מענטשן האָבן גענומען און איבערגעקערט מעשי בראשית: פון נאַכט, — טאָג געמאַכט.

און צו וואָס? נישט צוליב מצוות... זיי איז ווינציק דער טאָג פאַר מיאוסע מעשים, האָבן זיי אויך גענומען די נאַכט צו הילף...

— איך פרעג אייך: ווער דאַרף אַזויפיל לאָמפּן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין ייד האָט געענדיקט און איז אַרויס פון די צימערן און איך נאָך אים. מיר האָבן ביידע דעמאָלט די צימערן נישט גענומען...

## טענה נומער 86.

### איז קאָלומבוס אַ ייד?

— מען זאָגט,—רופט זיך אָן צו מיר אַנומלט אַ ייד,—אַז קאָלומבוס איז אַ ייד. איך גלויב עס נישט. ווייל אויב ער איז עס טאַקע, האָב איך צו אים אַ היבש ביסל טענות. איר פאַרשטייט, אויב ער האָט שוין געוואָלט אויסגעפינען פאַר אונז אַן אַמעריקע, טאָ פאַרוואָס האָט ער עס אָוועקגעגעבן די גויים? פאַרוואָס קומט די גויים זיי זאָלן געוועלטיקן איבער אונז? איר פאַרשטייט, אַ ייד, ווי ער, וועלכער האָט געהאַט שכל אויסצוגעפונען אַ לאַנד, האָט געדאַרפט איינשרייבן, אַז דאָס לאַנד געהערט צו יידן... אַזוי וויל איך!...

אָבער וואָס זשע האָט געטאָן קאָלומבוס? ער האָט געגומען און געפונען אַמעריקע און זי איבערגעלאָזן אויף הפקר... און איצט דאַרפן מיר זיך בעטן ביי זיי, ביי די גויים, זיי זאָלן אונז אַריינלאָזן! און זיי טוען אונז אַ טובה...

האָט איר אייך אַ טענה צו קאָלומבוסן. איצט נאָט אייך נאָך איינע:

אַ ייד געפינט אויס אַ לאַנד, צו וואָס? כדי מענטשן זאָלן זיך פילן גליקלעך, גוט, אָבער ווי קען מען זיך פילן גוט אין אַ לאַנד, וואו דער קלימאַט איז קיין קלימאַט נישט, וואו ווינטער איז קיין ווינטער נישט און זומער קיין זומער נישט?

ווען איך, פאַרשטייט איר מיך, בין קאָלומבוס און לאָז זיך אויסגעפינען לענדער, געפין איך אויס אַ בעסער לאַנד. ראשית: טאַקע אַ גוט לאַנד, וואו מען זאָל נישט דאַרפן אַזוי שווער אַרבעטן... שנית: אַ לאַנד מיט אַ באַשטימטן קלימאַט... און דריטנס, אַ לאַנד וואו מען זאָל האַלטן פון מענטשן... ווייל אין אַמעריקע האַלט מען דאָך נישט פון מענטשן... ווער האָט דאָ אַ ווערט? קיינער נישט!...

— איך גלויב, אַז קאָלומבוס איז געווען אַ גוי, ווייל נאָר אַ גוי

קען האָבן אַזאַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ און געפינען אַ לאַנד אָן אַ תכלית... נישט פאַרזאָרגן נישט קיין ווייב, נישט קיין קינדער, נישט קיין פאָלק... און איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? נאָך אַלע גליקן אַרט מיך נישט דער גאַנצער עסק: איך שענק קאָלומבוסן! זאָלן די גויים זיך פרייען מיט אים.

נישקשה, מיר האָבן משה רבינו. ווען משה רבינו האָט אויסגעפונען אַ לאַנד, איז עס געווען מיט חכמה. אַ גוט לאַנד, אַ וואַרעם לאַנד, ארץ ישראל...

— פאַרוואָס האַלט איך נישט פון אַמעריקע, צוליב כמה וכמה טעמים: ראשית צוליבן עסן. מען עסט דאָ צופיל... מען פרעסט... און וואָס איז דאָ דער חילוק פון אַ בהמה ביז אַ מענטשן? אינדערהיים האָט מען אויך געגעסן, אָבער מען איז נישט געלעגן אַזוי אין דער אכילה, אָבער דאָ איז דאָך אַן אימה... מען שטייט אויף אינדערפרי מיטן געדאַנק פון פרעסן און מען לייגט זיך שלאָפן מיט דעמזעלבן געדאַנק... דער קאָפּ ליגט נאָר אין דער אכילה, און וואָס איז דער פועל יוצא? אַלע גייען דאָ אַרום מיט שלעכטע מאָגנס און בייכלעך... איך זאָג אייך, די בייכלעך און די שלעכטע מאָגנס, דאָס זענען די אייניציקע זאַכן, וואָס מען שפּאָרט דאָ אָפּ...

— איר הערט אַ מעשה: ביי מיר איז דאָ אַ לאַנדסמאַן, איז ער געווען פון דערהיים אַ מאָגערער ייד... דין ווי אַ לולב און דאָך אַ ייד אַ גיבור. פאַר זיינעם אַ פּאַטש פלעגט מען זיך שרעקן... וואָס זשע טוט גאָט? קומט ער קיין אַמעריקע און דאָ, זאָג איך אייך, איז טאַקע ממש נסים: דער ייד קריגט גאָר אַ נייעם אויסזען, אַ פּנים חדשות. ווערט גראָב מיט אַ בייכל. צוויי מאָל אַזוי די דיק... אמתע מעשה בראשית. וואָלט עס דאָך געווען אַ מעלה, האָט ער אָבער דאָ גענומען קרענקען... אינדערהיים געווען דין, מאָגער און געזונט, קיינמאָל נישט געקרענקט... און דאָס אַלץ נעמט זיך פון בייכל...

— איר פאַרשטייט, אין אַמעריקע שפּאָרט מען נישט אָפּ קיין מצוות און מעשים טובים, נאָר אַ בייכל... אָבער וואָס איז די פעולה, אַז אַלע קרענקען דאָ!.. אַזוי, אויפן אויסקוק באַגעגנסטו אַ מענטשן, קוקט ער אויס געזונט און שטאַרק... די מאָרדע גלאַט, די הויזן אויסגעפרעסט, דער גאַנג אַ גלייכער, אָבער אין תוך זענען דאָ אַלע חולאים... מען דאָקטאָרט זיך, מען גייט אָדער צום דאָקטאָר אָדער

פון דאָקטאָר··· און אויב נישט פון דאָקטאָר, איז פון וועגעטאַריאַנישן רעסטאָראַן... ביי מיר, הערט איר, איז שוין דאָ אַ סימן: באַגעגן איך אַ מענטשן און ער הייבט מיר אָן דערציילן, אַז ער עסט קיין פלייש נישט, קיין פיש נישט, און ער עסט נאָר אין אַ וועגעטאַר-יאַנישן רעסטאָראַן, איז עס ביי מיר דער גרעסטער סימן, אַז ער איז אַ חולה... נישט גוט, ברודערל, מיט דיר, קלער איך זיך, דו ביזט שוין אויף צרות...

ווייל איך האַלט, אַז ווען אַ מענטש קען נישט עסן מער קיין פלייש, איז ער שוין קיין מענטש נישט! ווייל אָן פלייש איז קיין לעבן נישט...

גראָז אַהער, גראָז אַהין — ס'איז גאָרנישט. אַן אמתער בן-אדם דאַרף עסן פלייש... בשר ודגים—דאָס איז דער עיקר... גאָט אַליין האָט אָנגעזאָגט אדמען צו עסן פלייש...

— איר וועט מיר זאָגן, דאָס היגע פלייש טויג נישט? — דאָס איז אמת, ס'איז טאַקע נישט דאָס היימישע פלייש, אָבער די היגע גרינסען זענען דאָך אויך נישט די היימישע און דאָס היגע מילכיקס אוודאי נישט...

און איר ווייסט, פאַרוואָס דאָס היגע מילכיקס טויג נישט? ווייל די היגע בהמות זענען קיין בהמות נישט. די אמתע בהמות אין אַמעריקע, פאַרשטייט איר מיך, ליגן דאָך אין די הייזער, אין די שעפער...

— אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט, קאָלומבוס איז אַ ייד. אויף מיין וואָרט, אויב מען זאָל נעמען אַ משל פון דער היגער יידיש-קייט — איז טאַקע אַ קלאָג צו קאָלומבוסן...

## טענה נומער 87.

### מען טרייבט אים.

אייער קאָלומבוס האָט געמעגט זיך אויסדרייען הענט און פיס, איידער ער האָט אויסגעפונען אַמעריקע! —אָט אַזוי האָט זיך אַנומלט פאַר מיר באַקלאָגט אַ בחור, אַן עלטערער, וועמען איך האָב

געטראָפן אין אַ ראַזירשטוב. — איך זאָג אייך, אַז דאָס לאַנד איז דאָ קיין לאַנד נישט, און די מענטשן קיין מענטשן נישט!... אָט נעמט טאַקע מיך אַליין, איז בין איך מיר אַ מענטש, וואָס טשעפּע קיינעם נישט, אַ שטילער מענטש, — נאָר וואָס דען? איך האָב נישט שטאַרק ליב צו אַרבעטן! איז פרעג איך אייך, וואָס קומט מיר דערפאַר? אמת, איך פלאָג זיך, אָבער איך פרעג אייך, פלאָג איך זיך דאָך און נישט איר. איז וואָס אַרט אייך, אַז איך פלאָג זיך? איז הערט איר, וואָס איך לייד זיך אָן פון די היגע באַנדיטן, איז פשוט אַ שרעק! ערשטנס: די מיסיס זי לאָזט מיך נישט איינזיצן אין הויז. „פאַרוואָס גייט איר נישט אַרבעטן? וואָס איז דער תכלית? האָט איר דען קיין אַרבעט נישט? פאַרוואָס געפינט איר נישט קיין אַרבעט?" אַזאַ שטיק פאַסקודסטווע! גיי דערצייל איר, פאַרוואָס איך אַרבעט נישט. איך פרעג אייך: צו וועמען בין איך דאָ פאַרקויפט? קיין ווייב האָב איך נישט, אַ דאַנק גאָט, איז וואָס דאַרף איך דאָ איינלייגן אַ וועלט? ביי מיר איז יעדער טאָג, וואָס איך אַרבעט נישט, — אַ געפונענער טאָג... און סתם וואָס איז עס אירע געשעפטן, צי איך אַרבעט, צי איך אַרבעט נישט? — דירה-געלט צאָל איך און ווייטער איז נישט דיין עסק!... אמת, איך צאָל נישט אַקוראַטנע, איך צי אָפּ... אָט בין איך איר שולדיק פאַר דריי חדשים און אפשר פאַר די גאַנצע פיר, אָבער נו, איז וואָס? זי ווייסט דאָך, אַז איך בין גוט געלט!... עס איז דאָך שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך פאַרצי איר מיט דירה-געלט צאָלן... און וואָס איז דאָ דער אומגליק, פרעג איך אייך? און זי אַליין, די מיסיס מיינע, די „פּיצ-קאָניעס", ציט דען נישט אָפּ דעם „לענדלער"? זי צאָלט אויך נישט אין צייט!

— און דערפאַר, הערט איר, בין איך מלא רציחה אויף אַמע-ריקע. דאָ מישט זיך יעדער אין דיינע געשעפטן... וואָס איז? מיין מיסיס האָט נאָך א טענה: אַזאַ יונגערמאַן, ווי איך, שוין נישט קיין יינגעלע, האָט שוין געדאַרפט לאַנג חתונה האָבן און נישט זיין קיין באָרדער ביי יענעם. פאַרוואָס, — טענהט זי, — זאָל איך נישט זען קריגן אַ „סטעדי דזשאָב"*) און טאַקע חתונה האָבן? גיי דערצייל איר, דער אידיאָטקע, אַז איך אַנטלויף פון אַ „סטעדי דזשאָב", ווי פון די היגע מיידלעך!

---

*) שטענדיקע באַשעפטיקונג.

און טאַקע ווייל איך ווייס, אַז ווען איך קריג אַ סטעדי דזשאָב, — בין איך קאַפּוט, וועט מען מיך חתונה מאַכן. איר מיינט דען, אַז מיין מיסיס איז איינע? עס איז אין אַמעריקע נאָך דאָ גע־נוג נודניקעס!... אָט נעמט טאַקע דעם באַרבער אַליין!... איז ער בודיעט מיך אויס מיט חתונה האָבן!... אַזאַ אידיאָט! ער ווייסט, אַז אַ בחור איז אַ בעסערער קאַסטאָמער, ווי אַ פאַרהייראַטער, און דאָך נודיעט ער מיך, איך זאָל חתונה האָבן... זאָג איך צו אים: שוטה! איר וועט דאָך פאַרלירן אַ קאַסטאָמער! זאָגט ער, מיך אַרט עס נישט, איר נעמט דאָך אַלצאיינס אויף באָרג! איר הערט, וואָס אַ פאַרך אַ ייד קען! איך בין אים אינגאַנצן שולדיק פאַר זעקס חדשים ראַזירן זיך און פאַר זיבן מאָל שערן... נו, איז וואָס? מען דאַרף דאָך וויסן מיט וועמען מען האָט געשעפטן, מיט וועמען מען האַנדלט. איר ווייסט, ווי לאַנג איך גאָל זיך שוין ביי דעם פאַסקודניאַק? דריי יאָר כסדר! און ווייסט איר, וויפל ער האָט ביי מיר פאַר די דריי יאָר איבערגענומען? אָן אַ גוזמא הונדערט דאָלאַר! נו, איז פרעג איך אייך, אַז אַ קאַסטאָמער גיט צו לייזן אַזויפיל, טאָר ער נישט בלייבן שולדיק פאַר אַ האַלב יאָר? און בפרט, אַז ער, דער טידיאָט ווייסט דאָך, אַז איך בין גוט געלט, אַז איך לעב נאָך, אַז איך אַנ־טלויף נישט, און אַז איך וועל אָפּגעבן ביז אַ סענט!

איר פאַרשטייט? איצט אַרבעט איך דאָך נישט... איך וויל נישט אַרבעטן! אָבער ווען איך וועל זיך אַ נעם טאָן אַרבעטן, האָט ביי מיר דען אַ ווערדע 50 דאָלאַר, ווי אַ שפּיי! נאָר וואָס דען, עס איז אַמעריקע, אַ לאַנד אַזאַ, וואו מען פאַרגינט דיר נישט דעם לעבן און מען טרייבט דיך רק אין שאַפּ אַריין און מען וויל דיך נאָר שיקן אונטער דער חופּה!, אַ פאַרשאָלטענע מדינה! איר מיינט נאָר, אַז אַזוי איז דער באַרבער? ניין, אָט נעמט מיין שניידער: אַ פאַסקודנער שניידערוק, אַ לאַפּעטוטניק, איז אויך יענער האַלט מיך אין איין נודיען, צי איך אַרבעט, צי נישט? הונט אייבער, וואָס איז דאָס דיין דאגה? פרעג איך דיך. איך ברענג דיר סוטס*) צו פּרעסן, — פּרעס און, — דריי נישט קיין ספּאָדיק. איז עס אָבער דאָך אַמעריקע און יעדערער קריכט מיט די שמוציקע שטיוול אין דער נשמה!

אמת, איך קום דעם שניידערוק אַ ביסל געלט פאַר פּרעסן, —

*) אַנצוגן.

אָבער נו, איז וואָס? נו, בין איך אים שולדיק, דאַכט זיך, 33 דאָלאַר מיט סענטן!... נישט געפּערלעך... איך וועל נישט אָנזעצן... איך אַנטלויף נישט, איך האָב קיין ווייב נישט, האָב איך נישט פון וועמען צו אַנטלויפן... יאָ, דאַכט זיך, איך האָב ביי אים, דעם פּאַסקודנעם שניידער אויך געליען מזומן צוועלף דאָלאַר, — אָבער נו, איז וואָס? ער ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ בעל-בטוח... אַז באַלד ווי איך שטעל זיך אַרבעטן, גיב איך אָפּ... און וואָס, עס ברענט ביי אים די באָרד, וואָס? — און וואָס מיינט איר, דער רעסטאָראַטאָר איז בעסער? איין שוואַרץ יאָר! די מיסיס, דער באַרבער, דער שניידער, דער רעסטאָראַטאָר מעגן ברעכן האַלדז און נאַקן אַלע צוזאַמען... איך קען זיי נישט דולדן!... זיי ליגן מיר שוין אַט דאָ אין די ביינער! אויך ער, דער רעסטאָראַטאָר, פרעגט מיך יעדן טאָג, צי אַרבעט איך?... יעדעס מאָל, ווען איך דערלאַנג אים מיין „ביל" און הייס אים צורעכענען צו מיין חשבון, פרעגט ער מיך מיט אַ קרעכץ, צי איך קלייב זיך גיין אַרבעטן, ווען הייבט זיך אָן מיין סעזאָן? איך פרעג אייך: וואָס פאַר אַ שייכות האָט איינס צום צווייטן? אמת, איך בין אים שולדיק אַ 60 דאָלאַר אָן ערך... איך וויים דען, מיינט איר, אויף ריכטיק? איך פאַרלאָז זיך דאָך אויף אים! — אָבער, נו, איז וואָס? פאַרדינט ער דען ווינציק אָן מיר? איך בין דאָך ביי אים דער בעסטער קאַסטאָמער: עס נאָר טשיקען און לעם טשאָפּס...*). נאָך אַלעמען מאַכט מען דאָך אָן טשיקען געלט, מען גיט אַ קרענק און מען רעכנט אַ דאָלאַר!... מען ווייזט אייך דעם אָרט, וואו די „לעם טשאַפּס" זענען געלעגן און מען רייסט אַ פּאָס!

— הכלל, מיין פריינט, עס איז נישט גוט אין אַמעריקע, אַלע טרייבן דיך אָדער אין שאַפּ אָדער צו דער חופה און איך וויל ביידע זאַכן נישט... מיר איז גוט אַזוי אויך.

*) עוף און רינד-פלייש.

## טענה נומער 88.

### אין חדר אויף דער עלטער.

באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַן אַלטע פרוי, אַ באָבע:

„אינדערהיים זאָגט מען, אַז אייניקלעך זענען בעסער, ווי קינדער. איז דאָס אמת. אָבער אַלץ איז גוט אינדערהיים.

דאָ, אין אַמעריקע, טויגן די קינדער נישט און די אייניקלעך אוודאי נישט...

אייניקלעך אין אַמעריקע!

מיט קינדער קען מען זיך שוין דאָ נישט צונויפרעדן... דאָך פאַרשטייען זיי נאָך יידיש אויך. אָבער מיט די אייניקלעך— גאָרנישט. נישט קיין וואָרט!

און וואָס טויג עס אַ באָבען? ווער קען פילן דאָס האַרץ פון אַ באָבען, וואָס קען זיך נישט צוזאַמענרעדן מיט אַן אייניקל? און נישט נאָר צוזאַמענרעדן. זיי קוקן פשוט אויף דער באָבען, ווי אויף אַ פרעמדער!

אָט נעמט טאַקע מיך אַליין. האָב איך זעקס אייניקלעך און אַלע געראָטענע. שיין ווי די זיבן זונען. אין אַמעריקע, ווי אויף להכעיס, זענען אַלע קינדער שיין. און קלוג אויך, אַזוי זאָגן די קינדער. און געראָטן אוודאי, צום יאָר אָנגעהייבן לויפן (ווייל אין אַמעריקע לויפט מען דאָך, נישט מען גייט), און צום יאָר מיט אַ פערטל אָנגעהייבן רעדן...

איז דאָס אַ נחת פאַר טאַטע-מאַמע — אָבער די באָבע האָט נישט מער ווי עגמת נפש און יסורים.

איך קום צו מיינע אייניקלעך און זאָג זיי עפעס, פאַרשטייען זיי מיך נישט.

וויל איך זיי אַ קוש טאָן, לאָזן זיי מיך נישט.

וויל איך זיי כאַפּן מיט געוואַלט, זענען זיי אָבער אַזעלכע פלינקע און אַנטלויפן פון דער באָבען.

בלייבט מיר מער נישט ווי צו קוקן אויף זיי... נו, איז דאָס אַ לעבן?

עס קוקט מיר אויס, ווי פרעמדע שיינע שקצימלעך דרייען זיך אַרום, און מער נישט.

פון דעם קרן, די קינדער, איז אויך נישטאָ אין אַמעריקע קיין צופיל נחת. עס איז נישט ווי אינדערהיים. מען קוקט זיך דאָ נישט אַרום אויף אַן עלטערן מענטשן. וואָלט כאָטש דאָס פּראָצענט טראָגן, וואָלטן כאָטש די אייניקלעך טויגן? — איז אויך דאָס נישט!

אַמעריקע האָט אויפגעגעסן אי דעם קרן, אי דעם פּראָצענט...

צערעד איך זיך אַמאָל מיט מיינער אַ לאַנדספרוי, אויך אַן עלטערע יידענע, וואָס האָט דאָ אויך אייניקלעך. קלאָג איך זיך פאַר איר אויס מיין ביטער הארץ, וואָס איך קען זיך נישט צונויפרעדן מיט מיינע אייניקלעך, און וואָס אפילו אַ קוש טאָן זיי קומט מיר אָן מיט צרות... זאָגט זי צו מיר:

— גייט, חיה-לאה, און לערנט זיך ענגליש.

רוף איך זיך אָן: גאָט איז מיט אייך! איך ענגליש? אויף די עלטערע יאָרן? מען ריכט זיך, אַז אָט-אָט וועט מען שיקן רופן פון דאָרטן, וועל איך זיך גיין לערנען אַ טערקיש לשון? און ווי וועל איך זיך דאָס אויסלערנען, עס איז דען מיין קאָפּ דערביי? אַז אָט נעמט אפילו די נומערן פון די הייזער, וואו מיינע קינדער וואוינען, איז פאַר מיר אויך שווער צו געדענקען... אַי, וואָס אייך קען איינפאַלן, דבורה גיטל! — אַזוי זאָג איך צו מיין לאַנדספרוי.

רופט זי זיך אָן צו מיר:

— חיה לאה, עס איז נישט אַזוי שווער, ווי איר שטעלט זיך פאָר! אָט בין איך אויך שוין נישט קיין מיידעלע. נו, בין איך יינגער פון אייך מיט אַ פּאָר יאָר...

— יינגער מיט אַ פּאָר יאָר? פונוואַנען האָט איר עס גענומען? ווי מיר דאַכט, זייט איר נאָך עלטער מיט אַ פּאָר יאָר, דבורה גיטעלע!

מאַכט דבורה גיטל צו מיר:

— מילא, וואָס איז די נפקא מינה? איר עלטער, איך עלטער. קיין מיידעלעך זענען מיר שוין ביידע נישט! און דאָך גיי איך אין סקול און לערן ענגליש!

— איר, דבורה גיטל, גייט אין סקול? כי-כי! — צעלאַך איך זיך — הפּנים, איר מאַכט פון מיר חוזק!...

— ניין, — מאַכט צו מיר דבורה גיטל — איך מאַך נישט קיין חוזק. ווייל ביי מיר איז אויך געווען דיזעלבע צרה, ווי ביי אייך. די אייניקלעך האָבן פון מיר נישט געוואָלט וויסן. זיי האָבן געווייכט פון מיר... האָט איך זיך מיישב געווען: וואַרט, וועל איך אייך ווייזן, וואָס די באָבע די באָבע קען! און איך בין אַוועק און האָב זיך פאַרשריבן אין נייט-סקול!

— און איר לערנט זיך ענגליש? — פרעג איך איר.

— אוודאי לערן איך! — זאָגט דבורה גיטל. — און מיין „טיטשערין"*) זאָגט, אַז איך אוספייע זייער גוט!... מיר קומט אָן, אמת, נישט גרינג, ווייל אין אונזערע יאָרן דרעמלט זיך שוין... ווי עס קומט נאָר דער אָוונט... און די ראיה איז אויך נישט אַזוי גוט, און די שמיעה איז אויך נישט בקו השלמות... אָבער איך לערן! און ווייס שוין אַ סך ווערטער... און איך קען שוין רעדן מיט די אייניקלעך. די „גרענד מאַ"**) איז נישט קיין גרינע ביי זיי, און זיי לויפן שוין צו מיר... און איך רעד מיינע געציילטע ווערטער, און די אייניקלעך, אַ געזונט אויף זיי, קוועלן גאָר אָן פון דער באָבען... ביי זיי איז דאָס אַ גאַנצע שמחה. די באָבע גייט אין סקול — פאָלגט מיך, חיה לאה, און טוט אויך אַזוי!

רוף איך זיך אָן צו דבורה גיטלען: איך וועל עס נישט קענען... איר, דבורה גיטעלע, זייט אַלעמאָל געווען אַ בריה: אינדערהיים גערעדט גוט רוסיש אויך. מיר איז שווער... אָבער מקנא בין איך אייך. הלוואי וואָלט איך עס געקענט טאָן. ווייל אַזוי איז נישט גוט. נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. אייניקלעך, אַזעלכע געראָטענע, און קוקן אויף דער באָבען, ווי אויף אַ פרעמדער... אַז מיר ווילט זיך שוין שטאַרק קריגן אַ קוש פון מיין קלענסטן אייניקל, אַ ייִנגעלע פון פיר יאָר, מוז אים מיין טאָכטער צוהאַלטן מיט געוואַלט, און איך קוש אים און ער מאַכט געוואַלדן, ווי איך וואָלט אים געקוילעט...

— נו, איז זאָגט אַליין, איז דאָס אַ לעבן? איז דאָס אַ מדינה? אַז מען מוז, כדי זיך צוזאַמענצורעדן מיט אייניקלעך, גיין אויף די עלטערע יאָרן אין סקול, ווי דבורה גיטל, און זיך לערנען אַ לשון, וואָס נישט אירע עלטערן און נישט אירע עלטערנס עלטערן האָבן ווען געקענט?...

— ס'איז ביטער. ס'איז נישט קיין לעבן, נאָר אַן אָפּ־מעניש!...

*) לערערין; **) באָבע.

## טענה נומער 89.

### ווען מען וואָלט אים אויסגעהערט.

האָט מיר אַנומלט אָנגעכאַפּט אַ ייד, מיך אָפּגעשטעלט און זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר אַלס ערפינדער. אין גענומען אויסגיסן זיין האַרץ אויף אַמעריקע.

— אַמעריקע, אַז נישט געדאַכט זאָל עס ווערן! איינער וויל דאָ נישט אויסהערן אַ צווייטן. אָט נעמט טאַקע מיך. איך זוך שוין אַ מענטשן, וואָס זאָל מיך אויסהערן אַ היבש ביסל יאָרן און געפין נישט.

קיינער האָט דאָ קיין געדולט נישט.

איך בין שוין אויסן געוועזן דאָ, וואו איר ווילט אַליין: אין די רעדאַקציעס, אַזוי ביי גרויסע מענטשן, און קיינער הערט נישט! פון אָנהייב איז אָל-רייט: מען הערט נאָך. נאָר ווי איך הייב אָן רעדן פון מיינע ערפינדונגען, פון דעם עיקר, לאָזט מען מיך איבער... וויל מען נישט הערן!

און דאָס איז אַ רציחה! ווייל איך גלויב, אַז ווען מען הערט מיך אויס ביזן סוף, — וואָלט די וועלט געראַטעוועט געוואָרן...

— אפשר וועט איר זיין דער מענטש, וואָס וועט מיך אויס-הערן! איך מוז דאָך סוף כל סוף געפינען אַזאַ מענטשן. נאָך אַלע-מען איז דאָך אַמעריקע נישט אויסגעשטאָרבן!

— איר האָט אויך קיין צייט נישט?... איר ווילט אויך, איך זאָל מאַכן שנעל? אָט איז עס. עס הייבט זיך שוין אָן! אָט אַזוי, ווי איר, טענהן דאָך אַלע! שנעל, שנעל! וואָס מיינט איר, מען קען אַריינשפּרינגען אין אַן ענין אָן פאָרבערייטונג? מען מוז דאָך פריער צוגרייטן אַן ענין... און מיין ענין איז דאָך נישט גלאַט אַן ענין, עס האַנדלט זיך דאָך וועגן ערפינדונגען... און נישט גלאַט אַזוי ערפינדונגען, מיין ליבער מענטש, נאָר גרויסע... וועלכע מען האָט ביי מיר אויסגעכאַפּט! דער עיקר, יאָגט מיך נישט און הערט מיך

אויס... אַט דאָס איז דאָך מיין גאַנצע טענה צו אַמעריקע, אַז איינער וויל דאָ נישט אויסהערן אַ צווייטן!

— ערשטנס, דאַרפט איר וויסן, אַז חוץ ערפינדונגען, האָב איך „קליימס"*). איר ווייסט פון דער גרויסער ערפינדונג, דעם צעפּעלין? — איז דאָס מיין ערפינדונג... איך האָב זי דער ערשטער ערפונדן. אַי, איר פרעגט פאַרוואָס זשע? יאָ, דאָס טאַקע, פרעג איך אויך: פאַרוואָס זשע? די מעשה איז אַזוי געווען: איך בין געפאָרן מיט מיין ערפינדונג קיין אַמעריקע, איז אויפן שיף, אַ דייטשישע שיף, בין איך קראַנק געוואָרן אויף ים-קראַנקייט. און בעת איך בין געלעגן אַ פאַרחלשטער, האָט מען ביי מיר צוגעגנבעט די ערפינדונג! ווער? אָדער טאַקע דער צעפּעלין אַליין, אָדער אַן אַנדער שווינדלער, וועלכער האָט עס אים פאַרקויפט.

— מיט וואָס קען איך עס איבערצייגן, פרעגט איר? איך קען שוין גאָר איבערצייגן. נאָר ווי קען איך, אַז מען וויל מיך נישט אויסהערן!... אַט איר, זע איך, שטייט שוין אויך אויף שפּילקעס, רייסט זיך אַוועקצוגיין... אויך איר ווילט מיך נישט אויסהערן, — אַן עוולה!

— איר האָט קיין צייט נישט, זאָגט איר? און ווער אין אַמעריקע האָט יאָ צייט? אַלע טענהן דאָך אַזוי... אָבער איך פרעג, אויב איר האָט קיין צייט נישט, איז וויאַזוי קענט איר וויסן, צי איך האָב רעכט, צי נישט?

— איר ווילט, איך זאָל אייך בעסער שוין איבערגעבן פון די אַנדערע מיינע ערפינדונגען? — אָל-רייט! איך וועל אייך איבערגעבן. אָבער דאָס איז דאָך ביי מיר נישט דער עיקר. דער עיקר איז ביי מיר פּאָרט דער צעפּעלין... איר פאַרשטייט? איך האָב ערפונדן אַ בייסיקל**) צו פאָרן אויפן וואַסער...

— איר האָט קיין צייט נישט? נו אַט זעט איר שוין... איך וויל אייך ערשט אָנהייבן צו דערקלערן מיין ערפינדונג, דעם שכל דערפון, ווילט איר שוין אַנטלויפן... און וואָס וועט זיין, אויב מען וועט דאָס ביי מיר צוגנבענען... ווייל איר לאָזט זיך קיינער נישט רעדן!... און איך בין אַ מענטש, וואָס מוז האָבן צייט, איך קען נישט אויף איין פוס אייך איבערגעבן דעם שכל פון אַ גרויסער ערפינדונג!

---

*) טענות, פּרעטענזיעס; **) רייטוועגעלע.

— איר האָט קיין צייט נישט? — אַ שרעק! יע, אויב אַזוי, וואַרט כאָטש נאָך אַ ווײַלע און איך וועל אייך דערציילן, אַז איך האָב אויך ערפונדן אַ מאַשינקע אויף פאַנאַנדערצעטרייבן רויך. — וואָס, איר גלויבט נישט? טאָ איילט זיך נישט, ביז איך וועל אייך דערקלערן. אַמעריקע, אַז פאַרברענט זאָל זי ווערן... מען וויל דאָך נישט אויסהערן!... איז ווי קען איך אייך דערציילן? איר פאַרשטייט, איין ערפינדונג איז ביי מיר געבונדן מיט דער צווייטער. עס איז איין שכל פאַר אַלע ערפינדונגען... דער עיקר איז דער צעפּעלין... אויפן זעלבן גרונט ליגט אויך דער שכל פון מיין ערפינדונג „אַ בייסיקל אויפן וואַסער”... און פאַנאַנדערצעטרייבן רויך האָט אַ שייכות צום צעפּעלין און בייסיקל... און איר מיינט, אַז דאָס בלויז האָב איך און נישט מער? איך האָב נאָך אַ געוואַלטיקע ערפינדונג. אַן אייביקן זייגער. אים האָב איך געמאַכט ספּעציעל צו שטעלן אויף דר. הערצלס קבר... איך בין אַ ציוניסט... און איך האַלט זייער פון הערצלען... אָט דער זייגער ציילט אויס יעדן יאָר הערצלס יאָרן... איר פאַרשטייט דעם שכל? נאָר ווי קענט איר פאַרשטיין, אַז איר ווילט נישט הערן, אַז איר שמייכלט און לאַכט?... איר קענט קיינמאָל נישט באַגרייפן דעם שכל פונם זייגער, נישט אויסהערנדיק מיך פריער וועגן דער מעשה מיטן צעפּעלין, און מיטן רויך און מיטן בייסיקל אויפן וואַסער... איר פאַרשטייט ביי מיר זענען זיי אַלע פאַרקניפּט און פאַרבונדן... כמעט איין זאַך, כאָטש זיי זענען אַזוי פאַרשיידן...

— איך זע, אַז איר ווילט מיך מער נישט הערן!.. איר ווילט, איך זאָל אייך אָפּלאָזן? גוט, גוט. גייט אייך, איר זענט נישט בעסער ווי גאַנץ אַמעריקע. אַ פאַרפלוכטע מדינה, קיינער וויל דאָ נישט אויסהערן!

## טענה נומער 90.

### גוואַלט דער טערק!

זאָגט צו מיר אַ ייד, אַ משכיל פון דערהיים:

— איך זאָג אייך, אַז אינדערהיים איז פאָרט געווען בעסער. גאָר אַן אַנדער לעבן!... אַט נעמט אפילו דעם ענין פּאָליטיק, וועלט-פּאָליטיק, „דברי הימים", איז ווער האָט עס דאָ אין אַמעריקע?... איך ווייס נישט, ווי אייך, נאָר מיר פעלט עס... איך האָב פּשוט נישט מיט וועמען צו שמועסן וועגן פּאָליטיק...

— אַי, אַי, אינדערהיים! אינדערהיים, אין אונזער שטעטל, זענען מיר, איך און מיינער אַ חבר קאָפּל, געווען די איינציקע, וועלכע האָבן געוואוסט פון פּאָליטיק... געוואוסט? — מיר האָבן מער ווי געוואוסט!... מיר זענען געווען למדנים פון פּאָליטיק!... ווייל מיר האָבן יעדעס שטיקל נייס געלערנט... טאַקע ממש געלערנט, ווי גמרא... מיט רש"י און מיט מהרש"א... און מיר האָבן טאַקע געוואוסט און געקענט...

— איר פאַרשטייט? איך און מיין חבר קאָפּל זענען געווען די איינציקע אין אונזער שטעטל, וואָס האָבן דערהאַלטן אַ צייטונג. מיר זענען געווען שותּפים און צו אונז פלעגן קומען די איבעריקע יידן פון שטעטל און חלשן צו וויסן וועגן טערקיי...

— און צייט איז געווען גענוג. האָבן מיר געקענט אַלץ גוט דורכשטודירן און דורכשמועסן, ווי געהעריק... און וואָס מיר האָבן באַשלאָסן, איז געווען באַשלאָסן...

— אָבער דאָ, אין אַמעריקע, ווער דאַרף מיך מיט מיין פּאָליטיק? — ווער קריגט דאָ נישט קיין צייטונג? און ווער איז דאָ נישט קיין ווייסער?... אַי, אַז אַך און ווי צו דעם ווייסעכץ, וואָס זיי ווייסן, דאָס איז אַן אַנדער זאַך...

— איר הערט אַ מעשה, איך קום אין שול פון אונזער סאָסייעטי, און איך קום סתם צו לאַנדסלייט. און וואָס? גאָרנישט! ניש-

לעבעדיקער 1 באַנד.

טאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן!... ווייל, ערשטנס, הייסן זיי נישט וואָס אמתע פּאָליטיק הייסט... ווי קומען שניידער דערצו? און מיינע אַלע לאַנדסלייט זענען דאָך שניידער, אָפּערייטאָרס... ס'איז דאָך אַמעריקע. ווער עס קומט נאָר אַהער, ווערט אַן אָפּערייטאָר!...

— פרעגט זיי בחרם וועגן טערק... אָדער וועגן גרעק, אָדער פראַנקרייך? — ווייס איך וואָס! און, צווייטנס, זענען דאָך אַלע יחסנים: זיי קויפן דאָך אַליין צייטונגען. אַ, זיי ווייסן נישט וואָס דאָרט טוט זיך, איז אַרט עס זיי אויך נישט... אָבער ווען דו זאָגסט זיי עפּעס, זאָגן זיי: מיר ווייסן, מיר האָבן געלייענט... ווער געלייענט? וואָס געלייענט? ווי קומען זיי צו לייענען?

— איר ווייסט, וואָס זיי לייענען, יע? — די לוויה-אַנאָנסן!

— איר האָט געהערט, היינט איז דאָך געשטאָרבן אַ לאַנדסמאַן!...

— און ביי זיי אַ לאַנדסמאַן איז אויך איינער פון אַן אַנדער שטעטל... אַבי אַ לאַנדסמאַן...

און מען קרעכצט און מען רעדט וועגן קרקע און וועגן חזן...

און טערקיי און פראַנקרייך און מאַראָקאָ ליגט זיי אַפילו נישט אין דער לינקער פּאה...

זיי ווייסן אפילו נישט, הערט איר, וואָס די „פעלקער-ליגע” באַטייט...

און פונוואַנען זאָלן זיי וויסן?

— איז דאָס לאַנדסלייט. און אינדערהיים, ביי זיך אין הויז האָב איך אוודאי נישט מיט וועמען צו רעדן וועגן וועלט-פּאָליטיק!

— איך וועל דאָך נישט גיין רעדן מיט מיין ווייב וועגן טערק, וואָס וויל גיין העלפן בולגאַריע?

וואָס ווייס אַ יידענע פון טערק און פון בולגאַריע?

אויב מיין ווייב ווייס פון אַ צייטונג, איז עס נאָר וועגן „קידנעפּן*). מען האָט ערגעץ געקידנעפּט אַ יינגעלע, אַ מיידעלע... און וואָכנלאַנג האַלט זי מיך אין איין פרעגן, צי מען האָט שוין דאָס יינגעלע אָדער מיידעלע געפונען?...

— היינט פרעג איך, איז עס פאַר מיר אַן ענין?

— עס טוט זיך אין דמשק, אַ קליינינקייט דמשק, דיזעלבע שטאָט וואָס עס רעדט זיך פון איר אין תנ"ך! — און זי מיין ווייב רעדט וועגן אַ געקידנעפּט יינגעלע!

*) מענטשנכאַפּער.

— פאַר ווייבער איז עס אַן עסק!

— און האָב איך אַ טאָכטער, שוין אַ געלערנטע, גייט אין קאָלעדזש — איז וואָס? גאָרנישט... זי לייענט צייטונגען, אָבער וואָס לייענט זי — מענטשעלעך! און די מענטשעלעך זענען אפילו קיין מענטשעלעך אויך נישט! — נאָר אַקטיאָרן זענען עס און אַקטריסעס און סתם קונצנמאַכער...

— היינט גיי רעד מיט איר!

— און אַ זון האָב איך, איז ער גאָר אַ ברכה לבטלה. ער לייענט שוין גאָרנישט. נישט ווייל ער קען נישט, ער קען... ער האָט געענדיקט אַ האַי-סקול, נאָר וואו פּאָליטיק, דברי הימים? — זיין קאָפּ ליגט גאָר אין ראַדיאָ!... ער איז אַ קענער פון ראַדיאָ... און גאַנצע טעג ליגט ער אָפּ ביי דער מאַשינקע... אמת, ראַדיאָ איז אַ שכלדיקע זאַך, אָבער ווי קומט עס צום טערק אָדער צו מאַראָקאָ? און סתם וואָס הערט מען אין ראַדיאָ? בילקע טענץ און נאַריש-קייטן. פע! עס קריכט פון האַלדז!... טאָמער טראַכט מען שוין עפּעס אויס מיט שכל, נוצט מען עס אויך פאַר גאָרנישט מיט גאָרנישט...

— קורץ און גוט: דער סך הכל איז, מיר איז נישט גוט אין אַמעריקע... נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן וועגן טערק... נישטאָ!

## טענה נומער 91.

### אַ בראָך און אַ שטאָך.

— אַמעריקע, אַז קומען מעג אויף איר אַ בראָך און אַ שטאָך! זי האָט גענומען און אויסגעטראַכט דייפּער-פּינס!...*)

*) זיכער-שפּילקעס, ווערן באַנוצט אויף קינדער-ווינדעלעך.

נאַדיר גאָר אַזאַ מין אומגליק: דייפּער-פּינס! אַי, אַי, אַי! וואָס פאַר אַ חכמים דאָ זענען! אינדערהיים האָט מען געוואוסט, — קנעפּלעך, און דאָ איז נאָר דייפּער-פּינס!

ווי עס ווערט געבוירן אַ קינד, נעמט מען עס שטעכן, אַז שטעכן זאָל קאָלומבוסן אין די זייטן!...

און א קינד ווערט דאָ אויפגעהאָדעוועט מיט ניפּעלס*) און דייפּער-פּינס...

און עס איז אין שטענדיקער סכנה...

איר שפּילט זיך מיט די דייפּער-פּינס? — עס איז דאָך אַ גרויל!

אָט הערט אַ מעשה: איך האָב אַ שנור, איז זי אַזוי דווקא אַ בריה אַ ווייבל... גאָרנישט ווי די היגע לויפּערקעס... זי קאָכט און באַקט אַליין, וואַשט וועש און איז בכלל א גוטע, אָרענטלעכע יידישע טאָכטער. — נאָר וואָס דען? זי האָלט נישט פון קנעפּלעך! און אין הויז ביי איר טוט זיך שטענדיק מעשים נאָר צוליב דעם, וואָס זי האָלט נישט פון אָנבייען קנעפּלעך... זי האָלט נישט...

וואָס זשע טוט זי? — דייפּערס-פּינס!

איז וואָלט עס נאָך געווען אַ קנאַפּער אומגליק. זאָל שוין זיין דייפּער-פּינס!... איז אָבער די צרה, אַז די היגע דייפּער-פּינס זענען דאָ פּונקט ווי די היגע פּאָליסלייט: ווען מען דאַרף זיי, זענען זיי נישטאָ...

נישטאָ קיין דייפּער-פּינס.

די היגע ווייבלעך זענען דאָך שטענדיק צעטומלט, פאַרטראָגן. וואָס, ווער, וועמען ווייסן זיי נישט, נאָר פאַרטראָגן זענען זיי!

און מיין שנור איז ווי אַלע היגע ווייבלעך, — אַ פאַרטראָ-גענע חיה.

פאַרגעסט זי צו קויפן דייפּער-פּינס!

און ווען עס קומט אינדערפרי, איז ביי אונז אין הויז אַלעמאָל אַ יריד! עס קאָכט און עס זידט! וואָס איז? — מען זוכט דייפּער-פּינס!

מיין זון טראָגט זיך אום, במחילה, מיט די הויזן אין די הענט, — און זוכט דייפּער-פּינס!

דאָס יינגל קריכט אונטערן בעט און זוכט דייפּער-פּינס...

*) גומענע זויג-נאָפּלען.

מיין שנור לויפט אַרום ווי אַ פאַרסמטע און זוכט אין די שופ־ ליאַדן — דייפּער־פּינס...

און איך אַליין נישטער אויך אין אַלע ווינקעלעך — נאָך דייפּער־פּינס...

אַזוי איז, דאַכט זיך, דאָס הויז פול מיט דייפּער־פּינס, אָבער ווען מען דאַרף זיי, פאַרשווינדן זיי.

ווערט מיין זון אין כעס, ווערט מיין שנור אויך אין כעס. ווייל היגע ווייבלעך, ווייסט איר דאָך, האָבן נישט ליב פאַרשווייגן אַ מאַן.

נו, ווערט אַ קריג, אַ מחלוקה, אַ ברוגז...

ביז גאָט העלפט און מען געפינט ווי־עס־איז אַ צעבראָכענע דייפּער־פּין...

אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. עס איז דאָ נאָך אַ צרה מיט די דייפּער־פּינס. זיי רייסן אויס שטיקער פלייש פון דער סחורה...

מיין אייניקל, אַ געזונט אויף אים, איז אַ שטיפער ייִנגל, עס ברענט אויף אים די הויט. און אַזוי ווי די מאַמע נייט אים קיין־ מאָל נישט איין קיין קנעפּלעך אין די הויזלעך, און ער טראָגט דייפּער־פּינס — רייסט זיך ביי אים די סחורה מיטן פלייש...

איר פאַרשטייט? — ער איז דאָ גאָרנישט שולדיק... אַ דייפּער־ פּין האָט אַזאַ טבע, אַז עס מוז רייסן...

איז ווער האָט דערפון צרות? — איך, די שוויגער!

עס קומט יעדן פרימאָרגן, ווערט אַ געשריי פון מיין שנור:

— שוויגער, איר האָט שוין בעבעלעך ווידער פאַרשפּילעט מיט אַ דייפּער־פּין? — ער פּטרט דאָך די הויזלעך!...

זאָג איך: טאָ פאַרוואָס נייסטו נישט איין קיין קנעפּלעך, אָדער פאַרוואָס גיסטו מיר נישט איינבייען?

שרייט מיין שנור, אַז זי פאַרגעסט זיך קויפן נאָדלען... אָבער פאַרוואָס דאַרף ער, דער באַנדיט, רייסן די הויזלעך! — עס קאָסט דאָך געלט!

זאָג איך: ער איז נישט שולדיק — דייפּער־פּינס מוזן רייסן! זאָגט זי: איך פיר איבער דאָס קינד!

הכלל, מיר צעווערטלען זיך אויך... און ווער איז שולדיק? — אַלץ אַמעריקע מיט אירע דייפּער־פּינס, מיט אירע רייסעגישן!

און איר מיינט, דאָס איז אַלץ? ס'איז דאָ נאָך צרות:

די דייפּער-פּינס האָבן אַ טבע זיך נישט צו האַלטן...

איז אַלע ווײַלע לויפט בענעלע אַרויף אין הויז מיט אַ געוויין: ער האָט פאַרלוירן די הויזלעך!...

און ווער האָט אַרבעט? ווער צעשטעכט זיך די הענט? איך, די באָבע!

ווײַל ווען בענעלע לויפט אַרויף, האָט ער קיינמאָל קיין צײַט נישט... חברים וואַרטן אויף אים אינדרויסן, זײַנע „באָמס"*), די שיינע חברים, וואַרטן. איז, נו, שרײַט ער: באָבע, האַרי-אָפּ**) און דערבײַ טופּעט ער מיט די פיס... און איך אײַל זיך און צעשטעך תמיד די הענט, אַז שטאַכן זאָל קאָלומבוסן...

מיינט איר דאָך, אַז איר זײַט שוין פאַרטיק? די דייפּער-פּינס האָבן אונז שיעור אײַנמאָל נישט אומגליקלעך געמאַכט... און דאָס איז שוין געשען מיט מײַן שנור: דאָס איז געווען, ווען בענעלע איז נאָך געווען אַ קליינינטשקער... און מען האָט אים געדײַפּערט***). האָט מײַן שנור אים אײַנמאָל געדײַפּערט, און איר ווייסט דאָך, היגע ווײַבלעך, אַלץ האָבן זיי ליב נעמען אין מויל, שטענדיק נאָר אין מויל... איז דייפּער-פּינס בײַ זיי אויך אַ מאכל... אויך דאָס נעמען זיי אין מויל... האָט מײַן שנור גענומען אַ דייפּער-פּין אין מויל... און בשעת מעשה האָט זי גערעדט צו עפּעס אַ שכנה, איר ווייסט דאָך, היגע ווײַבלעך רעדן שטענדיק... דער מויל איז בײַ זיי נישט קיין מויל, נאָר אַ מיל... רק עס מאָלט. הערן איז נישטאָ וואָס — נאָר עס מאָלט!... און מײַן שנור איז נישט בעסער פון אַלע ווײַבלעך. האָט זי געהאַלטן די דייפּער-פּין אין מויל און געמאָלן, און פלוצלונג — אַ גוואַלד, אַ געשריי! וואָס איז? מײַן שנור האָט דערשלונגען די דייפּער-פּין! נאַט אײַך אַזאַ חתונה!... נאָך אַ גליק וואָס אונטערן האַנט איז געווען אַ דאָקטאָר... ער וואוינט טאַקע אין דעמזעלבן הויז... האָט ער געכאַפּט מײַן שנור און תיכף ומיד אַרויסגעשלעפּט די דייפּער-פּין, ווײַל עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מײַן שנור האָט זי דערשלונגען נישט אינגאַנצן...

אָבער איר פאַרשטייט, די שרעק, וואָס מיר האָבן געהאַט די צען מינוט, איז נישט איבערצוגעבן...

הײַנט פרעג איך אײַך, מעג נישט קומען אַ בראָך אויף אַמעריקע מיט אירע דייפּער-פּינס צוזאַמען!

*) צעלאָזענע יינגלעך; **) שנעלער! ***) געוויקלט.

ווער דאַרף עס? צו וואָס? וואָס פאַר אַ חכמה שטעקט דערי־
נען, האַ?

---

אָט, אַזוי האָט מיר אָנגעטענהט אַ פולן קאָפּ אַן עלטערע
יידענע.

## טענה נומער 92.

### וואו ליגט דער הונט באַגראָבן?

— איך האָב נישט ליב אייער אַמעריקע נאָר צוליב איין זאַך,
צוליב די הויזן... מיין טענה צו אַמעריקע איז: פאַרוואָס האַלטן זיך
דאָ נישט די הויזן? פאַרוואָס זענען אַלע דאָ באַשעפטיקט טאָג און
נאַכט מיט הייבן די הויזן?

— מילא, געלט האַלט זיך דאָ נישט. אַ נאָמען האַלט זיך דאָ
נישט. אַ ווייב האַלט זיך דאָ נישט... אָבער פאַרוואָס האַלטן זיך
אויך נישט קיין הויזן? — איר לאַכט? ביי מיר איז עס אַ קנאַפּער
געלעכטער. איך קען עס נישט סובל זיין, ווייל עס איז נישט שיין
און נישט פיין... אָט זיצט אַ יונגערמאַן אין געזעלשאַפט פון ווייי־
בער, זיצט און שמועסט כמעט ווי אַ מענטש, און פלוצלונג הייבט ער
זיך אויף אויף אַוועקצוגיין, אהאַ, — ער הייבט די הויזן!

וואו ליגט דאָ דער הונט באַגראָבן? פאַרוואָס האַלטן זיך נישט
די היגע הויזן? ווער איז שולדיק? די היגע סטראַפּס און סוספענדערס*),
צי די היגע שניידער?

— אינדערהייס איז געווען אַ חיות: מען האָט פאַרשפיליעט אַ
פּאָר תחתונים, ווער מיט שלייקעס, ווער פשוט מיט אַ שטריקל אָדער
אַ רימען, און זיי האָבן זיך געהאַלטן... איך געדענק נישט, אַז ביי

*) פּאַסיקעס און שלייקעס.

אונז אינדערהיים זאָל אַ ייד דאַרפן אַלע מינוט הייבן די הויזן... איך געדענק עס נישט... אָבער דאָ הייבט יעדער איינער... פּראָסטע מענטשן און געלערנטע.

— אין בין אַנומלט געווען אין אַ רעדאַקציע. איז דאָך שוין אַוודאי דאָרט אַן עסק מיט געלערנטע מענטשן... איך האָב עפּעס געדאַרפט דאָרט פרעגן ביים רעדאַקטאָר... בין איך געקומען, איז ער געזעסן. האָב איך געשטעלט די פראַגע און געוואַרט אויף אַן ענטפער. ערשט דער רעדאַקטאָר הייבט זיך אויף, גיט אַ הייב די הויזן און נעמט מיר ענטפערן אויף מיין פראַגע...

האָט ער ביי מיר גלייך פאַרלאָרן זיין ווערט! אויב, האָב איך זיך געזאָגט, אויב דו הייבסט אויך די הויזן, ווי אַלע שניידער אין אַמעריקע, איז וואָס איז מיט דיר דער יחוס?

און גלויבט מיר, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט מיר דאַן שוין געזאָגט, איז ביי מיר געווען פּוסטע רייד... ווייל די הויזן האָבן ביי מיר אַוועקגענומען דעם גאַנצן רעספּעקט פאַר רעדאַקטאָרן...

פרעג איך אייך נאָכאַמאָל, וואו ליגט דאָ דער הונט באַגראָבן?

איר זאָגט, מענטשן האָבן דאָ קיין צייט נישט אָנצוטאָן ריכ-טיק די הויזן און זען, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן? — איך גלויב נישט אין דעם. נאָך אַלעמען, איז דאָך דאָ גענוג צייט פאַר אַלע נאַרישקייטן, און פאַרוואָס עפּעס דווקא פאַר די הויזן פעלט אויס צייט?

איך פאַרשטיי עס נישט...

און עס איז אַ פאַרדראָס... און נאָך גרעסער איז דער פאַר-דראָס ביי מיר אויף מענטשן, וואָס טראָגן אי סוספּענדערס, אי סטראָפּס, און אויך זיי הייבן די הויזן!...

איר מיינט, איך שפּאס? איך קען אַזאַ יידן. אַ יונגערמאַן, אַן אָפּערייטאָר, אַ קאָרטן-שפּילער איינער אין דער וועלט... גלייך ווי ער קומט פון שאַפּ, זעצט ער זיך מיטן באָרדער שפּילן קאָרטן... איז אָט אָ דער בחור טראָגט אי אַ סוספּענדערס, אי אַ סטראָפּ און הייבט דאָך די הויזן... גלייך ווי ער קומט פון שאַפּ, וואַרפט ער אַרונטער די סוספּענדערס פון די אַקסלען און לאָזט זיי הענגען...

פרעג איך אים איינמאָל: צו וואָס טראָגסטו ביידע זאַכן און עס פאַלן ביי דיר די הויזן סיי ווי סיי אַרונטער?

זאָגט ער: אַז אַ סטראַפּ טראָגט ער, ווייל אַלע טראָגן סטר פּס

אין אַמעריקע, און סוספּענדערס טראָגט ער, ווייל ער האָט ליב סוס-פּענדערס... און הייבן די הויזן הייבט ער ווייל אַלע הייבן דאָ די הויזן...

— נו, פרעג איך אייך, מעג נישט קומען אַ קלאָג אויף קאָ-לומבוסן?

איר זאָגט, אַז שולדיק אין דעם איז די היגע נערוועזיטעט?... אַלע זענען דאָ נערוועז און דאָס הייבן די הויזן איז בלויז אַ סימן פון נערוועזיטעט? האָב איך אָבער אַ באַקאַנטן, אַ דאַנטיסט, אַ ייד אַ גיבור, אַ רויקער, שטייט ווי אַ בוטשער ביים קלעצל און רייסט ציינער, ווי אַ קאַלטער גזלן. בין איך אַנומלט געווען ביי אים אַרויסרייסן אַ צאָן, באַמערק איך, אַז אַ פריער גרייט ער אַלץ צו, וואַשט זיך די הענט און נאָכדעם נעמט ער אויך הייבן די הויזן... אויך ער הייבט די תחתונים! נו, פרעג איך אייך: וואָס האָט אַ צאָן נעמען צו טאָן מיט הייבן הויזן? און דער מאַן איז זיכער נישט נערוועז. ער קען נעמען אייך צאָן נאָכן צווייטן... נאָר וואָס שע דען? עס איז דאָ אַזאַ פּאַסקודנער מנהג, אַז מען טראָגט טראַפּס און מען הייבט די הויזן...

— איך זאָג אייך, אַז עס איז מיאוס, שרעקלעך מיאוס, נאָר וואָס דען, אַלע טוען עס דאָ, זעט מען נישט ווי מיאוס עס איז...

## טענה נומער 93.

### נאַט אייך אַזאַ מין כבוד!

זאָגט צו מיר אַן עלטערער ייד, אַ באַלעבאַטישער, אַן אַמאָ-ליקער:

— איר הערט? איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין אייער אַמע-ריקע. וואָס טוט זיך דאָ?... אָט נעמט די היגע סטרייקס, און די

מעשה מיטן פּיקעטן*), ווי מען רופט עס בײַ אײַך, איז וואָס איז דאָס, פרעג איך אײַך, פאַר אַן עסק?

— איך וויל אײַך דערציילן אַ מעשה: איר הערט, איך האָב צוויי שכנים, זיי וואוינען אין איין הויז מיט מיר, אויף איין גאָרן, גאַנץ פיינע יונגעלייט, נישט גאָר קיין פּראָסטע, קיין פאַרגרעבטע... זיי זענען קאַטערס**) בײַ מענער-אַרבעט, אַרבעטן אין קליידער-קראָמען. איז וואָלט עס געווען אַ נישקשהדיקער טרייד***) איז אָבער די מעשה, וואָס אין אַמעריקע איז קיין נישקשה גאָר נישטאָ...

— אָט די שכנים מיינע, אָדער זיי אַרבעטן נישט גלאַט אַ דריי חדשים אין יאָר, אָדער זיי סטרייקן... אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק סטרייקן זיי! און דאָס סטרייקן, הערט איר, וואָלט נאָך אויך נישט געווען אַזאַ קרומע זאַך, איז אָבער דאָ אַן עסק מיט פּיקעטן... אַמעריקע מיט אירע אויסאַרבעטונגען... מילא, דו סטרייקסט — סטרייק. זיץ אין הויז און וואַרט ביז מען וועט נאָך דיר שיקן, — איז ניין? מען גייט אַוועק און מען שטעלט זיך פּיקעטן...

— אָט איז שוין, אַ קימא-לן, פון פיר וואָכן, ווי מיינע יונגעלייט סטרייקן און גייען אַרום יעדן טאָג מיט אַ „סיין"****).

בין איך זיי אַ גוטער פריינט, רוף איך זיך אָן צו זיי: צוּוואָס טויג דאָס צו שפּאַצירן אַהין און צוריק אַרום סטאָר? איר בעסער גיט אַ שפּײַ אויף אייער באָס, און גייט עפּעס זוכן?

זאָגן זיי:

— ניין, מיר קענען נישט!

זאָג איך: פאַרוואָס קענט איר נישט?

זאָגן זיי: ווייל די יוניאָן הייסט אַרומשפּאַצירן!...

זאָג איך צו זיי: די יוניאָן? — אַזוי, די יוניאָן? אויב אייער יוניאָן איז אַזאַ גוטינקע, טאָ האַלט זי אײַך אַריינשיקן די „פּיידע" אין הויז אַריין, און אײַך הייסן שפּאַצירן בעסער אין סענטראַל פּאַרק?

זאָגן זיי: די יוניאָן שיקט קיינעם נישט קיין „פּיידע" אין הויז אַריין, מען מוז אַליין קריגן די פּיידע. און אַז שפּאַצירן מוזן זיי אַזוי, ביז די רעוואָלוציע וועט קומען...

---

*) האַלטן וואַך, אַז קיין שטרייקברעכער זאָלן נישט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די שטרייקער; **) צושניידער, ***) פאַך. ****) אַ שילדל, וואָס מעלדעט, אַז דאָ און דאָ קומט פאַר אַ שטרייק.

זאָג איך: ווער איז די רעוואָלוציע, אַ מאַן, צו אַ נקבֿה?
זאָגן זיי: אַ נקבֿה!

זאָג איך: ווײַבאַלד אַ נקבֿה, טויג נישט... ווײַל אויף ווײַבער קען מען זיך נישט פאַרלאָזן... זיי קומען קיינמאָל נישט אין צײַט... זיי פאַרדרייען זיך...

זאָגן זיי: אײַערע ווײַצן זענען טאַקע נישט שלעכט, זיידע, אָבער זי וועט פאָרט קומען!

זאָג איך צו זיי: יאָ קומען, נישט קומען? און וואָס איז דאָס סתם פאַר אַ תּכלית אַזאַ? יעדן טאָג אַרומשפּאַצירן מיט אַ „סיין" און גאָט און מענטשן זאָלן קוקן? עס איז דאָך נישט שיין!

זאָגן זיי: אָט דאָס ווילן מיר דאָך, אַז מענטשן זאָלן קוקן. וואָס האָט איר געוואָלט, מיר זאָלן אומגיין מיט אַ סיין בײַ זיך אינדערהיים? און וועגן שעמען זיך, זאָגן זיי, האָבן זיי אויך נישט וואָס... זאָל ער זיך שעמען, זייער באָס, מיר זענען אָרענטלעכע אַרבעטער!

זאָג איך: זאָל שוין זײַן אַזוי... אָבער עס איז דאָך אַן עבֿרה די פּיס... פון אַרומגיין אַזויפיל וועט איר דאָך בלײַבן אָן פּיס?!

זאָגן זיי: זאָרגט נאָר נישט פאַר אונזערע פּיס... און וואָס מיינט איר, בײַ דער אַרבעט רוען מיר דען? מיר שטייען אויך אַ גאַנצן טאָג אויף די פּיס!... אַ קאַטער איז נישט קיין מלמד... אַ קאַטער מוז שטיין און שנײַדן, זיצנדיק קען מען נישט שנײַדן?

זאָג איך צו זיי: אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז עס העלפט נישט... איר פּיקעט און ער מאַכט אַלץ נישט צו די קראָם...

זאָגן זיי: ער וועט צומאַכן, ער וועט מיד ווערן, וועט ער צומאַכן!

זאָג איך: זאָל שוין זײַן, אַז עס וועט זיך אויסלאָזן ווי איר דענקט, אָבער ווען אַפילו ער וועט צומאַכן, איז וואָס וועט אײַך אַרויסקומען דערפון?

זאָגן זיי: „סאַטיספעקשאָן" !*)

זאָג איך: קינדערלעך, דאָס ווייס איך שוין גאָרנישט, וואָס דאָס מיינט. איז עס אויך אַ נקבֿה?
לאַכן זיי.

אָט דאָ איז די צרה מיט די היגע חבֿרה, וואָס אַלץ איז בײַ

*) סאַטיספאַקציע, צופרידנשטעלונג.

זיי אַ געלעכטער... וואָס זיי אַרט גאָרנישט... וואָס אַ סטרייק איז ביי זיי אַ גאַנצער יום טוב, און גיין פּיקעטן איז פּונקט ווי גיין אונטער דער חופּה...

— איך זע נישט אין די שמחה דערפון... זיך אַליין אַרויס־נעמען אין אויג און יענעם צוויי... איך זע נישט אין דעם גרויסן כבוד, וואָס מען האָט פון פּיקעטן... נאַט אייך אַזאַ מין כבוד אין אַמעריקע: אַ סיין פון הינטן און אַ סיין פון פאָרנט! נאַט אייך אַזאַ מין כבוד!

## טענה נומער 94.

### אויך מיר אַן עסן!

באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַ יידענע, אַן עלטערע, אַ היימישע:

— אַז געזונט זאָלט איר מיר זיין, דערקלערט מיר, וואָס איז עס פאַר אַ לאַנד ביי אייך?

אָט נעמט עסן. ביי אונז אינדערהיים האָט מען געוואוסט, אַז געזונט נעמט מען פון שיסל... אַז מען קאָכט טאָקע אָפּ אַ גוט ביסל זופּ און אַ פיין שטיקל פלייש, ווייס מען, אַז מען עסט אָפּ. אָבער דאָ אין אַמעריקע, אָדער מען שטאָפּט זיך מיט פּאַטקודסטווע, מיט די וואורשטלעך, אָדער מען עסט ווי בהמות, גראָז, רויע קרויט און בו־ריקעס געקאָכטע... אויך מיר אַן עסן, משטיינס געזאָגט... קרויט און בוריקעס! — איך פרעג אייך, דערקלערט מיר דעם שכל דערפון: ווי קומען מענטשן, קלוגע מענטשן, צום גראָז?

אַמעריקע מיט אירע קונצן! באשר ס'טענהט מיין שנור, אַז גראָז איז זייער געזונט... אַז רויע קרויט, זי רופט עס סאַלאַט, איז די בעסטע זאַך אויף דער וועלט... און פון פלייש און פון פיש האַלט זי נישט...

— איר פאַרשטייט? זי האַלט נישט פון פלייש!... מענטשן האָבן זיך אַזוי איבערגעגעסן מיט פלייש און מיט פיש, אַז מען

האַלט שוין נישט דערפון! נישקשה, ווען זיי וואָלטן, אַזוי ווי מיר, אין דער אַלטער היים, געווען זשעדנע אַ שטיקל פלייש פון שבת צו שבת, פון פיש אויך אַזוי, וואָלטן זיי אַנדערש גערעדט.

— איך פרעג אייך, פון וואָס קען מען דאָ זיין געזונט, אַז מען עסט דאָ גראָז? וואָס פאַר אַן עסן, אַזאַ פנים! ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען!...

און איר הערט, אפילו פון הערינג האַלט דאָך אויך נישט מיין שנור. הערינג, זאָגט זי, איז פונקט אַזאַ פיש ווי אַלע פיש, נאָר עס איז נאָך דערצו געזאַלצן. און דערפאַר נאָך ערגער פאַרן מאָגן... זאָג איך צו איר: טאָכטער, איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ מענטש ביזטו? ווי הז‎ַלט עס נישט אַ מענטש פון הערינג? מילא, פון אַ מאַן, זאָג איך, קען מען נישט האַלטן — אָבער הערינג? עס איז נישטאָ קיין בעסערס אויף דער וועלט, ווי אַ גוט שטיקל הערינג!

לאַכט זי, מיין שנור... און עס איז, הערט איר, אַ רחמנות אויף מיין זון. ער ווערט ביי איר אויסגעריסן. קומט אַן אָנגעהאָ־רעוועטער פון שאפ — דערלאַנגט זי אים גראָז! קרויט און בוריקעס! אַ שיינער עסן! איר פאַרשטייט, וואָלט זי אים כאָטש געגעבן קאַר־טאָפל, איז דאָס אויך נישט — נאָר קרויט און בוריקעס! מען קען שיין אויסקוקן פון אַזאַ צוזען. אָבער די היגע יונגעלייט זענען אַזוי נאַריש, זיי זענען אַזוי פאַרקאָכט אין זייערע ווייבלעך, אַז וואָס דאָס ווייב גיט, איז גוט!

— און מיינט נישט, אַז עס איז שוין געענדיקט. איך האָב אַן איינ‎יקל, אַ יינגעלע פון פינף יאָר, אַ טייער קינד, אַ שטיפער איינס אין דער וועלט — איז אויך אים קאָרמעט די מאַמע מיט קרויט און בוריקעס!

איך זאָג אייך: עס איז אַ רחמנות אויפן קינד. עס לויפט זיך אָן אַ גאַנצן טאָג, שטיפט זיך אָן, אַ ל‎ַבן אויף אים, און קומט צולויפן צו דער מאַמען בעטן עסן — גיט זי אים בוריקעס און קרויט...

איך זאָג אייך, ס'איז אַן אומגליק. מילא, מיין זון איז אַ דער־וואַקסענער מענטש און ער קען זיך אַן עצה געבן. ער גייט אַוועק פון הויז, איז מן הסתם כאַפט ער זיך אַריין אין אַ רעסטאָראַן און עסט, וואָס ער וויל... אָבער אַ קינד? וואָס קען טאָן אַ קינד? אַן

אומשולדיק נפשל, נעבעך... קאָרמעט זי אים מיט קרויט און בוריקעס, בוריקעס און קרויט, און ער מוז, נעבעך, ליידן...

לויפט אַמאָל אַריין דאָס קינד און בעט אַ שטיקעלע חלה, אַ בויגל, אַ ראָל*) — איז גאָט באַהיט! זי גיט נישט! אַ קינד, זאָגט זי, טאָר נישט עסן קיין ראָלס... ווייסע חלה איז אַ טויט פאַרן מאָגן... אַ בויגל — איז אַן אומגליק... אַזוי רעדט מיין שנור. דאָס בעסטע פאַר אַ קינד איז קרויט. דאָס שטעלט אויף די פיס... סאַ-לאַט-בלעטער... און בוריקעס... פון בוריקעס, זאָגט מיין שנור, קומט צו בלוט... עמערס בלוט!...

פרעג איך זי: און וואו איז יאָסעלעס בלוט? ער זעט דאָך אויס ווי אַ קראַנקער? זאָגט זי: דאָס איז דערפאַר, ווייל ער וויל נאָר ראָלס און בויגל, און נישט קיין בוריקעס... היינט גיי רייד מיט אַזאַ בהמה? איך זאָג אייך די היגע ווייבלעך, די געלערנטע אפילו, זענען בהמות. זיי טראָגן זיך אום מיט ביכלעך — אָבער זיי זענען בהמות...

און אַ גליק, וואָס דאָס קינד כאַפּט זיך אַמאָל אַריין צו דער באָבען — איך גיב אים דווקא יאָ חלה, און ראָלס און בויגל... און אפילו אַ שטיקל קעיק**) אויך. און וואָלט איר געדאַרפט זען ווי דאָס קינד האָט הנאה — ס'שליינגט!... און אַמאָל גיב איך אים אַ שטיקל טשיקען אויך בגנבה... וואָס דען? איך וועל לאָזן אַ קינד אויסגיין פון הונגער?

אָבער איך האָב דערפון צרות: ווען יאָסעלע קומט אַהיים נעמט אים מיין שנור אויפן „דאַפּראָס"... און אַ קינד איז דאָך אַ קינד: עס פּלאַפּלט, געגעסן ביי דער באָבע חלה אַ סך, און בויגל און ראָלס און קעיק — דערציילט ער איר...

נו, דאַן כאַפּ איך אַ פסק פון מיין שנור: שוויגער, זאָגט זי, איר פירט מיר איבער דאס קינד... צוליב אייך ליידט ער אויפן מעגעלע...

איר פאַרשטייט? — איך פיר איבער דאָס קינד? נו, מעג נישט קומען אַ קלאָג אויף קאָלומבוסן מיט זיינע קרויט און בוריקעס?

---

*) אַ זעמעלע. **) קוכן.

# טענה נומער 95.

## די היגע גבירים, מ'שטיינס־געזאָגט!

איך פרעג אייך, איר זענט דאָך עפּעס אַ קלוגער מענטש, דערקלערט מיר, ווער האָט עס אויסגעטראַכט דאָס פאָרן אין „קאַנטרי"? וועמען קומט דערפון צו געזונט? איר הערט? — איך האַלט נישט פון די אַמעריקאַנער קאַנטריס, עס איז אַ בלאָף און נישט מער!

אינדערהיים האָט מען דערפון נישט געוואוסט און נישט געדאַרפט, מען איז געווען געזונט אָן קאַנטרי. מען האָט עפּעס יאָ געהערט פון „דאַטשע", אָבער דאָס איז געווען פאַר גבירים, פאַר די אמתע נגידים, וועלכע קענען זיך פאַרגינען... אָבער אַז אָרעמעלייט, אונזערע מענטשן, זאָלן פאָרן אויף „דאַטשעס", דאָס האָט מען נישט געהערט!..

אָבער דאָ, אין אַמעריקע, פאָרט יעדערער אין קאַנטרי, יעדער קבצן און האַלידריגע... אין אַמעריקע האַלט זיך דאָך יעדערער פאַר אַ גביר, וואָס איז? גאָרנישט! מען האָט אין קעשענע אַן איבעריקן פּופּציקער, איז מען שוין אַ נגיד און מען פאָרט אין קאַנטרי!.. די היגע גבירים, מ'שטיינס־געזאָגט...

ניין, איך האַלט נישט פון דעם גאַנצן ענין „קאַנטרי". אַן אָרעמאַן דאַרף זיצן אינדערהיים, לעבן ווייב , קינדער. עס איז אַ סך געזינטער פאַר אים און פאַר ווייב און קינדער. ווייל וואָס טוט אַן אָרעמאַן אין קאַנטרי? ער קרעכקט! ווייל, איר פאַרשטייט, אויף וויפל קען אַן אָרעמאַן אַ ייד זיך פאַרגינען צו פאָרן אין קאַנטרי? דאָס העכסטע אויף אַ וואָך, צוויי... און דאַן איז אַזוי: איידער מען פאָרט אַרויס אין קאַנטרי, אַרבעט מען זיך ווי אַ טייוול. מען כאַפּט אַריין אַ פּאָר „אָווערטיימס"*) ווייל מען ...ף דאָך האָבן אויף קאַנטרי. מען לויפט, מען שוויצט, עס איז דאָך עפּעס ערב־קאַנטרי.

---

*) איבערשטהן.

און נאָכדעם הייבט זיך אָן אַן עסק מיט אַ גריזאַטע, וואָס מיטצונעמען אין קאַנטרי, ווייל מען קען דאָך נישט פאָרן צווישן לייטן, ווי אַ קבצן? — לייט מען געלט און מען קויפט זיך אַ נייעם קאָסטיום און אַ ווייסן „סוועטער".

און נאָכדעם איז אַן עסק מיט דער ווייב: איר פאַרשטייט? — דאָס ווייב וויל, איר זאָלט פאָרן אין קאַנטרי, ווייל זי וויל, איר זאָלט זיך „פיקסן"*), און דאָך וויל זי נישט, און צוליב אַ סך טעמים: ערשטנס, ווייל עס קאָסט געלט. צווייטנס, ווייל עס איז שווער צו בלייבן אַליין אין הויז מיט די קינדער, און דריטנס, ווייל זי שרעקט זיך, איר זאָלט דאָרט אין דער קאַנטרי זיך נישט „איזניוכען" מיט אַ מיידל. מען הערט פון אַזעלכע זאַכן אויך, עס טרעפן אַזעלכע זאַכן אין אַמעריקע!

הכלל, קיין נחת איידער איר פאָרט אַוועק, האָט איר נישט, און אַז איר קומט שוין אין קאַנטרי, איז נאָך ערגער: ערשטנס, ווען איר קומט אַהין, דערפילט איר ערשט, ווי צעבראָכן איר זענט. קיין גאַנצן ביין האָט איר דאָך נישט, און נאָכדעם, איר קוקט זיך נאָך נישט אום, אַהאַ! — מען דאַרף שוין פאָרן צוריק.

און וועגן פיקסן זיך — אַ חלום! ווי קען מען זיך אַזוי שנעל פיקסן! ביז מען געוויינט זיך צו צו טרינקען די מילך פון קאַנטרי— דאַרף מען שוין פאָרן צוריק.

— ניין, קאַנטרי איז נישט פאַר נאַש בראַט! היינט האָב איך אייך פאַרגעסן צו רעכענען די גרוסן פון דער ווייב, זיי גיבן אויך נישט צו קיין געזונט. ערשטנס, שרייבט זי אייך, אַז זי האָט צרות: דאָס קינד איז קראַנק. צווייטנס, האָט זי פאַרלוירן דעם שליסל פון הויז, און זי האָט געמוזט אויפרייסן דעם שלאָס. און דערצו האָט זי געהאַט נאָך שרעק אויך: אַ גנב האָט זיך אַריינגעכאַפט אין הויז. הכלל, זי זאָגט אייך נישט, אַז איר זאָלט קומען אַהיים, נאָר עס הייסט, אַז איר איז נישט גוט, און זי וואָלט געוואָלט דערלעבן די שעה, איר זאָלט שוין קומען פון קאַנטרי — און זי זאָל אַוועק-פאָרן.

— איז דאָס דער עסק מיט קאַנטרי פאַר מאַנסביל. היינט די קאַנטרי פאַר ווייבער, דאָס איז גלאַט אַן אומגליק! איך זע נישט איין, צי וואָס די היגע ווייבער דאַרפן קאַנטרי? ממה נפשך: זענען

*) זיך פאַפראַווען אין געזונט.

זיי פעט און דיק ווי די מערסטע פון זיי, איז צי וואָס קלייבן פליישׁ אויף פליישׁ און שמאַלץ אויף שמאַלץ? און זענען זיי דאַר און מאָ-גער, — איז אָט דעם מין ווייבער, אויב זיי זענען שוין דאָ, העלפט נישט קיין קאָנטרי. אַזוי איז עס שוין. און היינט דער עסק מיט שיקן דאָס ווייב אין קאָנטרי? — עס נעמט דאָך צו מער געזונט, ווי עס ברענגט אַריין די גאַנצע קאָנטרי. און געלט עסט עס אויף אַ שלל! — און וואו זאָל אַ קבצן נעמען? איר פאַרשטייט, דער אמת איז, אַז אַ היגע יידענע, ווען זי פאָרט אין קאָנטרי, פאָרט זי דאָך בעיקר צו ווייזן קליידער און שמאַטעס און וואו נעמט מען זיי?

יעדע שמאַטע אין אַמעריקע קאָסט געלט, און גוט געלט! און דער סך הכּל, פאַר די עטלעכע וואָכן, וואָס אייער ווייב זיצט אין קאָנטרי, ווערט זי פאַרסמט. און זי קומט אַרונטער אָנגעלאָדן מיט שמאַלץ און גאַל.

און אַ באַרעדערקע ווערט זי דאָרטן, — אַן אימה! ווייל איר פאַרשטייט, טאָן איז דאָך נישטאָ דאָרט וואָס, מען זיצט און מען ווערט אויפן גלעקל. — איז וואָס זשע טוט מען? טרייבט מען רכילות, פירט מען פליאָטקעס און דער סך הכּל: מען קומט אַרונטער פון קאָנטרי אַן אויסגעשטודירטע רכילותניצע. דעמס ווייב, יענעמס מאַן — עס טוט זיך!

— היינט וואו איז די תּורה, וואָס זיי לערנען דאָרט אויס, כ'מיין, דאָס שפּילן קאָרטן? טאָמער האָט אייער ווייב נישט געוואוסט ווי אַזוי אַ קאָרט הייסט, — דערוויסט זי זיך אין קאָנטרי! מען לערנט אויס! היינט פרעג איך אייך: לוינט זיך אַרבעטן שווער און ביטער אין די שעפּער, כּדי שיקן דאָס ווייב אין קאָנטרי זי זאָל זיך אויס-לערנען שפּילן פּינאָקל און פּאָקער? הערט אויס, וואָס איך וועל אייך זאָגן, דער גאַנצער עסק מיט די היגע קאָנטריס איז אַ בלאָף. עס איז נישט קיין עסק פאַר קבצנים, פאַר אָפּערייטאָרס!

אַזוי האָט פאַר מיר אויסגערעדט דאָס האַרץ מיינער אַ באַקאַנ-טער, אַ ייד אַן אָפּערייטאָר, וועלכן איך האָב באַגעגנט אין אַ רעס-טאָראַן.

## טענה נומער 96.

### א פארגלייך א ביסל!

זאָגט צו מיר א היימישע יידענע, וועלכע איז געבליבן אין אמעריקע אויך דיזעלבע היימישע יידענע, כאָטש זי איז שוין דאָ א יאָר צוועלף. א גאנץ קלוגע יידענע:

— איך זאָג אייך, אז צו די היימישע אויוונס קומט עס נישט... נישטאָ קיין בעסערע זאך פאר א באַלעבאָסטע, ווי א היימישער אויוון. איך זאָג אייך, איך וואָלט אייך אוועקגעגעבן אלע היגע אימ-פרואוומענטס*) פאר איין היימישן אויוון!... איר ווייסט גאָרנישט, וואָס אזא אויוון איז ווערט געווען פאר א באַלעבאָסטע! מער נישט די היגע ווייבער זענען קיין באַלעבאָסטעס נישט, — פילן זיי עס נישט! וואָס דען, איר וועט מיך איינשמועסן, אז די היגע באַלע-באָנדזשעס זענען עפּעס ווערט?...

ווייס איך וואָס! דאָ איז די קיך קיין קיך נישט! דער אויוון קיין אויוון נישט און די באַלעבאָסטע קיין באַלעבאָסטע נישט.

נאָר אלץ נעמט זיך פון דעם אויוון. אז מען האָט געהאַט אן אויוון, וואָס האָט פאַרנומען פּלאַץ, האָט די קיך געמוזט זיין א גרויסע. אָבער די היגע אמעריקאַנער אויוונס פאַרנעמען דאָך גאָר קיין פּלאַץ נישט, און וואָס א יאָר, אלץ קלענער ווערן זיי. מען דערציילט, אז אין די נייע הייזער זענען שוין גאָר קיין אויוונס נישטאָ... מען גיט א קוועטש, זאָגט מען, עפּעס אין וואַנט, קומט אַרויס א שטיקל אויוון, — און מען גיט צוריק א קוועטש, — ווערט קיין אויוון נישט!... א שיינע באַלעבאָסטע קען מען זיין פון אזא קוועטשעניש?

— פאָלגט מיך, די היגע אמעריקאַנער אויוונס זענען גאָרנישט. נישט זיי האָבן א טעם און נישט דאָס קאָכן אויף זיי האָט א טעם... אינדערהיים אַן אויוון איז געווען א גאַנצע געביידע פון ציגל און

*) באַקוועמלעכקייטן.

ליים... און דאָ פון בלעך... אַפילו ווען מען פוצט אים אויס, בלייבט ער אַלץ בלעך... ווייל ציגל איז מאָרט ציגל... אַ ציגל אַז מען וואַרעמט אים אָן, האַלט ער היץ, און אַ בלעך, ברענט אויף אים דער גאַז, — ברענט ער, נישט, — נישט...

ווי קען מען עס פאַרגלייכן?

אין אַ היימישן אויוון איז געלעגן שכל, מען האָט געדאַרפט וויסן ווי אים צו שטעלן. מען האָט גענומען אַ גוטן בעל-מלאכה... מען האָט געדאַרפט זען, אַז דער קוימען זאָל נישט רויכערן. — עס איז אין דעם געלעגן אַ שכל... אָבער אין דעם היגן בלעך וואָס ליגט פאַר אַ שכל... אַ דריי אָפּ דעם גאַז, — און פאַרטיק! אַמעריטשקע מיט אירע חכמות!...

אינדערהיים אַז מען האָט געדאַרפט מאַכן דעם אויוון, האָט מען זיך אָנגעאַרבעט, אָבער דערפאַר איז עס עס וואַרעם געווען... מען האָט געדאַרפט האָבן האָלץ, קריגן טרוקענע שפענער. אָבער דאָ קען אַ פינף-יעריק קינד אָנצינדן אַ שוועבעלע, — און דער בלעך ברענט...

הייגט נאָך אַלע גליקן איז מיט דעם היגן גאַז אַ שטענדיקע שרעק אויך... עס קען אים אַ ווינט אויסלעשן, אַ קינד אויסדרייען, אַ קאַץ קאַליע מאַכן, אָבער אַן אויוון, ווען ער האָט זיך צעברענט איז ער געווען זיכער...

מיר געפעלן נישט די היגע פאַריאַדקעס!

דאָ, הערט איר, איז דער אויוון קיין אויוון נישט. דערפאַר אָבער איז דאָ אַ גאַנצער מיוחס דער אייז-באַקס... און איך זאָג, דערפון נעמט זיך וואָס דאָס היגע פאַמיליע-לעבן איז אַזוי קאַלט!

אינדערהיים האָט דער אויוון געשפּילט אַ ראָליע, און דאָ דער אייז-באַקס...

אינדערהיים וואַרעמקייט — און דאָ קעלט...

צו אַ היימישן אויוון האָט מען געמוזט האָבן אַ באַלעבאָס, ער זאָל גיין קויפן האָלץ, צעהאַקן האָלץ, אַריינטראָגן האָלץ, אָנהאַקן קינעלעך... אָבער צו אַן אייז-באַקס דאַרף מען נישט קיין באַלעבאָס... דער אייז-מאַן ברענגט פאַר פופצן סענט אייז, מען שפּאַרט אָן אַ פולן אייז-באַקס מיט „קענד סטאָף"*) און מען האָט אין דער ערד דעם מאַן... מען איז אַ באַלעבאָסטע...

*) קאָנסערווירטע שפּייז

היינט וואָס איז מיט שבתדיקן חלה־באַקן!

ווען מען האָט געבאַקן אַליין חלה, האָט דער שבת געהאַט אַ טעם, די חלה אַ טעם, אַלץ אַ טעם... און דאָ איז אַלץ געקויפט: ליבע קויפט מען דאָ, חלה אויף שבת קויפט מען דאָ... אַלץ פאַרן סענט... אַז ווערן זאָל עס פאַרברענט...

אינדערהיים, ווען מען האָט פאַררוקט אַ טשאָלנט, איז עס דאָך געווען אַ טעם גן־עדן—אָבער דאָ, וואָס ווייס מען דערפון?... אַ גאַנצע וואָך כסדר אַרבעט מען דאָ און שבת אויך... מען ווייס דען דאָ פון אַ לעבן? און אַלץ שטאַמט פון דעם, וואָס מען האָט דאָ נישט די היימישע אייוונס... אָן אַ היימישן אויוון זעט זיך דאָ נישט אָן די היימישע באַלעבאָסטע... אָט נעמט מיך: וואוין איך ביי אַ טאָכטער. דאַכט זיך, שוין אַ טאָכטער, נישט קיין שנור... און דאָך האַלט זי נישט פון דער מאַמעס קאָכן... דו קאָכסט — זאָגט זי — ווי אינדערהיים... און וואָס מיינט איר, קאָכט זי? — זי נעמט פון אַייז־באקס!... דעם אויוון רירט זי אפילו נישט אָן... ער שטייט ביי איר אַן אויסגעפוצטער און טוט גאָרנישט... איך זאָג אייך, ווען מען עס לעבט זיך גוט אין אַמעריקע, איז די היגע אויוונס... מען טוט דען עפּעס אויף זיי? אינדערהיים אַן אויוון האָט געברענט צוויי מאָל אַ טאָג... מען האָט געקאָכט און געבאַקט, — און דאָ גאָרנישט... מען עפנט דעם אייז־באַקס, ליגן דאָרטן טאָמייטאָס, פּיקלס*), קאַלטע צונג, און מען דערלאַנגט דעם מאַן... און ער, די בהמה, עסט! איך זאָג אייך, די היגע מענער זענען אמתע בהמות. אפילו דער נאָמען פערד איז פאַר זיי צו קלוג... און דערפאַר ליידט מען דאָ אויף די מאָגנס, ווייל דער מאָגן האָט ליב, אַז מען גיט אים פון אויוון, נישט פון אייז־באַקס!... ווי מיינט איר, רייד איך ריכטיק, צי נישט? אַן אַלטע יידענע פאַרשטייט נאָך אויך עפּעס...

*) פּאָמידאָרן, זויערע אוגערקעס.

## טענה נומער 97.

### אין שטענדיקער סכנה.

זאָגט צו מיר אַ יונגערמאַן, פון יענע יונגעלייט וואָס באַזיצן שוין אין זייער יוגנט נשמות פון עלטערע מענטשן:

— איך בין אַ קעגנער פון אַמעריקע, נאָר צוליב די אויטאָמאָ־בילן. כ׳פרעג אייך: ווער האָט זיי אויסגעטראַכט און ווער דאַרף זיי? און אויב אפילו מען דאַרף זיי שוין יאָ, איז לוינט זיך דען צוליב אַ מאַשינקע, מפקיר זיין דאס לעבן, שטעלן דאָס לעבן אין קאָן?

— איר וועט זאָגן: אין אַן אויטאָמאָביל איז גוט צו פאָרן, איך ווייס, אַז עס איז גוט, אָבער מאַלע וואָס עס איז גוט? שטעלט זיך פאָר, פליען איז נאָך בעסער ווי פאָרן, מען קומט נאָך שנעלער... אָבער לוינט זיך עס ברעכן דעם קאָפּ? און פאָרן אין אויטאָמאָביל הייסט ברעכן דעם קאָפּ... ווייל סוף כל סוף ברעכט מען דעם קאָפּ, און אויב נישט דעם אייגענעם, איז אַ פרעמדן...

— איך מאַך נישט קיין שפּאַס. כ׳מיין באמת, אַז די אויטאָ־מאָבילן זענען דער אומגליק פון אַמעריקע. אָט נעמט אַזאַ זאַך ווי טראַכטן וועגן עפּעס העכערס, פון „מה למעלה״. ווער קען עס דאָ? מען מוז דאָך דאָ שטענדיק נאָר טראַכטן פון „מה למטה״. שטענדיק נאָר האָבן אין זינען, אַז אָט פאָרט מען דיך איבער.

— אַ מענטש איז דאָך אין אַמעריקע אין שטענדיקער סכנה? אָט נאַט אייך אַ חשבון: איר בלייבט זיצן אין הויז, איז דאָך שוין גוט, מען קען עפּעס אַ טראַכט טאָן פון עפּעס וויכטיקס, פון גייס־טיקע ענינים. אָבער דאָס איז די צרה: מען קען נישט! דער קאָפּ דרייט דאָך גאָר: דאָס ווייב איז אַוועקגעגאַנגען עפּעס קויפן, האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט קומען אום צוויי, און איצט איז שוין פינף... אמת, ווייבער האָבן זיך ליב פאַרדרייען, עס טרעפן אַזעלכע זאַכן, אָבער עס קען דאָך פּאַסירן אַן אומגליק אויך!... טאָמער האָט מען זי, גאָט באַהיט, איבערגעפאָרן? קנאפּ מלאכי־חבלה דרייען זיך אַרום איבער די גאַסן?!

— איר וועט זאָגן: עס איז דאָך נישט מער ווי אַ ווייב... אמת, עס איז נישט מער ווי אַ ווייב... אָבער דאָך איז עס אַן עבירה!... איר מיינט, ס'איז אַזאַ גרויסער גליק אָנצוהייבן צוריק פון אָנהייב?... אַז זי איז שוין דאָ, טאָ זאָל זי זיין! אָט האָט איר אייך דאָס ווייב. און נאָכדעם קומען די קינדער: איין קינד איז אַוועק אין סקול, זיצט איר און עס דאַרט אייך דער קאָפּ: ווער ווייסט, צי ער איז איבערגעגאַנגען בשלום די גאַס? און אַ צווייט קינד אייערס לויפט ערגעץ אַרום אַרום הויז, אָבער אויך דאָ איז די געפאַר... ווייניק אויטאָמאָבילן קריכן ממש אויף די הייזער און קינדער האָבן סתם ליב אַריבערלויפן גאַסן גראָד דאַן, ווען מאַשינעס לויפן...

הכלל, אייביגע זאָרג און דאגה: אויטאָמאָביל און אויטאָמאָביל! און איר הערט, איך גלויב, אַז אויב די אויטאָמאָבילן וועלן זיך ווייטער אַזוי פאַרמערן, ווי ביז איצט, וועלן זיי אָפּשטעלן דעם „פרו ורבו"...

ווייל ווער וועט עס וועלן חתונה האָבן, ליידן און ברענגען קינדער אויף דער וועלט פאַרן אויטאָמאָביל-מלאך-המות?

עס איז נישט גוט אין אַמעריקע מיט די אויטאָמאָבילן! אינדערהיים האָט מען פון אַזאַ צרה נישט געוואוסט. אַ, מען איז נישט געפאָרן אַזוי שנעל? איז אויך אַ דאגה! אויף שבת איז מען אַלעמאָל געקומען אַהיים!... און דער עיקר, נאָך אַלעמען, ביי אַ מענטשן איז דאָך דער שבת... אָט דאָס קומען אַהיים אויף שבת... איר פאַרשטייט מיך?

אָבער דער היגער אויטאָמאָביל האָט פאַריאָגט אויך דעם שבת. מען יאָגט זיך אַזוי כסדר... אָן אַ אָפּשטעל, אינדערוואָכן און שבת... און שבת נאָך מער ווי אינדערוואָכן...

און וואָס האָט מען דערפון? מען יאָגט זיך אַרויס די נשמה... היינט איז אַ מאַשין סתם אַן איבוד ממון... מען קויפט אַ מאַשין און מען דאַרף זי אויסהאַלטן, פונקט ווי אַ ווייב, און צרות האָט מען פון אַ מאַשין נאָך מער ווי פון אַ ווייב.

ווייל מיט אַ ווייב, ווי מיט אַ מאַשין, איז תמיד די צרה מיטן גיין... איז אָבער מיט אַ ווייב די מעלה, וואָס זי וויל שטענדיק גיין. אַבי לאָז זי נאָר... און אַ מאַשין איז פאַרקערט: אַלעמאָל בלייבט זי שטיין, אַלעמאָל פאַרטשעפּעט זיך עפּעס און עס גייט נישט...

— היינט וואו זענען די פאַמיליע-צרות, וואָס קומען אַרויס פון

די אויטאָמאָבילן? אַלע צרות מיט ווייבער, זאָג איך אייך, שטאַמען פון דידאָזיקע טייוואָלים אויף רעדלעך!...

ביי אַ היגער ווייבל איז דאָך רעכט צוליב אַ פּאָר אויף אַ מאַשין צעברעכן אַ הויז, איבערלאָזן אַ מאַן מיט קינדער און לויפן!...

עפּעס דער טייוול ווייסט זיי, די היגע ווייבער, וואָס עס ציט זיי אַזוי צו די מאַשינעס.

וואָס שמעקט זיי אַזוי דער גאַזאָלין, וואָס?

איך קען, הערט איר, אַ יונג ווייבל, איז ביז זי האָט נישט געוואוסט פון קיין מאַשין, איז זי געווען אַ וואויל ווייבל, אַן אמתע יידישע טאָכטער, געווען געטריי דעם מאַן, האָט געהיט דאָס הויז... מאַכט זיך און עס באַדיעט זיך צו זיי איין אין הויז אַ לאַנדסמאַן מיט אַ מאַשין... נו, איז פרעגט שוין נישט! איצט איז דאָס ווייבל נישט צו דערקענען: ווער מאַן? וואָס קינדער? שטענדיק זיצט זי ביים לאַנדסמאַן אין מאַשין, — און פּאָרט! און די וועלט רעדט, אַז זי איז שוין מיטן לאַנדסמאַן פאַרפאָרן הע־הע־הע!

— הייַנט וואָס איז מיט די היגע קראַנקהייטן? איך זאָג אייך, אַז אַלע צרות און קראַנקהייטן קומען פון די אויטאָמאָבילן.

דער חשבון איז אַ פּשוטער! די, וואָס האָבן נישט קיין אויטאָמאָבילן, ווערן קראַנק פון האַרצווייטיק פון דעם פאַרדראָס, וואָס זיי האָבן נישט. און די, וואָס האָבן יאָ, ווערן קראַנק פון דעם, וואָס זיי האָבן זיי יאָ. און די איבעריקע ווערן קראַנק פון שרעק: ביי יעדן איבערגיין די גאַס רייסט זיך אָפּ אַ שטיק האַרץ, און עס רייסט זיך אַזוי לאַנג, ביז וואַנען עס רייסט זיך איבער...

— איך זאָג אייך: אַמעריקע האָט באַדאַרפט אָפּשאַפן די אויטאָמאָבילן, פאַרבאָטן זיי אַט פונקט ווי זי האָט פאַרבאָטן שנאַפּס, אַנישט וועט אַמעריקע סוף כל סוף אונטערגיין...

# טענה נומער 98.

## א גוייִשער עסק.

— אין אַמעריקע איז מען זייער צעלאָזן, — מאַכט צו מיר אַנומלט אַ ייִד אַ למדן, — זעט! אָט נעמט, צום בײַשפּיל, די מאָדע פון באָדן זיך אין ים. איז פרעג איך אײַך: איז דאָס נישט קיין צעלאָזנקייט?

איר פאַרשטייט, מען האָט דאָ די בעסטע וואַנעס מיט הייס און קאַלט וואַסער, מיט שפּריצן, מיט וואָס נישט? און מען קריכט נאָר צום ים?!

איז פרעג איך אײַך, צי וואָס קריכט מען נאָר צום ים? צו וואָס דער ים? איז דאָס נישט מער, הערט איר, ווי צעלאָזנקייט...

— און מער פון אַלעמען זענען צעלאָזן טאַקע אונזערע ייִדעלעך.

מילא, אַז גויים קריכן צום ים — איז דאָס אַ גוייִשער עסק... אָבער מיר, וואָס האָבן מיר וואָס צו טאָן מיטן ים? מיר זענען פון ים קוים ניצול געוואָרן, און ווען נישט משה רבינו מיט זײַן שטעקן, וואָלטן מיר שוין געווען ווער ווייסט וואו...

— און ווייסט איר, פאַרוואָס? ווײַל ים איז אַ גוייִשקע זאַך... אַ ייִד באָדט זיך אין ים פון תּלמוד... א ייִד שווימט אַריבער דעם ים פון הלכה... אָבער באָדן זיך אין ים ממש צוליבן גוף איז נישט קיין ייִדישע זאַך...

ווײַל צום ים דאַרף מען האָבן גוייִשע כּוחות. מען דאַרף קענען שווימען, און אונזערע ייִדן קענען נישט, נווײַל ווי קומט אַן אויסגעטריקנטער אָפּערייטאָר צו כּוח? איך פרעג אײַך, ווי קומט ער?

איז וואָס זשע טוען אונזערע ייִדעלעך ביים ים? — גאָרנישט! זיי ליגן אויפן זאַמד, זאָגן וויצן און מאַכן זיך נאַריש.

יונגוואַרג טוט נאָך ערגערע זאַכן... איך זאָג אײַך, ס׳איז אַ שרעק!

מען ליגט אויפן זאַמד, מען פּאַטשקעט זיך אויס, ווי חזירים, להבדיל, און מען מיינט, אַז מען ראַטעוועט דערמיט די וועלט! פּע!

איך פרעג אייך, וואו ליגט דאָ די הנאה? אַז באָדן זיך אין ים באָדט מען זיך אַ פּאָר מינוט, דאָס איז שוין דער, וואָס באָדט זיך, און די איבעריקע צייט שטייט מען אויפן זאַמד און מען טרייסלט זיך פון קעלט... איז וואו איז די הנאה? איך פרעג אייך! אלא, וואָס דען? איך גלויב, אַז דער גאַנצער יצר הרע מיטן ים ליגט דאָ אין די ביידינג-סוטס*)...

מען איז צעלאָזן, בעיקר די נקבות... נו, איז מען זיך מחיה, אַז מען קען גיין כמעט נאַקעט. אָבער זאָל נאָר פאַרבאָטן ווערן צו גיין אין ביידינג-סוטס, און זאָל מען אָנטאָן ריכטיקע מלבושים ביים ים, און קריכן אין וואַסער אין אַ העמד ביז די קני — וועט איר זען, אַז עס וועט נעמען אַ סוף צו דער לויפעניש צום ים...

אַמעריקע איז אַ שרעקלעך צעלאָזענע מדינה! איך פרעג אייך, צו וואָס לויפט מען אין קאָני-איילאַנד און מען פּטרט געלט?... איך גלויב נישט, אַז מען האָט הנאה, און די, וואָס האָבן הנאה, קרענקען עס אויך צום סוף אויס...

ווייל ביז מען קריגט דאָס ביסעלע הנאה, דאַרף מען זיך אַזוי פיל אָנמאָרן און אָנלויפן און אָנשוויצן...

און לוינט זיך עס?

הייגט וואו איז דער זאַמד?

מילא, ים ווי ים, אָבער דעם זאַמד קען איך נישט פאַרטראָגן. אמת, עס שטייט טאַקע געשריבן, אַז „זרענו וכספנו ירבה כחול", זאָג איך אָבער אַזוי: זרענו... נו, מילא... כספנו, אָלרייט... זאָל זיין כחול... אָבער דעם „חול" אַליין... מוחל.

און באָדן זיך ביים ים—הייסט אַ פריער זיך אָנעסן מיט זאַמד און נאָכדעם מיט פראַנקפורטערס**)...

איך פרעג אייך: וואָס פאַר אַ טעם האָבן דאָס די פראַנקפורטערס, אָט די קישקעלעך? אַ טריפהנע קישקע האָט אייער אַמעריטשקע, און זי האָט אויסגעטראַכט קישקעלעך... און מען עסט זיך אָן מיט זאַמד און מיט קישקעלעך און מען קומט אַהיים אַ קראַנקער, און עס הייבט זיך אָן אַן עסק מיט אַפּפּיר-מיטלען... און דאָס הייסט ביי אייך פּלעזשור! שיינער פּלעזשור! אין מויל טרעסטשעט זאַמד... אין

*) באָד-קאָסטיומען; **) וואורשטלעך.

די אויגן זאַמד, אין די זאָקן זאַמד... אין די הויזן-קעשענעס זאַמד, — און ס'איז אַ פּלעזשור.

— איר זאָגט, דער ים איז גוט צוליבן זאַלץ. זאַלץ איז געזונט פאַרן גוף... זאָג איך אייך, אַז עס איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך. באָדן זיך אין מילך פאַרשטיי איך, אַז עס דאַרף זיין גוט... אָבער זאַלץ, וואָס קען דאָ זיין גוט?

און אויב אפילו עס איז טאַקע גוט, קען מען עס דאָך דערווייזן אין הויז אויך און פאַר אַ סך ביליקער?!

מען קען נעמען פאַר אַ ניקל זאַלץ און אַריינשיטן אין וואַנע און האָבן זאַלץ-וואַסער...

— איך וויל אייך זאָגן אָט וואָס: דער עיקר פון אַלע אַמעריקאַנער פּלעזשורס איז דאָס, וואָס מען איז צעלאָזן און מען האָט דאָ פיינט דאָס הויז... אַן אייגענע היים איז דאָ טריף, ווי חזיר... מען זוכט רק תירוצים צו אַנטלויפן... צום ים, צו די בערג, צום טייוול, אַבי מען לויפט! מען לאָזט איבער הייזער, פּאַלאצן, מיט כּל טוב, און מען גייט זיך וואַלגערן אינדערפרעמד אין ענגשאַפט. וואָס איז, מען קען נישט איינזיצן אין הויז...

אין דער אייגענער דירה שלאָפט מען ביי צוויי גרויסע פענסטער, און ביים ים דינגט מען אַ דירה, איין צימערל מיט אַ פערטל פענסטער — און ס'איז פּלעזשור...

אַמעריקע-גנב מיט אירע מנהגים, נישט געדאַכט זאָל זי ווערן!

## טענה נומער 99.

### אַ סקאַנדאַל!

זיצט אַ ייד אויף דער וועראַנדע פון אַ זומערהאָטעל, און קלאָגט זיך פאַר מיר אויף אַמעריקע. אַמעריקע, זאָגט ער, טויג נישט. ערגער ווי סדום. די קאַנטרי איז גאָר אַן אומגליק. עס איז אַזוי פול מיט זינד, אַז ער ווייסט נישט, ווי זי האַלט גאָר אויס.

— וויאַזוי? — שטעל איך אָן אַ געזיכט פון אַ תּם.

— וויאַזוי? — מאַכט דער ייד. — איר פרעגט וויאַזוי? מען דאַרף דען פרעגן? איר האָט דען קיין אויגן נישט? עס איז דאָך שרעקלעך!

— מיט וואָס? — וואונדער איך זיך.

— הערט אַ מעשה, — מאַכט דער ייד. — איר זאָגט, אַז מען קומט אַהער אין קאַנטרי צוליב רו, מען דאַרף זיך אויסרוען. רעכט, זאָל זיין אויסרוען. אַ מענטש דאַרף זיך אויסרוען, אמת. אָבער די פראַגע איז: פאַרוואָס זשע רוט איר נישט? ביין! רוען איז דאָ נישט מער ווי אַ תּירוץ. באמת קומט מען אַהער אומצוּלויפן, שפרינגען, הוליען און זינדיקן. איר האָט שוין געזען, אַז עמעצער זאָל דאָ רוען? חוץ מיר, וועלכן מען האַלט טאָקע פאַר אַן אַלטן מאַן. דאָ סמאַליעט מען אַ וועלט. עס ברענט דאָך ממש דאָ דער גיהנום... מען טוט זיך אָן אין מאַנסבילישע הויזן, אַזוי, אַז עס איז נישטאָ קיין חילוק צווישן זכר און נקבה, און די כוונה איז אויסצומישן זיך. פּע! פּע!

— אָבער, — מאַך איך, — וואָס איז דאָ אַמעריקע שולדיק?

— ווער זשע איז שולדיק, — מאַכט דער ייד כמעט מיט כעס, — איך? — אַוודאי אַמעריקע! אינדערהיים קען אַזאַ זאַך נישט פּאַסירן... אינדערהיים פאָרן אַזעלכע מענטשן נישט אין קאַנטרי... סיידן מען איז אויף אַן אמת קראַנק. אָבער דאָ, פאָרט אויך אַ זשוק און אַ זשאַבע... אין קאַנטרי מוז מען פאָרן, און מען מוז, ווייל מען וויל לעבן אַ טאָג! דערהויפּט די ווייבער... איך זאָג אייך, עס איז אַ סקאַנדאַל: די מענער זיצן אין שטאָט און האָרעווען שווער און זיי, די ווייבער, פּאַשן זיך דאָ פעטע לייבער און ווייסן נישט וואָס צו טאָן פון ליידיק אַרומגיין! איר הערט, ווען עס ווענדט זיך אָן מיר, פאַרמאַך איך די קאַנטרי פאַר געזונטע, אויס קאַנטרי! ביזט קראַנק, — פאָר אין קאַנטרי! אָבער געזונטערהייט, גלאַט אַזוי אַוועקפאָרן און זיך זעצן פרעסן און זינדיקן, — דאָס איז אַ פאַרברעכן!

איך האָב געשוויגן און דער ייד איז אויך אַנטשוויגן געוואָרן, האָט געקוקט אַ ווײַלע אויף די בערג און זיך ווידער אָנגערופן:

— איך זאָג אייך, עס איז אַ סקאַנדאַל! אָט נעמט אַזאַ זאַך: מילא, זאָג איך, מען פאָרט שוין אין קאַנטרי, אַלרייט, גוט... אַ

חטא, אַן אויסבראָכענגעריי, אָבער עס איז דאָ אַ תּירוץ: געזונט, שמונט! אַלרייט! אָבער איך פרעג אייך: אויב איר זענט געקומען אַהער צוליבן געזונט, טאָ זיצט און קלייבט געזונט, — וואָס אָבער, פרעג איך אייך, זיצט איר נישט איין?... וואָס רופעט אייך אַזוי? און נישט נאָר לויפט מען אום אויף די בערג, אין די וועלדער, נאָר מען פאָרט נאָך אַרום אויף אויטאָמאָבילן. סטייטש, איר זענט דאָך געקומען אַהער?... טאָ צו וואָס זיצט איר נישט? צו וואָס לויפט איר אַרום און זוכט? איז אָבער דער תּירוץ: דאָס אויג איז גרויס. עס איז זיי ווינציק עבירות דאָ, זוכט מען נאָך ערגעץ אַנדערש... אפשר זענען ערגעץ אַנדערש פאַראַן בעסערע עבירהלעך... עס איז ווינציק עבירות אויפן פאָרטש*), אויפן גראָז, מען דאַרף נאָך אויך האָבן אין מאַשין! ווייל צו וואָס פאָרט מען אין מאַשין און מען שטעלט איין דאָס לעבן? כּדי מען זאָל קענען זיצן ביי אַ מאַנס-ביל אויפן שויס, אָדער פאַרקערט...

— איך זאָג אייך, אַז עס טויג נישט, ווייל די וועלט מוז דורכדעם סוף כּל סוף חרוב ווערן, ווייל זינד צו זינד איז נישט גלייך. מילא, אַ מיידל מיט אַ בחור אַז זיי זינדיקן, איז עס נאָך צו דערליידן, זיי קענען נאָך די זינד פאַרריכטן: נעמט מען און מען האָט חתונה! אָבער פאַרהייראַטע — דאָס איז דאָך אַ שרעק! און אין קאַנטרי בייט מען זיך ממש מיט ווייבער... דו זינדיק מיט מיינער און איך מיט דיינער!... און דאָס איז אַ שרעק! און די הויפּט-צרות מאַכן אָן די ווייבער, וואָס זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זייערע מענער. דאָס איז גאָר אַ נייע אָנשיקעניש! זיי איז גוט, ווי די וועלט... איר פאַרשטייט? מען האָט אַ מאַן און מען האָט אים נישט... מען האָט אים פאַר אַ טשעק און מען האָט אים נישט פאַר אַ מאַן... זיצט מען אין קאַנטרי און מען זינדיקט. און איר ווייסט נאָך אויף וועמענס רעכענונג? אויף דער רעכענונג פון זייערע קינדער, ווייל צאָלט זיי דער מאַן צוליב די קינדער... זיצן זיי אין קאַנטרי, הייסט עס, און זינדיקן אויך אויפן חשבון פון די קינדער... און די קינדער זענען טאַקע דערביי און קוקן צו... און אַ שיינע וועלט קען דערפון אַרויסקומען, האַ, ווי מיינט איר?

איך האָב געשוויגן, ווייל וואָס האָב איך געקענט דערויף ענט-פערן. אדרבה, זאָגט איר?

*) וועראַנדע.

## טענה נומער 100.

### אַ טענה אויף טענות

— איך האָב צו אייך אַ טענה. דערקלערט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס האָבן יידן אַזויפיל טענות צו אַמעריקע? וואָס האָבן זיי צו איר? נאָך פאַרנדיק אויפן שיף האָב איך שוין געהערט, ווי יידן ליגן פאַרחלשטע און שעלטן קאָלומבוסן... איז פרעג איך אייך: פונוואַנען האָבן זיי שוין דאַן געוואוסט, אַז קאָלומבוסן מוז מען שעלטן? איך פאַרשטיי עס נישט... וואָס, איר וועט מיר איינשמועסן, אַז אין אַמעריקע איז ערגער ווי אין יוראָפּ? כ׳זע עס נישט... איך גלויב, אַז ביי ניקאָלאַיקען, ימח שמו, האָבן יידן געלעבט אַ סך ערגער ווי ביי קאָלומבוסן, און דאָך האָט ניקאָלאַי נישט אַריינגעכאַפּט קיין העלפט קללות, ווי קאָלומבוס.

— כ׳פרעג אייך, וואָס געפעלט זיי נישט אַמעריקע? דאַכט זיך, פרנסה איז דאָ בעסער ווי אינדערהיים — מען פאַרדינט! אַלע האָבן באַנק-ביכלעך און וואוינען אין גוטע צימערן. מען עסט און מען טרינקט, און מען שטאָפּט זיך, ווי חזירים — און צום סוף האָט מען נאָך טענות... עס איז פשוט אַן עוולה פון אונזערע יידעלעך... און נישט שיין אויך... און נישט דאַנקבאַר אויך... ווייל, איר פאַרשטייט, אַמעריקע האָט אונז דאָ אַריינגענומען מיט כבוד גדול... איך רעד׳ פון אַמאָל... איצט אפשר וואַרפט מען זיך שוין מיט אונז, אָבער אַמאָל האָט מען זיך נישט געוואָרפן, און דאָ קומט איר און בור־טשעט און וואַרטשעט און שעלט!

— איך וויל אייך דערציילן אַ מעשה: איך האָב אַ לאַנדסמאַן, פון דערהיים, איז ער אַ לאַטוטניק, אַ שניידער, אַ פאַרטאַטש... קיין גוט שטיקל אַרבעט האָט מען אים נישט אָנגעטרויט. איז ער געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. חוץ וואָס ער איז געווען אַן אָרעמאַן אויך... געוואוינט האָט מען אין אַ הויז, איז עס געלעגן מער אין דר׳ערד, ווי אין דרויסן... שמוציק איז דאָרט געווען — אַ שרעק! איז אָט דער

לאַנדסמאַן מיינער איצט אין אַמעריקע. האָט איר איין באַדאַרפט אָנקוקן. ווער לאַטוטניק? וואָס לאַטוטניק? ער האָט אַן אייגן הויז פון צוויי גאָרן אין דער וועסט סייד! און ביי זיך אין הויז טאַקע האָט ער זיין שניידער-סטאָר, אַ רייכע סטאָר. און ער נייט „סוטס טו אָרדער*" און איז אַ ייד אַ גביר. און קומסטו אַריין צו אים אין הויז, איז עס אַן אמתער פאַלאַץ: מעבל ווי ביים גביר פון אונזער שטעטל. ציכטיק ווי ביים פריץ פון אונזער „הויף"... און פירן פירט מען זיך ווי גבירים. גיין גייט מען אַרויס מיט די קינדער ווי די שררות, און ווען מען זעצט זיך צום טיש, דערלאַנגט מען פון כל טוב — און דאָך שעלט אָט דער שניידערוק אַמעריקע!... אים געפעלט אויך נישט אַמעריקע!...

— איך בין ביי אים לעצטע וואָך געווען צוליב אַ לאַנדסמאַן. איינער אַ לאַנדסמאַן, אויך אַ שניידער, אַ גרינער, וויל אַ דזשאָב. איז ער געקומען צו מיר. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ביי יאָסל פעשע־גרונעס קען מען קריגן אַ דזשאָב פאַר אים. בין איך אַוועק אַהין... האָט מען ביי דעם שניידער געגרייט צום טיש — מכל טוב, זאָג איך. און אַ דינסט אפילו פאַרמאָגט ער, וואָס דערלאַנגט צום טיש... עס פעלט דאָרטן גאָרנישט, אויף אַלע יידן געזאָגט גע־וואָרן — און מיין שניידערוק האָט זיך אַוועקגעזעצט טרינקן טיי מיט וואַרעניע — און שעלטן קאָלומבוסן...

— זאָג איך צו אים: יאָסל, דו שעלסט אויך אַמעריקע? וואָס פעלט דיר דאָ?

זאָגט ער: — אינדערהיים איז פאָרט געווען בעסער!

זאָג איך: אינדערהיים איז דיר געווען בעסער?

זאָגט ער: איר פאַרשטייט, אינדערהיים איז טאַקע געווען ערגער, אָבער עס איז געווען בעסער, אָבער דאָ איז בעסער, — און עס איז ערגער...

פרעג איך אים: וואו ליגט די ערגערקייט?

זאָגט ער: אינדערהיים האָב איך אַליין געאַרבעט און בין גע־ווען צופרידן, און דאָ האָב איך טאָג און נאַכט אַן עסק מיט אַר־בעטער, און איר ווייסט גאָרנישט, זאָגט ער, וואָס קאָלומבוסעס שניי־דער זענען? זיי עסן אויף אַ מענטשן אַ לעבעדיקן!

---

*) רייכער טייל נו־יאָרק;

זאָג איך: אָבער אין לעצטן סך הכּל מאַכסטו דאָך פּאָרט דאָ אַ פיין לעבן?

זאָגט ער: יאָ, אַ פיין לעבן מאַך איך. איך האָב זיך נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן, אָבער עס טויג נישט... אַמעריקע טויג נישט! איך האָב אַן אייגן הויז, — און עס קאָסט מיר מער רענט, ווי אַ פרעמדס... איך אַרבעט אַליין נישט, — און דאָך בין איך דאָ פאַרנומען מער ווי אינדערהיים... אינדערהיים געהאַט צייט אַריבערכאַפּן זיך הערן אַ פּרק משניות. — און דאָ, — ווער? וואָס? אַלעמאָל פאַרהאָרוועט... אינדערהיים זענען מיינע קינדער געווען אַרבעטער, גוטע שניידער, און דאָ — אמתע באָמס!*). אַרבעטן אַרבעט מען נישט, נאָר מען ליגט אויפן טאַטנס קאַרק און מען שפּילט באָל... אַמעריקע טויג נישט...

זאָג איך: אָבער אין לעצטן סך-הכּל, יאָסל, ביזטו דאָך פּאָרט אַ ייד אַ גביר און האָסט געלט אין באַנק? זאָגט ער: צו וואָס טויג קאָלומבוסעס גבירות, אַז מען האָט קיין הנאה נישט? אַז דאָ איז נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן... אַז וואוינען וואוין איך אין אַ העק, הינטער דער שטאָט, און ווער קומט צו מיר און צו וועמען קום איך?

— אינדערהיים פלעג איך גיין אין שניידער-שטיבל דאַווענען, איז געווען אַ לעבן... מען האָט גערעדט פּאָליטיק, מען האָט זיך געקריגט וועגן עליות און גבאות, — און דאָ שמועס איך בלויז מיטן פּאָליסמאַן וועגן וועטער... איך רעד און ער קייט „גאָם"**) — און זאָגט: „יעס, נייס וועטער טו דעי"***).

— איז אָט האָט איר זיך. און איך פרעג אייך, וואו ליגט דאָ דער הונט באַגראָבן? פאַרוואָס קלאָגן זיך אַלע אויף אַמעריקע און מען שעלט קאָלומבוסן? איך פאַרשטיי עס נישט... איז עס, ווייל מען לעבט דאָ צו גוט? מען איז דאָ זאַט געוואָרן און מען זינדיקט, האַ?... און איר מיינט, מיין לאַנדסמאַן פון דער וועסט סייד איז אַ בן-יחיד, איינער? — עס זענען דאָ אַ סך!... אַלע, אַלע זענען אַזוי.

אָט אַזוי האָט פאַר מיר אַנומלט אַוועקגעלייגט אַ טענה מיינער אַ באַקאַנטער ייד.

---

*) אויסוואורפן; **) קיי-גומי; ***) אַ פיינער טאָג היינט.